יאטשקאווסקיס
„פאָפולער וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק"
בוך 4 №

ד"ר א. גינזבורג

# יידישע דענקער און פּאעטן

## אין מיטלאַלטער

באַנד II

וואַרשע — ניו־יאָרק 1929

Printed in Poland

# אינהאַלט פאַרצייכניס :

## די אידען אין צפון פראַנקרייך.

## קאפיטעל צעהן :



# די אידען אין איטאליען.

## קאפיטעל עלף :



## קאפיטעל צוועלף :



# די אידען אין דייטשלאנד.

## קאפיטעל דרייצעהן :

## קאפיטעל פיערצעהן:



## קאפיטעל פופצעהן:



# די אידען אין ענגלאנד.

## קאפיטעל זעכצעהן:



# די פאלעמישע ליטעראטור.

## קאפיטעל זיעבצעהן:



## קאפיטעל אכטצעהן:

# די אידען אין צפון פראַנקרייך.

---

## I.

די אידען אין פראנקרייך. ווען זיי האבען זיך דארטען בעזעצט און פון וואנען זיי זיינען אהין געקומען. זייער עקאנאמישע און פאליטישע לאגע. דער קולטורעלער מצב פון די מערב־אייראפעאישע פעלקער און ווי דאס האט זיך אפגערופען אויף די אידען. מיט וואס די אידען זיינען געשטאנען העכער פאר זייערע קריסטליכע שכנים. דער אנפאנג פון דעם תלמוד־שטודיום אין פראנקרייך. ר׳ קלונימוס און זיין זוהן, ר׳ משה פון לוקקא. נתן הבבלי און זיין תלמיד לעאנטין. רבינו גרשום „דער ליכט פון גלות״ און זיין ישיבה. דער גרויסער ערפאלג פון די פראנצויזיש־דייטשע אידען אויף דעם געביעט פון תלמוד. צווישען א רייהע פון גלענצענדע תלמודיסטען איז דער גלענצענדסטער—רש״י.

---

די געגויע צייט, ווען אידען האָבען זיך צום ערשטען אָנגעפאנגען צו בעזעטצען אין פראנקרייך אָדער, ווי מען האָט איהר דאמאָלס גערופען, גאליען, קען מען אויף זיכער ניט בעשטימען. עס איז כמעט אָהן שום ספק, אז א קלענערע אָדער גרעסערע אידישע בעפעלקערונג האָט זיך שוין דאָרטען געפונען נאָך אין דער צייט, ווען גאליען איז בלויז געווען א טהייל אָדער א קאָלאָניע פון דער גרויסער רוימישער אימפעריע, נאָך איידער די פראנקען זיינען דאָרטען געוואָרען די בעלי בתים. „אויב מיר גלויבען אין דעם רעכט פון דעם ערשטען איינזיעדלער״, בעמערקט מאַריס ליבער, א אידיש־פראנצויזישער שריפטשטעלער:

„דאָן זיינען דיא פראנצויזישע אידען מעהר פראנצויזיש ווי פיעלע פון דיא פראנצויזען גופא".

מען דארף ניט פערגעסען, אז דער אידישער גלות האָט זיך אָנגעפאנגען נאָך איידער די צושטערונג פון דעם טעמפעל און איידער די פאָלשטענדיגע פערניכטונג פון דער אידישער פּאָליטישער זעלבסטשטענדיגקייט. נאָך איידער די אידען זיינען מיט געוואלט ארויסגעריסען געוואָרען פון זייער היים און פערטריעבען געוואָרען פון זייער לאנד דורך די רוימער צוליעב פּאָליטישע אורזאכען, זיינען שוין פיעלע פון די אידען געצוואונגען געוואָרען צו פערלאָזען זייער פאטערלאנד און זוכען זייער גליק אין פרעמדע לענדער צוליעב עקאָנאָמישע אורזאכען. נאָך איידער עס איז געקומען דער פּאָליטישער גלות איז שוין געווען, אויב מען קען עס אזוי אָנרופען, אַן עקאָנאָמישער גלות. דאָס לאנד, ארץ ישראל, פארנעהמט, פערהעלטניסמעסיג, א גאנץ קליינעם שטח. און ווען די בעפעלקערונג איז פערגרעסערט געוואָרען דורך דער נאטירליכער פערמעהרונג, איז דאָס לאנד פשוט געוואָרען צו קליין. עס האָט ניט גענענט אויסהאלטען און שפּייזען די צוגעקומענע בעפעלקערונג, בפרט דאמאָלסט, ווען די אינדוסטריע איז בכלל געשטאנען אויף א ניעדעריגע מדרגה. אנדערע פעלקער אונטער אזעלכע אומשטענדען פלעגען זיך אריינרייסען ווי רויבער אין די בענאכבארטע לענדער, אויס'הרג'ענען אָדער פערקויפען אלס שקלאפען די ארטיגע בעפעלקערונג, און פערנעהמען זייערע לענדער. אויף אזא ארט זיינען אויסגעבויט געוואָרען די גרויסע מלוכות און אימפּעריען. אין א געוויסער צייט פון זייער היסטאָריע האָבען דאָס אויך געטהאָן די אידען. אָבער אין דער צייט פון וועלכער דאָ ווערט גערעדט, האָבען שוין די אידען לאנג אויפגעהערט צו זיין א מיליטעריש פאָלק. זייער מיליטאריסטישע קאריערע האָט זיך שוין לאנג צוריק געענדיגט. צו קליין און צו שוואך, און אפשר אויך צו ווייניג ברוטאל, האָט דאָס אידישע פאָלק שוין אָנגעפאנגען צו פריידיגען רעכט אנשטאדט מאכט, מענשען-ליעבע

אַנשטאַדט ב ר ו ד ע ר ־ מ אָ ר ד. וועגען פערכאַפּען פרעמדע לענדער האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין, ווייל זיין אייגען לאַנד איז שוין מעהר ניט געווען זיינס, זיין אייגען־לאַנד איז געלעגען אונטער די אייזערנע נעגעל פון רוימישען אדלער. און דער רוימישער ערָאָבערער האָט ניט געשאָנעוועט זיינע קרבנות : ער האָט פון דעם אָרעמען לאַנד א ר ץ י ש ר א ל די לעצטע ביסעל זאַפט אויסגעזויגט דורך די שווערע שטייערען, אזוי אז די לאַגע פון דער בעפעלקערונג איז דורך דעם געוואָרען נאָך ערגער. די אידען זיינען אלזאָ געצוואונגען געוואָרען צוליעב דעם עקאָנאָמישען דרוק צו פערלאָזען זייער לאַנד, און שוין אין דעם ערשטען יאָהר־הונדערט פון דער קריסטליכער צייט־רעכנונג געפינען מיר אידישע קהלות אין פיעלע טהיילען פון דער רוימישער אימפּעריע, ג א ל י ע ן ניט אויסגעשלאָסען.

די געשיכטע פון די אידען אין ג א ל י ע ן אין די ערשט יאהרהונדערטע איז אונז ווייניג בעקאַנט. עס איז אָבער אָנצונעהמען, אז זייער עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לאַגע איז ניט געווען שלעכט. די ערשטע פיער יאָהרהונדערטע האָט דאָס קריסטענטהום נאָך אליין געדאַרפט קעמפּפען פאַר זיין עקזיסטענץ, איז נאָך ניט געווען אָנערקענט אלס די הערשענדע רעליגיאָן, און האָט נאָך ניט געהאַט קיין צייט, קיין געלעגענהייט און קיין מעגליכקייט צו פערפאָלגען אנדערע אמונות. דיא אידען זיינען דאַמאָלסט געווען פערעכענט פאַר גלייך־בערעכטיגטע מענשען, און האָבען זיך פונקט ווי די איבעריגע בעפעלקערונג געקענט אָפּגעבען מיט אירגענד וועלכער בעשעפטיגונג זיי האָבען געוואָלט. זייערע בעציהונגען מיט זייערע שכנים זיינען געווען גאַנץ פריינדליכע. די דאָזיגע פריינדליכע בעציהונגען זיינען ניט איבערגעריסען געוואָרען אפילו שפּעטער, אין די ערשטע יאָהרהונדערטע פון דער קריסטליכער הערשאַפט. נאָך אין אכטען, ניינטען און צעהנטען יאָהרהונדערט האָבען די אידען אין פראַנקרייך געלעבט א מעהר אָדער ווייניגער רוהיגען לעבען. עס איז זיי נאָך דאַמאָלסט געווען ערלויבט זיך צו בעשעפטיגען א חוץ מיט

האנדעל און וואוכער אויך מיט ערד־ארבייט און אלערליי מלאכות. די אידישע בעלי מלאכות זיינען נאך ניט אויסגע־שלאסען געווארען פון די גילדען. נאך אפילו אין ר ש י׳ס צייטען, אין עלפטען יאהרהונדערט, האבען זיך געפונען אידען אין פראנקרייך וואס האבען זיך בעשעפטיגט מיט ערד אר־בייט. ר ש י אליין האט געצויגען זיין חיותה פון וויין־פלאנצונג. אין איינעם פון זיינע תשובות ענטשולדיגט ער זיך, ווארום ער שרייבט אזוי קורץ, ווייל ער און די פאמיליע איז בעשעפטיגט ביין וויין־גארטען („ר ש י“, מ א ר ר י ס ליבער).

וועגען דעם קולטורעלען לעבען און דעם גייסטיגען צו־שטאנד פון די ג א ל י ש ע אידען אין די ערשטע יאהר־הונדערטע וויסען מיר גאר ניט. מעגליך, אז זיי האבען גע־האט צווישען זיך געלעהרטע, מעגליך אז זיי האבען פער־מאגט א ליטעראטור, אבער קיין שפור דערפון איז ניט גע־בליעבען. מעהר אדער וועניגער זיכער איז, אז די ג א ל י־ש ע אידען זיינען אהין געקומען פון א י ט א ל י ע ן, און אז די לעצטע, די איטאליענישע אידען, זיינען געקומען פון ארץ ישראל. דערפון האט זיך עס געגומען, וואס די איטאליע־נישע אידען, און צוליעב זיי אויך די פראנצויזישע אידען, האבען זיך אין די ערשטע יאהרהונדערטע פון זייער היסטא־ריע געהאלטען אן די מנהגים און אן די זיטען פון די ארץ־ישראלדיגע אידען. אונטער דעם איינפלוס פון די „גאונים“ פון ב ב ל און די באבילאנישע מנהגים און לעהרען זיינען זיי געקומען ערשט שפעטער (זעה דור, דור ודורשיו חלק ד׳).

די צייט צווישען דעם פיערטען און אכטען יאהרהונ־דערט איז אין קולטורעלען זינן געוועזן די ערגסטע פאר די פעלקער פון מעריב אייראפא. דאס קריסטענטהום האט זיך ווי א געדיכטע כמארע פערשפרייט איבער די שעהנע הימלען פון איטאליען, פראנקרייך און אויך דייטשלאנד. די פעלקער זיינען ווי פערזונקען געווארען אין פינסטערנים, אין טיעפען אבערגלויבען און אונוויסענהייט. די קירכע האט אונערבא־רעמליך פערניכטעט און צושטערט אלץ וואס איז איהר גע־

שטאנען אין ווע״ג. די פילאזאפיע, וויסענשאפט און קונסט פון דער אלטער וועלט זיינען ערקלערט געווארען פאר טריפה און שעדליך. די רעליגיעזע פארשטעהער האבען לאנגזאם אבער זיכער געשמידט די שווערע קייטען פאר דעם מענשליכען שכל און זיין פרייען פארשען. די מענשען זיינען מיט געוואלט אריינגעטריעבען געווארען אין די דערשטיקענדע ענגשאפט פון די גלחישע צערעמאניען און זייערע מיסטעריען. אונוויסענהייט איז דערהויבען געווארען צו דער מדרגה פון א טוגענד, און מענשען האבען דערמיט שטאלצירט. עס איז געוועזען זעלטען צו געפינען איינעם, וואס זאל קענען אונטערשרייבען זיין נאמען ניט בלויז צווישען דעם פראסטען עולם און די אריסטאקראטיע, נאר אפילו אויך צווישען די העכסטע גייסטליכע, ווי די בישאפען. ווענען שוהלען און שטודירען, ווענען אפגעבען זיך מיט פילאזאפישע און וויסענשאפטליכע פראגען האט גאר קיין רייד ניט געקענט זיין.

די גאנצע ערציהונג און „בילדונג“ פון יענער צייט איז געוועזי א רעליגיעזע. אבער אפילו אויך די דאזיגע בילדונג איז געווען בלויז פאר די גייסטליכע. דער גרויסער המון איז דערפון אין גאנצען געוועזי אויסגעשלאסען. דער המון האט אפילו די ביבעל ניט געטארט לייענען: די קירכע האט אין דעם געזעהן א געפאהר פאר איהר עקזיסטענץ. עס איז אבער כדאי צו בעמערקען, אז אפילו צווישען די גייסטליכע האבען זיך געפונען גאנץ ווייניגע, וואס האבען געקענט לייענען און פערשטעהן זייערע אייגענע „הייליגע שריפטען“.

עס פערשטעהט זיך, אז דער אלגעמיינער ניעדריגער צושטאנד פון דער קולטור האט זיך אויך געמוזט אפרופען ניט צום גוטען אויף דעם קולטורעלען צושטאנד פון די דארטיגע אידען. עס איז אן אלטער כלל, אז „ווי עס קריסטעלט זיך אזוי אידעלט זיך“. די גאנצע ארומיגע אטמאספערע איז געווען אזא, אז עס איז געווען אונמעגליך, דאס ביי די אידען זאל זיך ענטוויקלען א פילאזאפיע און א וויסענשאפט. אין דעם מ א ה א מ ע ד א נ י ש ע ן שפאניען און אין מאנכע אנדערע מאהאמעדאנישע לענדער, וואו די פילאזאפיע, די

וויסענשאַפטען און די פּאָעזיע האָבען פערנומען דעם „מזרח"־וואנט, האָבען אויך די אידען ארויסגעצייגט געוואלדיגע פעהיגקייטען אויף די דאָזיגע געביטען. זיי האָבען נאָך אריבערגעשטייגט זייערע שכנים און האָבען אין א פערהעלטניס־מעסיג קורצער צייט פון זיך ארויסגעגעבען א רייהע פון גלענצענדע דיינקער, וויסענשאַפטס־לייטע און פּאָעטען. אין דער קריסטליכער מערב־אייראָפּא, וואו די דאָזיגע זאכען זיינען געווען אסור, זיינען אויך די אידען געבליעבען ווייט דערפון. די איינציגע אויסנאַהמע זיינען געווען די אידען פון דרום־פראנקרייך, וועלכע זיינען געקומען אין נאָהענטער בעריהרונג מיט זייערע ברידער פון שפּאַניען און זיינען פון די לעצטע בעאיינפלוסט געוואָרען, אָבער דאָס איז פארגעקומען אין א שפּעטערע צייט ווי די פון וועלכע דאָ ווערט גערעדט.

אָבער כאָטש דער קולטורעלער מצב פון די אידען איז בשום אופן ניט געווען קיין גלענצענדער, זיינען די אידען דאָך געשטאנען אונפערגלייכבאר העכער אין קולטורעלען זינן, ווי זייערע קריסטליכע שכנים. עס איז אמת, אויך ביי די אידען פון יענע לענדער איז דאמאָלסט די איינציגע בילדונג געווען א רעליגיעזע, דער איינציגער שטודיום געווען די תורה, און בנוגע אלגעמיינע, וועלטליכע, בילדונג האָבען די אידען פונקט אזוי ווייניג געוואוסט ווי די קריסטען. אָבער צווישען די אידען און די קריסטען איז געווען איין גרויסער, וויכטיגער חלוק. ווערענד ביי די קריסטען איז געווען זעלטען צו טרעפען אפילו צווישען די גייסטליכע איינעם, וואָס זאָל קענען לייענען און פערשטעהן זייערע הייליגע שריפטען, איז ביי די אידען געווען זעלטען צו געפינען איינעם, אפילו צווישען דעם פּראָסטען חמון, וואָס זאָל ניט קענען לייענען די תורה. ווערענד די קריסטליכע בעפעלקערונג האָט נאָך ניט געהאַט קיין אהנונג פון פאלקס־שולען און פון אלגעמיינע, געצוואונגענע, בילדונג, האָט שוין ביי די אידען פון לאנג צוריק עקזיסטירט אזא מין אינסטיטוציע, — דער אידישער חדר. דער אידישער פאָטער האָט געהאַט אויף זיך א פליכט, א חיוב, אדער אליין צו לערנען זיין קינד די תורה אדער צו דינ־

גען פאר איהם א רבין. דאס איז געווען איינע פון די וויכטיג־סטע, אויב ניט די וויכטיגסטע פערפליכטונג פון דעם אידי־שען פאטער צו זיין קינד. דאס איז ניט געווען בלויז א מנהג, נאר טאקע א דין, א וויכטיגער ר ע ל י ג י ע ז ע ר חיוב. די קהלה האט געמעגט דעם פאטער צווינגען, און מען האט טאקע גאנץ אפט איהם געצוואונגען, אז ער זאל זיין קינד לערנען. דאס לערנען פון די קינדער איז בעטראכט געווארען אלס אזוי וויכטיג, אז „די גאנצע וועלט שטעהט אויף דעם זכות פון די „תנוקות של בית רבן", אויף דעם זכות פון די קליינע קינדער וואס לערנען. מיט דער צייט איז דער וואונש צו זעהן זיין קינד „געלערענט" געווארען ביים אידישען פאטער א מין צווייטע נאטור. און ווען מיר זעהען נאך היינטיגען טאג, ווי ארעמע אידישע עלטערען זיינען זיך פשוט מוסר נפש אום צו געבען זייערע קינדער אן אנשטענדיגע בילדונג און זיי לאזען געהן אין די אוניווערזיטעטען איז עס פיעלייכט דער רעזול־טאט פון יענע דורות־לאנגע אנשטריינגונג, וואס דער אידי־שער פאטער האט געמאכט צו זעהן זיין קינד „געלערענט".

די דאזיגע אלגעמיינע, געצוואונגענע בילדונג האט גע־האט צוויי וויכטיגע פאלגען. פון איין זייט האט עס געפיהרט דערצו, וואס ביי אידען זיינען כמעט ניט געווען קיינע אנא־פאלבעטען. יעדער איד האט וועניגסטענס געקענט „אריינ־קוקען" אין א ספר. דער פראסטער מענש אין סידור און אין תהילים, דער למדן אין דער גמרא. פון דער צווייטער זייט האט עס ניט דערלאזען, אז ביי אידען זאל זיך בילדען א פריסטער־קלאססע. די תורה איז געווען אפען פאר אלעמען און יעדער איינער האט ניט בלויז געמעגט און געדארפט, נאר טאקע איהר ג ע מ ו ז ט לערנען. דער לערנען פון דער תורה איז געווען א חיוב פאר אלעמען. דער אידישער רב איז ניט קיין פריעסטער, ער איז ניט קיין פערמיטלער צווישען דעם אידען און זיין גאט. דער איד דארף ניט קיין פערמיטלער, ער דארף ניט קיין פריעסטער: ער איז אליין זיין אייגענער פריעסטער. דער רב איז ניט קיין גרעסערער יחסן פאר דעם גיט־רב: דער לעצטער קען פונקט ווי דער ערשטער געפי־

נען דעם דין אין דער תורה, אויב ער איז גענוג למדן. ער איז ניט מחויב צו פרעגען שאלות ביין רב, ווען ער ווייס אליין דעם דין. דער אידישער רב איז בלויז א פאך־מענש, ער איז א ספּעציאַליסט אויף פסקענען שאלות. מען געהט צום רב פרע־גען א שאלה פונקט וויא מען געהט צום אדוואָקאט פרעגען דעם געזעטץ, פונקט וויא מען געהט צום דאָקטאָר זיך תאל־טען אן עצה וועגען דעם געזונד.

אין דעם אכטען יאָהרהונדערט האָט זיך דער קולטורע־לער מצב פון די מעריב־איראָפּעאישע פעלקער עטוואָס דער־הויבען צו פארדאנקען קאַרל דעם גרויסען. דער בויער פון דער „הייליגער רוימישער" אימפּעריע. ער האָט געזוכט, אויף ווי ווייט דאָס איז דאָן געווען מעגליך און אויף ווי ווייט ער האָט אליין פערשטאַנען, צו פערשפּרייטען צווישען זיינע אונ־טערטהאַנען מעהר וויסען. ווי עס ווייזט אויס האָט ער אויך ניט פערגעסען אָן די אידען, וואָס האָבען זיך אויפגעהאלטען אין זיינע לענדער. לויט ווי עס ווערט בעריכטעט אין אידישע קוועלען האט ער אין יאָהר 787 אריבערגעבראַכט פון איטאַליען צוויי אידישע געלעהרטע: ר׳ קלונימוס און זיין זוהן ר׳ משה פון לוקקא. די דאָזיגע צוויי גע־לעהרטע זאָלען זיך האָבען בעזעצט אין מאַינץ, וואו זיי האָבען געעפענט העכערע אידישע שוהלען, ישיבות, פאָר דעם שטודיום פון דעם תלמוד. די תלמידים פון די דאָזיגע ישיבות זאָלען זיך שפּעטער האבען פערשפּרייט אין די דייט־שע רהיינישע פּראָווינצען, אין „לותיר" (לאָטהערינ־גען) און אין די פערשיעדענע שטעדט פון פראנקרייך גופא. זיי, די דאָזינע צוויי געלעהרטע, זאָלען עס האָבען געלייגט דעם פונדאמענט פאר דעם שטודיום פון תלמוד אין פראנק־רייך און אין דייטשלאַנד, וואָס איז שפּעטער אויסגעוואקסען אין א געוואלדיגען בנין.

עס איז שווער צו זאָגען וויפיעל היסטאָרישען אמת דער דאָזיגער בעריכט ענטהאַלט אין זיך. איין זאך איז אָבער זי־כער. און דאס איז, אז אין יענער צייט זיינען שוין די אידען פון מעריב־איראָפּא געווען בעקאַנט מיט דעם באבילאנישען

תלמוד און מיט דיא לעהרען פון די גאונים. עס איז פאראנגען א טראדיציע, אז אין א קנאפען יאהרהונדערט שפעטער, אין 865, האט נטרונאי גאון בעזוכט פראנקרייך.

א נייען און מעכטיגען שטויס פארווערטס האט דער שטודיום פון תלמוד געקראגען אין פראנקרייך, ווען עס איז אהין אנגעקומען ר' נתן הבבלי. ער איז געווען איינער פון די פיער יונגע געלעהרטע, וואס די ישיבה פון סורא האט אין לעצטען העלפט פון צעהנטען יאהר־הונדערט, ארויסגעשיקט אלס משולחים צו קלייבען שטיצע און וועלכע זיינען געפאנגען געווארען פון א מאהאמעדאנישען אדמיראל און פערקויפט געווארען אלס שקלאפין אין פערשידענע געגענדען. ר' נתן בר יצחק הבבלי איז אנגעקומען קיין נארבאנא, וואו ער איז געווארען ראש־ישיבה.

זיין וויכטיגסטער תלמיד איז געווען ר' יהודה בר מאיר, וועלכער איז מעהר בעקאנט אונטער דעם נאמען ליאָנטין. ער איז געווען בעריהמט אלס גרויסער תלמודיסט און צו זיין ישיבה זיינען געקומען תלמידים פון נאהענטע און וייטען. לויט ווי מאנכע היסטאריקער בעהויפטען איז דער בעריהמטער רבינו גרשום "דער ליכט פון גלות" געווען זיינער א תלמיד.

צוליעב אורזאכען, וואס זיינען ניט בעקאנט האט רבינו גרשום, וועלכער איז געבארען געווארען אין פראנקרייך אויסגעוואנדערט קיין מאינץ, וואו ער האט געעפענט א גרויסע ישיבה, וועלכע האט זיך געקענט פערגלייכען אין איהר בעדייטונג און וויכטיגקייט מיט די גרויסע ישיבות פון בבל. פון דיזער ישיבה זיינען אין פערלויף פון א פאר צעהנדליג יאהר ארויסגעקומען א רייהע פון גלענצענדע תלמודיסטען, צווישען וועלכע עס האבען זיך געפונען ר' יהודה הכהן, ר' אליעזר הגדול, און פיעלע אנדערע.

אין דעם שטודיום פון דעם תלמוד האבען זיך די אידען פון דייטשלאנד און פראנקרייך בכלל פיעל מעהר אויסגעצייכענט וויא זייערע ברידער פון שפאניען. די אידען פון פראנק־

ריין און דייטשלאנד האָבען זייער גאנצע גייסטיגע ענערגיע
און זייערע אלע פעהיגקייטען אָנגעווענדעט אויף דעם תלמוד,
וועהרענד די אידען פון שפּאניען, וואָס האָבען געלעבט אין א
סביבה פון וועלטליכער בילדונג, האָבען געקענט אָפּגעבען
בלויז א טהייל פון זייער צייט אויף דעם. די קולטור, וואָס די
שפּאנישע אידען האָבען געשאפען איז געווען אידיש, אָבער
אויך וועלטליך; די קולטור פון די פראנצויזישע און די דייט־
שע אידען איז געווען א ריין תלמודישע. די אידען פון שפּאַ־
ניען האָבען זיך געהאט צו רעכענען מיט דעם מאהאמע־
דאניזם און די פילאָזאָפישע אונרוהיגקייט וואָס ער האָט
ארויסגערופען צווישען זיינע אָנהייננגער פון איין זייט, און
מיט דער בייזער קריטיק פון די קאראאימען פון דער אנדערער
זייט. דאָס האָט געפיהרט דערצו, וואָס זיי זיינען פון איין זייט
בעוועגט געוואָרען זיך אָפּצוגעבען מיט דער פילאָזאָפיע און
זיינען פון דער אנדערער זייט געצוואונגען געווארען זיך אָפּ־
צוגעבען מיט דעם שטודיום פון דער העברעאישער גראמאַ־
טיק און דער העברעאישער שפּראך, כדי זיך צו קענען בעשי־
צען סאי געגען די פילאָזאָפישע און סאי געגען די קאראאי־
מישע טענות. די פראנצויזיש־דייטשע אידען זיינען אין יענער
צייט געווען פריי דערפון; דאָס קריסטענטהום איז דאַ־
מאָלסט געווען טוידט־פערגליווערט, און פון דער געפאהר פון
די קאראאימען האָבען זיי אויך ניט געוואוסט. זיי האָבען זיך
דארום אונגעשטערט געקענט אָפּגעבען מיט דעם שטודיום
פון דעם תלמוד און דער ביבעל אָהנע זיך צו דארפען רעכענען
מיט די טענות פון מעגליכע געגנער. דאָס איז טאקע די אור־
זאכע, וואָס זיי האָבען געמאכט אזעלכע ריעזען פאָרטשריטע
אויף דעם דאָזיגען געביט אין א פערהעלטניסמעסיג קורצער
צייט. אין פערלויף פון איין קורצען יאָהרהונדערט, פון ענדע
צעהנטען ביז ענדע עלפטען, האָבען זיי ארויסגעגעבען פון זיך
א גרויסען צאָהל פון גרויסע תלמודיסטען, וועלכע זיינען נאָך
עד היום דיא לייכטענדע שטערען אויפ'ן תלמודישען הימעל.

צווישען די דאָזיגע אלע גרויסע שטערען פערנעהמט ר'
שלמה יצחקי, אדער ר ש"י, דעם מיטעל־פונקט.

## II.

## רש"י אין דער לעגענדע.

צו זאגען, אז ר ש" י איז ביי דעם אידישען פאלק דער בעליעבטעסטער און געפייערטעסטער פון אלע אידישע גדולים אין מיטעלאלטער איז נאך ווייניג. דאס וואלט ניט אויסדריקען אפילו א הונדערטען טהייל פון דעם כבוד און ליעבע, מען קען זאגען פון פערהיילינונג, וואס דאס גאנצע פאלק, פון זיינע קליינע ביז זיינע גרויסע, פון דעם פראסטעסטען וואסער־טרעגער ביז'ן גרעסטען גאון, פון דעם גאנץ פרומען ביז אפילו דעם פרייגעזאנענעם, האבען געפיהלט צו רש"י.

רש"י איז מעהר ווי בעליעבט און געפייערט. ער איז געווארען א לעגענדע, כמעט אזא לעגענדע ווי אליהו הנביא. רש"י, ווי אן אמת'ער גאון, האט אין זיך פערקערפערט דעם גאנצען געניוס פון דער אידישער פאלקס־נשמה. ער איז פאלקסטהימליך אין שעהנסטען און אין העכסטען זין פון ווארט. און דאס אידישע פאלק האט זיך אין איהם דערקענט; עס האט אין איהם זיך אליין דערזעהן אין אן אויסגעלייטערטען און אין אן אויסגעערעלטען געשטאלט. רש"י איז דורך און דורך אידיש, דער איד שבאיד, וואס ציהט זיין יניקה פון זיין אייגענעם שורש און דארף ניט שעפען פון פרעמדע קוואלען. ער איז אבער ניט דער וואכעדיגער איד; ער איז דער איד וואס ווארפט אראפ פון זיך זיינע

בגדי חול און פּוצט זיך אויס אין דער זיידענער שבת'דיגער זופּיצע, דער איד מיט די נשמה יתירה.

פיעלע לאנגע יאהרהונדערטע האָט רש"י בעגלייט דעם אידישען פאָלק אין אלע זיינע גלות־לענדער. וואו דאָס פאָלק האָט געוואָנדערט איז איהם רש"י נאָכגעגאנגען. ער האָט בעגלייט יעדען אידען בעזונדער כמעט פון זיין וויעגעלע ביז'ן קבר. דאָס אידישע קינד קוים האָט ער זיך נאָר אויס־געלערענט „פּרעפּלען" איז ער שוין בעקאַנט געוואָרען מיט רש"י'ן. „חומש מיט רשי". דאָס איז געווען זיין ערסטע גייסטיגע שפּייז; איז ער געוואָרען עלטער, האָט ער געלערענט „שוואַרבע" (עשרים וארבע) מיט רש"י, און איז ער געוואָרען נאָך עלטער און רייפער, איז געווען גמרא מיט רש"י. אָהן רש"י איז עס ניט געגאַנגען; אָהן רש"י האָט עס ניט געקענט זיין. עפּעס דאכט זיך, אז חומש אָהן רש"י וואָלט גאָר ניט געווען דער זעלבער חומש: זיי מוזען געהן צוזאמען.

עס זיינען געווען ביי אידען פיעלע אנדערע גאונים, אין מאנכע הינזיכטען גרעסער ווי רש"י, אָבער קיינער פון זיי האָט ניט אויסגעאיבט אזא טיעפען און דויערנדען איינ־פלוס, קיינער פון זיי האָט ניט געהאַט אזאַ געוואַלדיגע ווירקונג, וויא ער, ווייל קיינער פון זיי איז ניט געשטאַנען אזוי נאָהענט צום פאָלק און צו זיין נשמה ווי ער. דער רמב"ם איז אָהן צווייפעל געווען א גרויסער גאון, שוין ניט רעדענדיג אלס פילאָזאָף, אָבער דעם פאָלק, דעם גרויסען עולם, איז ער כמעט אין גאַנצען געבליבען פרעמד. פון מיליאָנען אידען געפינען זיך בלויז טויזענדע, וואָס האָבען געהערט פון רמב"ם און וואָס ווייסען פון זיינע לעהרען. זיין איינפלוס איז נאָר געווען אויף די לומדים און די משכילים. צווישען די זעלבע מיליאָנען אידען געפינט זיך כמעט קיין איינציגער ניט, וואָס האָט ניט געהערט פון רש"י'ן. מען קען זיין א גוטער איד, ווען מען האָט ניט געלערענט די „משנה תורה" און דעם „מורה נבוכים". עס דוכט זיך אָבער אז מען קען גאָר ניט זיין קיין רעכטער איד.

אפילו אין נאציאנאלען זין, ווען מען ווייס ניט פון רש"י, ווען מען האט לכל הפחות ניט געלערענט „חומש מיט רשי". א איד וואס האט זיך אויפגעהאדעוועט אויף חומש מיט רש"י, אויף „שווארבע" מיט רש"י, אויף גמרא מיט רש"י מוז זיין א איד אפילו ווען ער וויל עס ניט; ער בלייבט א איד אפילו ווען ער פערלייקענט עס.

און דאס אידישע פאלק האט פערשטאנען ווי אזוי צו בעצאהלען זיין ליעבלינג. ער האט ארום רשי"ס נאמען און ארום זיין לעבען אויסגעשפונען די שעהנסטע און וואונ־



רש"יים בית־המדרש.

דערבארסטע פאלקס־מעשה'לעך און לעגענדען. רש"י איז דער אידישער פאלקס־העלד, זיין לעגענדארער העלד.

און די לעגענדען פאנגען זיך אן נאך איידער רש"י איז געבארען געווארען.

זיין פאטער, ר' יצחק, דערצעהלט די לעגענדע, איז געוועזן א גרויסער צדיק, א גרויסער למדן, אבער אויך א גרויסער ארעמאן. ער האט געלעבט פרום און צופריעדען אין זיין דחקות. ער האט נור געהאט איין איינציגע זארג, וואס עס איז שוין באלד צעהן יאהר זינט ער איז פערהייראט און זיין פרוי האט נאך ניט געבוירען קיין קינד. ויהי היום, דערצעהלט ווייטער די לעגענדע, ווען דער דלות האט דער־

גרייכט די העכסטע שטופּע און איהם מיט זיין ווייב איז אויסגעקומען צו הונגערען האָט ר' יצחק געפונען א גרויסען דימענט, אזוי גרויס ווי א נוס. ר' יצחק האָט אוועקגעטראָ־דעם דימענט צום גאָלדשמיעד, וועלכער האָט איהם ערקלערט, אז ער איז ווערטה אן אוצר מיט גאָלד. וועגען א קונה איז זיך אויך ניטא וואָס צו זאָרגען. ער, דער גאָלדשמיעד, האָט א גוטען קונה. דער בישאָף זוכט שוין לאנג אזא דימענט. איין דימענט אזא האָט ער שוין, דער בישאָף, נאָר ער מוז האָבען נאָך איינעם, כדי ער זאָל קענען מאכען פון זיי א פּאָאָר אויגען פאר א הייליגען בילד. ווי ר' יצחק האָט דערהערט, אז פון זיין דימענט קען געמאכט ווערען אן אויג פאר א „געטץ", איז ער ארויס פון גאָלדשמיעד און האָט אריינגעוואָרפען דעם דימענט אין ים. איז ארויס א „בת־קול" און האָט אויסגערופען: „דערפאר וואָס דו האָסט געהייליגט גאָט'ס נאָמען, וועט ביי דיר געבוירען ווערען א זוהן, וואָס וועט שיינען מעהר ווי אלע דימענטען, און וועט בעלייכטען די אויגען פון דעם אידישען פאָלק פון איין ברעג וועלט ביז דעם אנדערען". אין דעם זעלבען יאָהר איז געבוירען געוואָרען רש"י.

ווען זיין מוטער האָט מיט איהם געשוואַנגערט דער־צעהלט אן אנדער לעגענדע, האָבען רש"י'ס עלטערן געוואוינט אין וואָרמס. איינמאָל, ווען זי איז געגאנגען אויפ'ן מארק איינצוקויפען, וואָס זי האָט געדאַרפט פאר'ן הויז, איז איהר אויסגעקומען דורכצוגעהן איינע פון די שמאָלע געסלעך אין וואָרמס. גראדע דאמאָלס זיינען דאָרטען צוויי פוהרען דורכגעפאהרען אין געגענגעזעצטע ריכטונגען. פאר דער שוואַנגערער פרוי איז ניט געבליבען קיין פּלאַץ. זי האָט זיך אַנגעשפּאַרט אן א וואַנט, כדי די פוהרען זאָלען קענען דורכפאָהרען. האָט גאָט געטהאָן א נס און די וואַנט האָט זיך אויסגעבויגען פונקט אויף דעם פּלאַץ, וואו זיא איז געשטאַנען. זי איז אויף אזא אופן גערעטעט געוואָרען פון א זיכערען טויט. קריסטען ווי אידען זיינען זיך צוזאמענ־געלאָפען זעהען דעם וואונדער. אבער ר' יצחק האָט

בעשלאָסען צו פערלאָזען וואָרמס, ווייל ער האָט מורא געהאַט אַז מען זאָל זיין פרוי ניט בעשולדיגען אין כשוף־מאַכעריי. ער האָט זיך דאַן בעזעצט אין טרוא (טרויש), פראַנקרייך, וואו רש"י איז געבאָרען געוואָרען. די אידען פון וואָרמס האָבען נאָך ביז מיט אַ קורצע צייט צוריק ליעב געהאַט אַנצוצייגען די אויסגעבויגענע וואַנט אויף וועלכער רש"י'ס מוטער זאָל זיך האָבען אָנגעשפּאַרט, ווען זי האָט מיט איהם געשוואַנגערט.

רש"י'ס אויסערגעוועהנליכע פעהיגקייטען האָבען זיך ארויסגעצייגט, ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד. פון אַלע ארומיגע געגענדען זיינען מענשען געקומען אָנקוקען דעם וואונדער־קינד, וועלכער „האָט די גאַנצע וועלט איבערראַשט מיט זיין וואונדערבאַרען זכרון און מיט זיין טיעפען, שאַרפען שכל". די לעגענדע האָט איהם געמאַכט פאַר אַ גרויסען שפּראַך־קענער און פאַר אַ וויסענשאַפטס־מאַן. ער זאָל האָבען געקענט אַ חוץ העברעאיש, פראַנצויזיש און דייטש אויך לאַטייניש, גריעכיש, אַראַביש און פערזיש. ער זאָל אויך האָבען געקענט מאַטהעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, מעדיצין, קבלה און ער האָט אפילו געוואוסט ווי אויסצורעדען דעם „שם המפורש".

די לעגענדע האָט רש"י'ן אויף אַ מינוט ניט אָבגעלאָזען. זיין געבורט, זיין קינדהייט, זיין יוגענד, זיין פערהייראַטער לעבען, זיין עלטער און זיין טויט זיינען איינגעוויקעלט אין לעגענדען. מעהר ווי איין שטאָדט האָט זיך געגרויסט מיט דעם יחוס צו זיין רש"י'ס געבורט־שטאָדט, צו זיין די שטאָדט וואו ער האָט חתונה געהאַט, וואו ער איז געווען רב און וואו ער איז געשטאָרבען. „עס האָט מיט איהם פּאַסירט, זאָגט מיט דעם גרויסען גריעכישען פּאָעט האָמער, צוליעב וועמען זיעבען שטעדט האָבען זיך ארומגעקריגט פאַר דעם כבוד, אַז ער איז דאָרטען געבוירען געוואָרען". וואָרמס, טרוא און לונעל זיינען אָנגעגעבען געוואָרען אַלס רש"י'ס געבורטס־שטאָדט. אפילו זיין נאָמען איז פערביטען געוואָרען און אנשטאָט ר' שלמה יצחקי האָבען איהם

אנדערע גערופען ר׳ שלמה ירחי. ערשט אין לעצטען יאהרהונדערט איז געלונגען דעם געלעהרטען צונץ צו געבען אַ קלאָרע ביאָגראַפיע פון רש״י.

רש״י האָט ניט געהאַט קיין זיהן. ער האָט בלויז געהאַט דריי טעכטער, אָבער די לעגענדע האָט ניט גערוהט און האָט געטהאָן איהר בעסטעס זיי צו בעשרייבען אלס גרויסע געלעהרטע און תּלמודיסטען.



רש״יס שטוהל.

די לעגענדע האָט געמאַכט רש״י׳ן פאַר אַ גלות-אפּריכ-טער. ניט פאַר זיינע אייגענע זינד האָט ער אויף זיך גענומען די דאָזיגע תשובה.—רש״י קען ניט זיין זינדיג. רש״י האָט געוואוסט, אז זיין פאָטער האָט צוליעב איהם פערלאָרען אַ גרויסען דימענט און ער האָט מורא געהאַט, אז ער האָט דערפון געהאַט עגמת נפש. רש״י האָט ניט געקענט פער-טראָגען דעם געדאַנק, אז זיין פאָטער האָט זיך צוליעב איהם מצער געווען. צוליעב דעם מעגליכען צער, וואָס ער האָט

ניט־ווילענדיג פעראורזאכט זיין פאטער האט רש"י אויף זיך גענומען . עם צער פון גלות.

לאנגע, שווערע יאהרען האט רש"י אזוי ארומגעוואנדערט איבער דער וועלט, דערצעהלט די לעגענדע. ער איז געוועזן אין אטאליען, אין גריעכענלאנד, אין עגיפטען, אין ארץ ישראל און אין פערזיען. אויפ'ן וועג צוריק איז ער אויך דורכגעגאנגען גאנץ דייטשלאנד. זיין נאמען האט ער אין ערגעץ ניט אנגעגעבען. וואו ער איז געקומען איז ער ארומגעגאנגען אין די בתי מדרשים און די ישיבות, און האט איבעראל און פון אלעמען געלערענט תורה. די לעגענדע האט אפילו צונויפגעבראכט רשי'ן מיט'ן רמב"ם, זיי האבען ביידע גערעדט פון תורה און חכמה, כאטש דער לעצטער איז געבארען געווארען דרייסיג יאהר נאך רשי'ס טויט. די לעגענדע קימערט זיך ניט וועגען היסטארישע דאטען. פאר איהר איז ניטא קיין צייט און קיין פלאץ.

זייענדיג אין אריענט, ווערענד ער האט אבגעריכט גלות, דערצעהלט ווייטער די לעגענדע, האט רש"י זיך בעקענט מיט א קריסטליכען מאנאך. זיי פלעגען אפט ביידע דיסקוטירען און ארומרייסען זיך וועגען רעליגיעזע פראגען. דער מאנאך איז פלוצלינג קראנק געווארען אויף א געפעהרליכע קראנקהייט. רש"י איז פון מאנאך'ס בעט ניט אפגעטראטען די גאנצע צייט פון זיין קראנקהייט ביז ער איז פאלשטענדיג געזונד געווארען. רש"י האט איהם די גאנצע צייט בעהאנדעלט ווי א געטרייער, ליעבער ברודער. ביים געזעגענען זיך, האט דער מאנאך, וועלכער איז געוועזן א רייכער מאן, געוואלט שענקען רשי'ן א מתנה פאר זיין פריינדשאפט און גוטסקייט. רש"י האט זיך ענטזאגט: „דו קומסט מיר גארנשט", האט איהם רש"י געזאגט. „ס'איז אמת, אונזערע רעליגיאנען זיינען פערשיעדען, אבער מיר זיינען אלע גלייכע מענשען, און מיין רעליגיאן לערנט מיר צו העלפען יעדען מענשען, וואס איז אין נויט. איך בעט דיר נאר איין זאך. אויב דו וועסט אמאל אנטרעפען א אידען אין אן אונגליק, העלף איהם אזוי ווי איך האב דיר געהאלפען."

אויף זיין צוריקוועגס, דערצעהלט די זעלבע לעגענדע איז רש"י דורכגעפאָהרען פּ ר אָ ג. די אידישע בעפעלקערונג האָט זיך דערוואוסט פון זיין אָנקומען און די גאנצע שטאָדט, גרייז און קינד, איז איהם ארויסגעגאנגען אַנטקעגען מקבל פּנים זיין. מען האָט איהם אריינגעפיהרט אין שטאדט מיט'ן גרעסטען פּאראד. דאָס האָט פערדראָסען דעם „דוכוס" (פּרינץ) ו ו ר א ט י ס ל א ו ו, וועלכער איז געוועזן אַ שרעקליכער צורר היהודים. און ער האָט געהייסען רשי'ן ארעסטירען און איהם ברענגען צו זיך. צוזאמען מיט'ן פּרינץ האָט זיך דאָרטען אויך געפונען דער בישאָף פון אָ ל מ י ט ץ, וועלכער איז געוועזן ניט קיין אַנדערער ווי אונזער בעקאנטער מאָנאַד. דער בישאָף האָט רש"י'ן דערקענט, האָט דערצעהלט דעם פּרינץ די גאנצע מעשה און רש"י איז באלד בעפרייט געוואָרען. די קריסטליכע בעפעלקערונג, זעהענדיג אז מען האָט ארעסטירט דעם גרויסען אידישען רבי, האָט זיך דערווייל, ווי דער שטייגער איז, גענומען צו פּאגראָמעווען די אידען. צו פערדאנקען רשי'ן, וועלכער האָט זיך געווענדעט צום פּרינץ נאָך הילף פאר זיינע ברידער, איז דער פּאגראָם איינגעשטעלט געוואָרען. פון יעמאָלט אָן איז דער פּרינץ געוואָרען אַן אוהב־ישראל און האָט בעהאנדעלט די אידען זעהר גוט.

דערמיט ענדיגט זיך ניט די לעגענדע. זי האָט דערצו צוגעשפּונען אַ גאנצע ליעבעס־געשיכטע. די טאָכטער פון ראש־הקהל, וואו רש"י איז איינגעשטאַנען, רבקה, האָט זיך פערליעבט אין רשי'ן. זי איז אַטירליך געוועזן אַ גרויסע פּאַרשוין און נאָך אַ גרעסערע צדקניות. רש"י האָט איהר אויך ליעב בעקומען און זיי האָבען מיט דער צושטימונג פון איהרע עלטערן חתונה געהאט.

די מעשה פון רשי'ס צוזאמענטרעפען זיך מיט'ן מאָנאַד מעג זיך זיין אין גאנצען אַ אויסגעטראכטע, אבער די ווערטער, וואס די לעגענדע האָט אריינגעטהאָן אין זיין מויל: „אונזערע רעליגיאָנען זיינען פערשיעדען, אבער מיר זיינען אַלע גלייכע מענשען, און מיין רעליגיאָן לערענט מיר צו

העלפען יעדען מענשען", די דאזיגע ווערטער זיינען כאראק־טעריסטיש פאר רשי'ן. רש"י איז געווען איינער פון די עדעלסטע, גוטמוטהיגסטע און צארטעסטע מענשעןביים אידישען פאלק, א צווייטער הלל הזקן. זיין הארץ איז געווען גרויס און ברייט צו ליעבען אלע מענשען, אהן אונטערשיעד פון גלויבען אדער ראסע. ער האט ניט געוואוסט פון רעליגיעזען האס און פאנאטיזם. שנאה, קנאה און גאוה זיינען בכלל געווען אין גאנצען פרעמד זיין נאטור.

רש"י'ן איז אבער אויסגעקומען אויף זיינע עלטערע יאהרען זיך צו איבערצייגען, אז די מניעה איז ניט פון דער אידישער זייט, אז דער אנדערער צד, די „אנדערש־גלויביגע", די קריסטען, זיינען געווען הימעל־ווייט פון רשי'ס לעהרען, פון רשי'ס טאלעראנץ; אז זיי זיינען געווען זעהר ווייט פון מענשען־ליעבע און מענשען־פריינדשאפט. איהם איז אויס־געקומען דורכצולעבען, די ערשטע „קרייץ־ציגע" (מסע הצלב), ווען אידיש בלוט האט זיך געגאסען ווי וואסער, ווען טויזענדע און צעהנדליגע טויזענדע אידישע „קדושים" זיינען געפאלען אלס קרבנות צו דעם וואוטה און צווישעטען פאנאטיזם פון דער ווילדער באנדע, וואס איז כלומרשט געגאנגען בעפרייען דעם קבר פון דעם „ערלייזער"...

„מאנכע ליגענס שטארבען שווער. איינער פון די דאזיגע איז די לעגענדע, אז די קרייץ־פאהרער זיינען געווען אין גאנצען אינספירירט פון רעליגיעזער בעגייסטערונג.... א גרויסע כוואליע פון גלויבען, דערצעהלט מען אונז, האט איינגעשלונגען די מאסען און האט זיי מיט געוואלד געטראגען צו בעפרייען דעם הייליגען קבר. דער מעדאל דאט אן אנדער זייט—פאליטישע ציעלען און גראבער עגאאיזם אויפ־געפלאמט פון גלויבען און פערוואנדעלט אין באנדיטערייי. אהן צווייפעל, צווישען די קרייץ־פאהרער האבען זיך געפונען קריסטען וואס זיינען בעוועגט געווארען פון רעליגיעזער בעגייסטערונג. אבער וויפיעל זיינען אזעלכע געווען? שוין מיט רעדענדיג וועגען יענע, וואס האבען זיך אנגעשלאסען

צו די קרייץ־פאהרער, כדי זייערע פערברעכענס און זינד־ זאָל זיי פערגעבען ווערען; שוין ניט רעדענדיג וועגען די ריטער און די אוואנטוריסטען, ווענען עס האָט צוגעצוי־ גען דאָס אונבעוואוסטע און דאָס וואונדערליכע, — שוין ניט רעדענדיג וועגען זיי, איז די גרויסע מאסע געטריבען געוואָרען פון דעם לוסט נאָך רויב.

גוטמוטהיגע היסטאָריקער דריקען אויס זייער בעוואונ־ דערונג „אויף די הונדערטע טויזענדער מענשען, וואָס האָבען מיט זייערע אויגען געריכטעט צום הייליגען קבר, מפקיר געווען זייער לעבען כדי איהם צו בעפרייען". זיי דריקען אויס זייער רחמנות "אויף די דאָזיגע נאַאיווע, גלויביגע נשמות, וואָס זיינען געשטאָרבען אין מאסען אויפ'ן וועג קיין ירושלים, זיך וואָרפענדיג אויף דעם אונבעוואוסטען „איסלאַם". וואָלט ניט געווען אַ יושר, אז זיי זאָלען לאָזען אַ ביסעל פון זייער בעוואונדערונג און רחמנות פאר די אונגליקליכע קרבנות פון די דאָזיגע „נאַאיווע" מאססען? וואָלט ניט געווען אַ יושר, אז זיי זאָלען דערצעהלען, אז די דאָזיגע „רעליגיעזע בעגייסטערונג" איז געווען אַ געמישעכץ פון בלינדען האס און בלוטיגען פאַנאַטיזם? נאָך יעדען זיעג פון די קרייץ־פאהרער פלעגען זיי אויסשלאַכטען און מאסאַקרירען ניט בלויז די מאהאמעדאַנער, נאָר אויך זייערע אייגענע גלויבענס־גענאָסען, די קריסטען פון „אָריענט"! (רש"י, מאררים ליבער).

די „קרייצציגע" זיינען פערשריעבען מיט בלוט און טרערען אויף די בלעטער פון דער אידישער געשיכטע. צוליעב פּאָליטישע צוועקען און אינטריגעס, צוליעב דער לוסט נאָך מאכט און ערֹאָבערונגען, צוליעב דעם פערלאַנג צו בעהערשען דעם אָריענט, איז די גאַנצע „בעוועגונג" אויפ־ געשפּיעלט געוואָרען פון עטליכע פּאָליטיקאנטען, וואָס האָבען געדורשט נאָך אַ טהראָן און נאָך הערשאַפט. דאָס איז אבער איינגעוויקעלט געוואָרען אין אַ רעליגיעזען מאַנטעל, פערזיסט געוואָרען מיט אַלערליי שעהנע פראַזען און אידעאַ־ לען, כדי אויפצוהעצען דעם עולם און מאכען דערפון אַ

„הייליגען" קאמפף... דער שווינדעל איז געלונגען; דער עולם איז אויפגעהעצט געווארען, און ער האט אפשר עהרליך געמיינט, אז ער קעמפפט פאר אידעאלען. און קעמפפענדיג פאר „אידעאלען", איז ער באלד פערוואנדעלט געווארען אין א ווילד־געווארענע, צווישעטע באנדע פון רויבער, פרויען־שענדער און מערדער. די אידען, ווי עס איז געוועהנליך, האבען דערפון אם מעהרסטען געליטען.

די לעגענדע האט פעראייניגט רשי'ס נאמען מיט איינעם פון די וויכטיגסטע פיהרער פון די קרייץ־פאהרער, מיט גאטפריעד פון בולאן.

גאטפריעד פון בולאן האט געהערט פון רש"י און פון זיין גרויסע חכמה. ער האט זיך געוואלט מישב זיין מיט רשי'ן איידער ער האט אונטערגענומען זיין צוג. ער האט געשיקט נאך רשי'ן, וועלכער האט זיך אבער ענטזאגט צו קומען. אין דער בעגלייטונג פון זיינע ריטער איז גאט־פריעד צוגעקומען צו רשי'ס בית המדרש. די טהירען זיינען געווען אפען, אבער אינוועניג איז קיינער ניט געווען. רש"י האט זיך געמאכט פאר א „רואה ואינו נראה".

„וואו ביזטו, שלמה", האט גאטפריעד געפרעגט. „דא בין איך. וואס פערלאנגסטו מיין העדר" האט זיך געהערט רשי'ס שטימע. עטליכע מאל האט גאטפריעד געפרעגט די זעלבע פראגע און יעדעס מאל געקראגען דעם זעלבען ענטפער. ער האט שוין בעשלאסען אוועקצוגעהן, אבער דא האט ער דערזעהן רשי'ס א תלמיד. „זאג דיין רבי'ן אז ער האט זיך ניט וואס צו שרעקען, איך שווער, אז עס וועט איהם ניט פעהלען א האאר אויפ'ן קאאפ, זאל ער זיך בעוויזען."

רש"י האט זיך דאן בעוויזען. „איך זעה, אז דו ביזט א הייליגער מענש", האט גאטפריעד געזאגט, „זאג מיר, וועל איך זיין זיעגרייך אדער ניט? זאג דעם אמת, און האב קיין מורא."

רש"י האט געענטפערט: „דו וועסט איינעהמען די הייליגע שטאדט און וועסט דארטען רעגירען דריי יאהר.

אויפ'ן פערטען יאהר וועלען דיר די מאהאמעדאנער ארויס־טרייבען פון דארטען, און דו וועסט זיך צוריקקעהרען אהיים מיט בלויז דריי ריטער.

„עס קען זיין, אז דו זאגסט אמת,“ האָט געזאגט גאָטפריעד, ווען די נבואה איז ניט געפעלען געוואָרען, „אבער אויב איך וועל זיך אומקעהרען צוריק אפילו מיט איין פערד מעהר ווי דריי, וועל איך דיין קערפּער ארויסוואַרפען פאַר די הינד און אויסטויטען אלע אידען פון פראנקרייך.“

אין עטליכע יאהר ארום איז גאָטפריעד, דער געוועזענער קעניג פון ירושלים, געפאָהרען צוריק אין פראנקרייך, בעגלייט פון דריי רייטער. צוזאמען מיט איהם, אלזאָ, פיער, מיט איינעם מעהר ווי רש"י האָט געזאָגט. ער האָט זיך דערמאָהנט אן רשי'ס נבואה, און האָט בעשלאָסען צו האָבען זיין ראכע. ווען ער איז אָבער אָנגעקומען אין ט ר ו א און האָט געדארפט דורכגעהן דעם טויער, האָט זיך פון טויער אבגעריסען אַ גרויסער שטיין און האָט געטויטעט איינעם פון די רייטער מיט זיין פערד. זיינען אלזאָ געבליבען בלויז דריי, ווי רש"י האָט פאָראויסגעזאָגט. גאָטפריעד האָט זיך איבערצייגט, אז רש"י איז געווען גערעכט און ער האָט איהם געוואָלט אָבגעבען כבוד, אָבער ער האָט זיך דערוואוסט־אז רש"י איז שוין טויט.

אין דער לעגענדע זעהט זיך אַ געפיהל פון צופריעדענהייט, וואָס די ערשטע קרייץ־פאָהרער האָבען געכאפּט אזא ביטערע מפלה. פאַר די אלע צרות און יסורים, פאַר די גאנצע ימים פון אידיש בלוט און אידישע טרערען, וואָס די קרייץ־פאהרער האבען פערגאָסען, האָט דאָס אידישע פאָלק געהאָט זיין ראכע אין די מעשה'לע מיט די איבערגעבליבענע דריי ריטער...

אידישע נקמה!

III.

ר"שי'ס ערציהונג. דער אידישער חדר אין מיטעל־אלטער. רש"י'ס רביים. רש"י בעזעצט זיך אין טרוא און עפענט דארטען א ישיבה. זיינע „תשובות" און זיין פאעזיע.

רש"י איז געבארען געווארען אין טרוא, צפון פראנקרייך, אין דעם יאהר 1040. וועגען זיינע עלטערען און זיין יחוס ווייסען מיר גאנץ ווייניג, כאטש די לעגענדע האט פאר איהם אויסגעפונען א יחוס־קייט, וואס דערגרייכט ביז דעם תנא ר' יוחנן הסנדלר. אלץ וואס מיר ווייסען בעשטימט איז, אז זיינער אן אנקעל, פון דער מוטער'ס צד איז געוועזען ר' שמעון הזקן א תלמיד פון רבינו גרשום און אליין א בעריהמטער תלמודיסט.

ווער עס זיינען געוועזען זיינע ערשטע רביים אין זיינע קינדערשע יאהרען איז ניט בעקאנט. עס איז וואהרשיינליך אז ער האט געקראגען די זעלבע ערציהונג, וואס די מעהרסטע אידישע קינדער פון פראנקרייך און דייטשלאנד פלעגען אין יענער צייט קריגען, — דיא ערציהונג פון א אידישען חדר.

דער אידישער חדר איז אן אלטע איינריכטונג ביים אידישען פאלק. ער האט זיך אנגעפאנגען נאך אין דער צייט ווען אידען זיינען געזעסען אויף זייער אייגען לאנד. זיין ערשטער גרינדער זאל געוועזען זיין, לויט ווי דער תלמוד דערצעהלט, יהושע בן גמלא, איינער פון די לעצטע כוהנים גדולים. „צום גוטען זאל דערמאנט ווערען דער נאמען פון יהושע בן גמלא, וועלכער האט אין יעדער

שטאָדט און שטעדטעל געעפענט שוהלען פאר קינדערלעך פון פינף און זעקס יאָהר. ווען ניט ער וואָלט די תורה פערגעסען געוואָרען ביי אידען" (בבא בתרא, כ"א).

עס פערשטעהט זיך, אז דער אידישער חדר האָט ניט אלע מאָל געהאַט דעם זעלבען פּנים און איז נים איבעראַל און אין אלע צייטען געווען גלייך אין אלע פרטים. אָבער דער אידישער חדר פון פראנקרייך און דייטשלאנד אין מיטעל־אלטער האָט זיך גאנץ וועניג אונטערשיידעט פון דעם אידישען חדר אין רוסלאנד פון לעצטען יאָהרהונדערט. דר. גידעמאן און זיין ווערק: „די געשיכטע פון דער ערציהונג און קולטור פון די מערב־אייראָפּעאישע אידען אין מיטעל־אלטער" גיט א לייגגערע בעשרייבונג פון דעם דאַמאָלסדיגען חדר. דאָ וועט איבערגעגעבען ווערען קורצע אויסציגע דערפון:

ווען דאָס קינד פלעגט אלט ווערען בערך פינף יאָהר, פלעגט מען איהם פיהרען אין חדר. שבועות פלעגט געווענליך אויסגעקליעבען ווערען אלס דער ערשטער חדר־טאָג, ווייל דאָס איז דער יום־טוב ווען די תורה איז געגעבען געוואָרען. איינגעוויקעלט אין א טלית פלעגט מען דעם קינד ברייגגען אין בית המדרש און איהם אוועקשטעלען אויף דער בימה, ווען מ'האָט געלייענט די „עשרת הדברות". דאן האָט מען איהם איבערגעבען דעם מלמד. צוריק פון בית המדרש פלעגט איהם דער רבי טראָגען אויף די הענד צו זיך אין הויז. דאָרטען האָט זיך געפינען א קליין ברעטעל אויף וועלכע עס זיינען געוועזן אויפגעשריעבען די ערשטע און די לעצטע פיער בוכשטאבען פון דעם „אלף־בית", דער פּסוק: „די תורה וואָס משה האָט אונז פערזאָגט, א ירושה פאר די געמיינדע פון יעקב" (תורה צוה לנו משה, מרשה קהלת יעקב) און דער ערשטער פסוק פון „ויקרא", דער טהייל פון חומש וואו עס ווערט גערעדט פון קרבנות, ווייל „די קינדערלעך זיינען ריינינקע און די קרבנות זיינען ריינע; זאָלען קומען די ריינע און זיך בעשעפטיגען מיט ריינע". אויף דעם ברעטעל האָט זיך אויך געפונען האָניג, און נאָכדעם ווי דער רבי פלעגט פאר דעם קינד דורכלייענען די

בוכשטאבען און די פסוקים, פלעגט ער איהם געבען די האָניג, „כדי דאָס קינד זאָל פערזוכען די זיסקייט פון דער תורה". א חוץ דעם פלעגט דאָס קינד קריגען א לעקאך מיט א געקאָכטע איי. א יונגע מיידעל פלעגט באקען דעם לעקאך און ער פלעגט געמאכט ווערען פון זעמיל־מעהל, האָניג, מילך און בוימאויל. אויפ'ן לעקאך פלעגט אויסגעקנאָטען ווערען פערשיעדענע פסוקים, ווי צום ביישפיעל : „און דו האָסט איהם געגעבען צו זויגען האָניג פון שטיין און בוימאויל פון פעלז" (ויניקהו דבש מסלע ושמן מחלמיש צור). און „האָניג און מילך זיינען אונטער דיין צונג" (דבש וחלב תחת לשונך). אויך אויף דער איי זיינען געווען אויפגעשריעבען פאַסענדע פסוקים, וואָס האָבען געהאַט א שייכות מיט'ן יום טוב. נאָכ'ן עסען פלעגט מען דעם קינד נעהמען שפאציערען ביין טייך „ווייל די תורה איז געגליכען צו א פליסענדען וואסער".

אין פעדאגאָגישען זינן איז דער אידישער חדר געשטאַנען פיעל העכער ווי די דאַמאָלדיגע קריסטליכע שוהלען. א מלמד האָט ניט געטאָרט האָבען מעהר ווי פיערציג תלמידים, און ניט מעהר ווי צעהן אין א „כתה". דאָס קינד האָט ניט געטאָרט שווער בעשטראָפט ווערען : קיין אַנדער זאך ווי א קליינעם רימען האָט מען ניט געטאָרט געברויכען. דאָס לערנען איז פאָרגעקומען סיסטעמאַטיש. דאָס קינד האָט פריהער געלערנט „עברי", דאַן „חומש", שפעטער תנ"ך, דאַן די לייכטערע שטעלען פון דער גמרא און ערשט שפעטער די גמרא. דער גאנצער קורס איז איינגעטהיילט געוואָרען אין פיערצעהן יאָהר : צוויי יאָהר עברי און חומש, צוויי יאָהר תנ"ך, דריי יאָהר די לייכטערע מסכתות פון דעם תלמוד, און זיעבען יאָהר אויף דעם שטודיום פון דעם תלמוד אין א העכערע שוהל, א ישיבה, ערגעץ אין א פרעמדער שטאָדט.

ווי לאַנג רש"י האָט זיך אויפגעהאַלטען אין אזא מין חדר איז ניט בעוואוסט, אָבער אויף זיין פופצעהנטען יאָהר טרעפען מיר איהם אלס „ישיבה־בחור" אין וואָרמס, וואו דער ראש ישיבה איז געווען ר' יעקב בר יקר. רש"י דערמאָנט איהם אָפט און רופט איהם „רבי הזקן". ער

רעדט וועגט איהם מיט דעם גרעסטען דרך־ארץ ניט בלויז פאר זיינע גרויסע לומדות, נאר אויך פאר זיין פרומקייט, גוטע מדות און בעשיידענהייט. גרויס וויא דער דאָזיגער ר׳ יעקב איז געוועזן אלס למדן איז ער נאָך געוועזן גרעסער אין זיין בעשיידענהייט. ער האָט ניט ליעב געהאט צו שטעלען אויף זיך און זיינע מיינונגען. מיט זיינע תלמידים פלעגט ער ארומגעהן ווי א גלייכער מיט א גלייכען. אויף איהם ווערט דערצעהלט, אז ער פלעגט מיט זיין באָרד אויסקעהרען דעם בית־המדרש. רש״י זאָגט וועגען איהם: „ער האָט זיך בעטראכט ווי א ווארים, וואָס לאָזט זיך טרעטען מיט די פיס און האָט זיך קיינמאָל ניט גענומען דעם כבוד איינצופיהרען א נייען מנהג אָדער תקנה, כאָטש ער איז געוועזן גרויס גענוג אויף דעם״. דער ביישפּיעל פון זיין רבי׳ן האָט אָהן שום ספק געהאט א ווירקונג אויף דער אויסבילדונג פון רשי׳ס כאַראקטער.

נאָך ר׳ יעקב׳ס טוידט איז געוואָרען דער ראש־ישיבה אין וואָרמס ר׳ יצחק הלוי. אויך ביי איהם האָט רש״י געלערענט, אָבער ער איז שוין דאמאָלסט געוועזן אליין א גרויסער למדן און איז געוועזן מעהר חבר ווי תלמיד פון ר׳ יצחק הלוי. פון וואָרמס איז רש״י אריבערגעגאנגען אין מאַינץ, וואו דער ראש ישיבה איז געוועזן ר׳ יצחק בר יהודה. ביידע האָבען פון רשי׳ן געהאט די העכסטע מיינונג און האָבען איהם בעטראכט אלס חבר און ניט אלס תלמיד. דער ערשטער שרייבט וועגען רש״י: „געבענשט זאָל זיין גאָט׳ס נאָמען, וואָס ער האָט ניט פער׳יתום׳ט אונזער דור און האט אונז געגעבען אזעלכע גרויסע חכמים, ווי מיין טהייערער און געעהרטער פריינד, מיין קרוב ר׳ שלמה. זאָלען זיך פיעלע ווי ער מעהרען צווישען די אידען״. דער צווייטער בעגריסט איהם אין א בריעף מיט די פאָלגענדע ווערטער: „צו איהם, וואָס איז בעליעבט אין הימעל און געעהרט אויף דער ערד, וואָס בעזיצט די אוצרות פון דער תורה״ און אזוי ווייטער. רש״י דערמאָנט אויך א פיערטען רבי זיינעם, ר׳ אליקים פון שפּייער.

דאס רוב פון די גרויסע תלמודישע ישיבות פון יענער צייט האבען זיך געפונען אין לאטערינגען אדער „לותיר", ווי דער פּראווינץ ווערט אנגערופען אין די אלטע רבנישע ספרים. די אורזאכע דערפון איז געווען א ריין עקאנאמישע. לאטהערינגען איז געווען די הויפּט־וועג דורך וועלכער דער האנדעל איז פארגעקומען צווישען איטאליען און דייטשלאנד, און צווישען פראנקרייך און דייטשלאנד. די אידען האבען דארטען געקענט לייכטער קריעגען זייער פרנסה, און זיי האבען זיך דארום דארטען בעזעצט אין מאססען, בילדענדיג גרויסע אידישע קהלות און דיא גרויסע ישיבות. די אידען פון איטאליען, פראנקרייך און דייטשלאנד זיינען צוליעב דעם געשטאנען איינע מיט די אנדערע אין נאהענטע בעציהונגען. אזוי איז עס געקומען, וואס רש"י, א געבארענער אין פראנקרייך, האט געקראגען זיינע תלמודישע קענטניסע הויפּטזעכליך אין דייטשלאנד. דערפאר האט זיך וועגען רשי'ן אויסגעבילדעט דער ווערטיל: „פראנקרייך האט איהם געשוויינגערט און געבוירען; דייטשלאנד האט ערצויגען איהר ליעב־קינד" (ארץ צרפת הרה וילדה, וארץ אשכנז גדלה שעשועיה).

חתונה געהאט האט רש"י, ווען ער איז נאך געווען יונג, אבער א קורצע צייט נאך דער חתונה איז ער מיט זיין ווייב'ס צושטימונג געווארען א „פרוש". ער איז ארומגעגאנגען פון ישיבה צו ישיבה, אלץ זוכענדיג, און פארשענדיג, און לערענדיג. ער האט געלערענט תורה אין דחקות און אין צער. אין א פלאטץ דערמאנט ער פערביינגעהענדיג, אז ער האט דאמאלסט געליטען הונגער, געגאנגען „קרוע־בלוע" און געהאט א ווייב אויפ'ן האלז.

בערך צעהן יאהר האט ער אזוי ארומגעוואנדערט פון ישיבה צו ישיבה, וואו ער האט זיך ערווארבען דעם גרויסען וויסען, וואס איז איהם שפּעטער צוניטץ געקומען פאר זיין לעבענס־ארבייט. איינע פון די וויכטיגסטע ארבייטען, וואס ער האט אין יענער צייט אנגעפאנגען איז בעשטאנען אין נאכ־

זובען און צו פערגלייכען די אלע פערשיעדענע „נוסחאות" פון דעם תלמודישען טעקסט. דאמאלסט האט מען נאך פון קיין דרוק ניט געוואוסט, און די אלע ספרים פלעגען קאפירט ווערען פון פערשיעדענע איבערשרייבער. ביי דעם איבערשרייבען פלעגען גאנץ אפט ארייִנפאלען טעות'ן. ניט שטענדיג האבען דיא איבערשרייבער פערשטאנען דעם טעקסט און פלעגען אפט פערביטען אדער איבערשטעלען ווערטער; מאנכעם מאל פלעגען זיי זאגאר צושטעלען עטוואס פון זיך, מיינענדיג דערמיט קלהערער צו מאכען דעם ענין. דאס אלץ האט געדארפט אויסגעבעסערט ווערען, און די ארבייט איז געווען א שווערע, א לאנגזאמע און ניט קיין אינטערעסאנטע, אבער פון גרויס וויסענשאפטליכען ווערטה און בעדייטונג. דער ריכטיגער „נוסח" האט דאך איינמאל פאר אלע מאל געמוזט ווערען פעסטגעשטעלט. דאס האט געהאט ניט בלויז א וויסענשאפטליכע בעדייטונג, נאר אויך א פראקטישען ווערטה, ווארום אויב דער „נוסח" ווערט געענדערט, קען דאך אמאל אויך דער דין ווערען אנדערש. עס איז אמת, אז ר ב י נ ו ג ר ש ו ם „דער ליכט פון גלות" האט שוין געטהאן די דאזיגע ארבייט איידער רש"י. ער האט אליין, מיט זיין אייגענער האנדשריפט, אנגעשריבען א קארעגירטען תלמוד. ר ב י נ ו ג ר ש ו ם האט אפילו ארויסגעלאזען א מין חרם, אז קיינער זאל זיך מעהר ניט ערלויבען צו קארעגירען דעם תלמוד, אבער ר ש " י האט זיך צוליעב דעם ניט צוריקגעהאלטען פון זיין ניצליכער און וויכטיגער ארבייט. דער ת ל מ ו ד ווי מיר האבען איהם איצטער איז לויט די „גרסא" אדער „נוסח" פון רשי'ן, לויט וויא ער האט איהם געקארעגירט (זעה דור, דור ודורשיו, חלק ד' פרק כ"ה). א מענש מיט א גלייכען און טיעפען שכל, פינקטליך און פארזיכטיג, מיט א טעמפעראמענט פון א וויסענשאפטס-מאן, איז ר ש " י געווען די פאסענדסטע פערזאן פאר אזא מין ארבייט, וואו עס פאדערט זיך א חוץ א גרויסען וויסען אין דעם פאך אויך געדולד און אויסדויער.

אויף זיין דרייסיגסטען יאהר איז ער אנגעקומען צוריק

אין זיין געבורטס־שטאָדט, אין ט ר ו א, וואו ער האָט גע־עפענט זיין ישיבה, וועלכע איז אין א קורצער צייט שפּעטער, נאָך דעם טוידט פון ר׳ יצחק הלוי, געוואָרען די גרעסטע און אָנערקענטעסטע פון יענער צייט. ט ר ו א איז געוואָרען דער צענטער פון דעם תלמודישען שטודיום, און צו רשי׳ן זיי־נען געקומען תלמידים ניט בלויז פון פראַנקרייך נור אויך פון לאָטהארינגען און אנדערע דייטשע פּראָווינצען. דאָרטען האָט רש״י אָנגעפאנגען און דאָרטען האָט ער אויך געענדיגט זיין גרויסע לעבענס־ארבייט.

ווי עס איז שוין בעמערקט געוואָרען, האָט די לעגענדע געמאַכט פון רשי׳ן אויך אַ גרויסען געלעהרטען און שפּראַך־קענער. ער זאָל האָבען געקענט אַלע „זיעבען חכמות“ און שיעור ניט אַלע „זיעבעציג לשונות“. עס איז אָבער ניטאָ קיין גרונד אָנצונעהמען, אַז ער זאָל זיך האָבען אויסגעצייכענט אויף דיא דאָזיגע געביטען. ער איז געווען אַ קינד פון זיין צייט און זיין לאַנד, און זיין וועלטליכער וויססען איז וואהר־שיינליך ניט געווען פיעל גרעסער ווי פון די אַנדערע אידישע געלעהרטע אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד אין יענער צייט. א חוץ העברעאיש האָט ער אויך געקענט גוט דיא דאַ־מאַלסטדיגע פראַנצויזישע שפּראַך, וויא מען זעהט עס ארויס פון זיינע ב ל ע ז׳ע ן. א אידיש־פראַנצויזישער געלעהר־טער, ד א ר מ ש ט ע ד ט ע ר, האָט אָנגעפאַנגען שרייבען אַ ווערק, אין וועלכע ער האָט געהאַט בדעה פון די דאָזיגע „ל ע ז ׳ ן“ צוריקשטעלען די אַלטע פראַנצויזישע שפּראַך אָבער ער האָט איהר ניט דערענדיגט. רש״י האָט אויך געקענט דייטש און האָט, וויא עס ווייזט אויס, אויך געהאַט אַ ידיעה וועגען אראַביש. ער האָט אָבער א פּנים ניט געקענט גענוג די אראַבישע שפּראַך, אַז ער זאָל קענען לייענען די גרויסע אי־דישע ליטעראַטור, וואָס איז אין איהר געשאַפען געוואָרען. פון די אידיש־אראַבישע שרייבער איז ער געווען גוט בעקאַנט מיט די גראַמאַטישע ספרים פון מ נ ח ם ב ן ס ר ו ק און ד ו נ ש ב ן ל א ב ר א ט, וועמען ער ציטירט גאַנץ אָפט.

רש״ס מאטעהמאטישע און אסטראָנאָמישע קענטניסע זיינען געוועזן זעהר בעגרענצט. ער האט ניט געהאט קיין רביים פון וועמען דאס צו לערנען. אין אייראָפּא, א חוץ שפּאַניען, האט מען נאָך דאמאָלסט איבערהויפּט ווייניג געוואוסט פון די וויסענשאפטען. דיא איינציגע קוועלען פון וואנען ער האט געקענט שעפּען אזעלכע ידיעות זיינען געווען די העברעאישע ספרים פון מאנכע אידיש־איטאליענישע געלעהרטע, און אזעלכע ספרים זיינען אויך געווען ווייניג און פון גאנץ צווייפעלהאפטען ווערטה. ער האט אָבער געוואוסט גענוג פון די דאָזיגע וויסענשאפטען, אום צו קענען ערקלעהרען געוויסע שטעלען אין תלמוד, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט אזעלכע פראגען. אויך זיינע ידיעות וועגען דער היסטאָריע זיינען ניט געווען פאָלקאָמען. ער מאכט צייטענווייז א טעות אין דער כראָנאָלאָגיע, אָבער דערפאר וויים ער צו דערצעהלען פון געוויסע פאסירונגען און טראדיציאָנען, וועלכע וואָלטען אונז אהן איהם אין גאנצען געבליבען פרעמד.

אויב זיין וועלטליכע בילדונג איז ניט געווען קיין גלענצענדע, האט ער אָבער צו זיך כמעט קיין גלייכען ניט אין זיין וויסען פון דער ביבלישער און תלמודישער ליטעראטור. דאָרטען איז ער דער אונבעשטרייטבארער מייסטער, און אלע פערבאָרגענעסטן זיינען אָפען פאר איהם. א חוץ דעם תנ״ך, וועלכען ער האט געוואוסט ווי זעהר ווייניגע פאר און נאך איהם, איז כמעט ניטאָ קיין זאך פון דער גרויסער תלמודישער ליטעראטור, וואָס ער האט ניט געוואוסט. אָנפאנגענדיג פון דעם „תלמוד בבלי״ און „ירושלמי״, האט ער אויך געוואוסט דעם „מכלתא״, ספרא״, „ספרי״, די אלערליי מדרשים, ווי די „מדרש רבות״, דער „מדרש שיר השירים״, „מדרש תהלים״, „מדרש איכה״, פּסקתא, „תנחומא״, און „פרקי דברי אליעזר״. ער איז אויך געווען בעקאנט מיט די שריפטען פון די גאונים און זייערע „הלכות״, מיט די ווערק און פירושים פון ר ב י נ ו   ג ר ש ו ם, מיט די ווערק פון ר׳ משה הדרשן פון נ א ר ב א נ א און פון פיעלע אנדערע פראנצויזישע און דייטשע געלעהרטע. דיא דאָזיגע אלי

ספרים און מחברים ווערן דערמאָנט אין זיינע פירושים אויף דעם תנ"ך און אויף דעם תלמוד.

זיינע בעציהונגען צו זיינע פיעלע תלמידים זיינען געוועזן דיא פריינדליכסטע, וויא פון א פאָטער צו א קינד. זיינע תלמידים האָבען אויף איהם געקוקט וויא אויף א היילינגען, און האָבען פערצייכענט און פערשריעבען יעדען וואָרט וואָס ער האָט ארויסגעזאָגט. זאמלונגען פון זיינע „תשובות" צו פערשיעדענע רבנים אויף רעליגיעזע פראגען, ווי אויך זיינע דינים און מנהגים, זיינען צוזאמענגעשטעלט געוואָרען פון זיינע תלמידים. ניט לאַנג צוריק איז אָפגעדרוקט געוואָרען א גרויסע זאמלונג אונטער דעם נאָמען „מחזור וויטרי" און א צווייטע זאמלונג אונטער דעם נאָמען „סידור של רש'י", וואו די מעהרסטע פון זיינע דינים און תשובות זיינען אריינגע-קומען.

זיינע „תשובות" זיינען געשריעבען אין א בעשיידענעם און מילדען טאָן: רש"י האָט אליין ניט געוואוסט ווי גרויס ער איז. ער האלט זעהר שטארק פון אן אנגענומענעם מנהג. „א מנהג פון די אידען איז ווי די תורה; אויב זיי זיינען ניט קיין נביאים, זיינען זיי די קינדער פון נביאים", זיינען זיינע געוועהנליכע ווערטלעך. ער טרעט כמעט קיינמאָל ניט ארויס געגען א מנהג, סיידען ווען ער איז אויסדריקליך געגען א דין. רש"י איז ניט קיין „מקיל"; ער פיהלט זיך ניט גרויס גענוג און אויטאָריטעט גענוג צו פסק'ענען עטוואָס. וואָס זאָל זיין אין ווידערשפרוך מיט דעם דין, אָבער מען זעהט אין איהם א מענשען מיט א געזונדען פערשטאנד, וואָס נעהמט אין אנבעטראכט דיא אומשטענדען. אזוי צום ביי-שפיעל פסק'ענט ער: „אז אידישע וויין וואָס א גוי האָט אָנ-געגאָסען, כאָטש דיא חכמים האָבען גע'אסרט דערפון הנאה צו האָבען, זיינען מיר זיך נוהג עם צו פערקויפען צו א ניט אידען, וועיל היינטיגע צייטען איז ניט שייך קיין יין-נסך.*) אזוי

*) „יין של ישראל שנסכו גוי אעפ"י שהחכמים אסרוהו בהנאה אנו נהגנין לזביני לגויים משום דבזמן הזה אין מנסכין.

ווערט אויך פון איהם דערצעהלט, אז זיינע תלמידים האָבען איהם אַמאָל געפרעגט : א איד האָט געטראָגען אַ קרוג מיט וויין. האָט איהם א גוי א שטויס געטהאָן און א טהייל פון די וויין האָט זיך אויסגעגאָסען. מעג מען די וויין טרינקען אָדער ניט ? רש"י האָט געענטפערט מיט א וויטץ : „די אויסגעגאָסענע וויין טאָר מען ניט טרינקען; די וואָס איז געבליעבען מעג מען".

זיין האַלטונג צו דיא אידען, וועלכע האָבען זיך געטויפט צוליעב די גזרות פון דיא קרייץ־פאָהרער און האָבען זיך שפּעטער צוריקגעקעהרט צום יודענטהום, איז געוועזן זעהר א מילדע און א מענשען־פריינדליכע. עס האָבען זיך געפונען אידען, און צווישען זיי אויך רבנים, וואָס האָבען די דאָזיגע אונגליקליכע ניט געוואָלט אריינגעהמען צוריק צו זיך. רש"י האָט זיך פאַר זיי אַנגענומען : „צוליעב די מורא פון דעם טוידט האָבען זיי דאָך עס געטהאָן. זאָלען מיר. חס ושלום, זיין אַזוי שלעכט און זיי צוריקשטויסען פון זיך ?" רש"י האָט אויך געשריעבען פּאָעזיע; עס געפינען זיך פון איהם איינינע תפלות וואָס זיינען אריינגענומען אין די סליחות און אין מחזור. אין דעם שטעהט ער פיעל נידעריגער ווי אפילו די מיטעלמעסיגע שפּאַנישע אידישע פּאָעטען. די שפּראַך איז ארעם און אָהן בילדער, כאָטש די פאָרמע וועלכע ער געברויכט איז פּשוט'ער און איינפאכער :

„אונזער אונגליק האָסטו לאַנג צוריק פאָראויסגעזעהען, — איז נאָך דיין פייערדיגער גרימצאָרן אַלץ ניט בערוהיגט ? מיר האָבען געזינדיגט אין די פערגאַנגענע טעג,
מיר ליידען איצטער. אונזערע וואונדען בלוטיגען, מקוים
געוואָרען איז דיין שבועה, ערפילט געוואָרען דיין קללה.
לאַנג האָבען מיר געבלאָנדזשעט, פול מיט פחד און מיט
ציטערנים קומען מיר איצטער צו דיר, מיר אָרעמע אין
גוטע טהאַטען. איידער מיר געהען אונטער בעוויז זיך נאָך
א מאָל צו דיינע קינדער".

דער זעלבער טרויער און דערזעלבער בעקלאָגען זיך געפינט זיך אין די איבעריגע סליחות פון רש"י א חוץ אין איינע.

וואָס איז א מין הימנע וועגען דער איינהייט פון גאָט. „דאָס באראקטעריסטישע פון ־ש־ס תפילות זאָגט צונץ, „איז דער טיפער טרויער; זיי זיינען אלע פול מיט ביטערע טענות“.

אָבער רשי'ס גרויסקייט ליגט נית אין זיין פּאָעזיע, אפילו נית אין זיינע „תשובות“ און דינים. זיין גרויסע בעדייטונג ליגט אין זיינע פירושים אויף דעם תנ"ך און אויף דעם תלמוד.

IV.

## רש״י אלס קאָמענטאַטאָר.

„ווען ר ש " י האָט פערענדיגט זיין פירוש אויף דער תורה איז משה רבינו צו איהם געקומען, האָט איהם א קוש געטהאָן אויפ'ן קאָפּ און האָט געזאָגט: שלמה, דו ביזט דער ערשטער וואָס האָט ריכטיג פערשטאַנען מיין כונה", אזוי דערצעהלט די לעגענדע אויף איהר נאַאיוועז שטייגער.

אין דער דאָזיגער שעהנער לעגענדע ליגט אין דער אמת'ען א טיעפע קריטישע אבשאצונג פון רשי'ן אלס קאָמענטאטאָר, אן אבשאצונג וועלכע איז ניט זעהר ווייט פון דעם אמת. דער ערשטער וואס האָט ריכטיג פערשטאַנען די כונה", איז דער גרעסטער קאָמפּלימענט וואָס קען געגעבען ווערען א קאָמענטאטאר, ווערמעם אויפגאבע עס דארף זיין ניט ארויסצוזאָגען זיינע א י י ג ע נ ע מיינונגען און געדאנקען, נאָר ארויסצוברייננגען די כונה פון דעם שרייבער, וועמעס ווערק עס ווערט קאָמענטירט.

אויב רש"י איז ניט געוועזען דער ערשטער, איז ער ווענינ־סטענס געוועזען איינער פון די ערשטע, וואָס האָבען געזוכט צו געבען דעם פּשוט'ען זינן פון דער ביבעל, איהר פּראָסטען פּשט. רש"י זוכט ניט „ארייננצוטייטשען" און ארייננצו'פּשט'־לען אין די ביבלישע ווערטער זיינע אייגענע געדאנקען און פי־לאָזאָפעריייען, ווי עס האָבען געטהאָן אנדערע מפורשים פאַר איהם, פאַר נאָך איהם. ער זוכט ארויסצוברייננגען און

קלאָר צו מאַכען דעם מיין פון דער ביבעל גופא, אזוי ווי זי איז. דערפאר איז מענדעלסזאָהן גערעכט, ווען ער בעמערקט: „ווען רש״י האלט זיך אָן פשט, קען איהם קיי־נער ניט איבערשטייגען.“

צו טהאָן אזא ארבייט געוויסענהאַפט און מיט ערפאָלג, ווען עס האנדעלט זיך וועגען קאָמענטארען אויף דער ביבעל, מוז מען זיין איינס פון די צוויי: ענטוועדער א פרייער וויסענ־שאַפטליכער פאַרשער אָדער א נאַאיווער גלויביגער. דער פרייער וויסענשאַפטליכער פאָרשער בעטראכט די ביבעל ווי אַ פּראָדוקט פון מענשליכען דענקען און שאַפען, ווי א וויכטי־גער טהייל פון דער מענשליכער ליטעראַטור און קולטור. ער ווערט ניט נתפעל, אויב ער געפינט דאָרטען געדאַנקען און מעשיות וואָס לייגען זיך ניט אויף זיין שכל, וואָס זיינען ניט אין איינקלאַנג מיט זיינע אייגענע מיינונגען און איבערצייי־גונגען. ער ווייס גאַנץ גוט, אז מענשען מיט צוויי צו מיט דריי טויזענד יאָהר צוריק האָבען אנדערש געטראַכט און אנ־דערש געפיהלט ווי מיר טהוען עס איצטער. זאַכען, וואָס ציי־גען אונז אויס היינטיגען טאָג צו זיין נאַריש און אונוויסענד, זיינען דאַן געווען די העכסטע חכמה און דער אמת׳ער וויסען; זאַכען, וואָס זיינען ביי אונז איצטער מיאוס, זיינען דאַן גע־ווען שעהן. ער, דער דאָזיגער פרייער פאָרשער, בעשולדיגט ניט און פערענטפערט ניט. ער פערשטעהט, אז עס איז אַ פשוט׳ער אונזין צו בעשולדיגען יענע מענשען פאר וואָס זיי האָבען, למשל, געגלויבט, אז די זון און ניט די ערד דרעהט זיך. דאַמאלס האָבען אלע אזוי געמיינט און זיי האָבען בעס־סער ניט געוואוסט, — דאָס איז דער תירוץ אויף אלע קשיות. ער נעהמט די ביבעל ווי זי איז, ער זוכט צו פערשטעהן, וואָס זי האָט געמיינט. איהם וועט בשום אופן ניט איינפאלען אויסצוטייטשען די פסוקים אזוי, אז זיי זאָלען זיך פאַסען מיט זיינע פערזענליכע איבערצייגונגען. פאר איהם זיינען דאָר־טען ניטאָ קיין סודות און קיינע רמזים, כאָטש עס קען טרעפען גאַנץ אָפט, אז געוויסע שטעלען פערשטעהט ער ניט. דאָס נעהמט זיך דערפון, וואָס געוויסע אויסדריקע און געוויסע אָנ־

דייטונגען, וועלכע זיינען געווען קלאָר און פערשטענדליך פאר די מענשען פון יענער צייט, זיינען פאר אונז איצטער אין גאַנצען פרעמד.

פונקט אין אזא גינסטיגע לאגע געפינט זיך דער נאאיווער גלויביגער. אויך ער דאַרף ניט „ארייננטייטשען" און אויסטייטשען. פאר איהם איז אַלץ קלאָר און פּשוט, נאַטירליך און פערשטענדליך. ער דאַרף זיך פאר קיינעם ניט ענטשולדיגען און ער האָט זיך ניט וואָס און פאר וועמען צו פערענטפערען. זיינע אייגענע מיינונגען און אנזיכטען קומען ניט אין צוזאמענשטויס מיט די מיינונגען און אנזיכטען פון דער ביבעל: זיי זיינען די זעלביגע. ער קען אויך, ווי דער ערשטער, און אפשר נאָך מעהר, זיך פערגינען צו האַלטען אַן פּראָסטען פּשט.

רש"י בעלאנגט צום צווייטען קלאַס. ער איז צום גליק ניט געווען בעקאַנט מיט דער גריכישער און דער אראבישער פילאָזאָפיע, און ער האָט דארום ניט גערארפט זוכען קיין תירוצים, ניט גערארפט זיך פערענטפערען. ער איז געווען ווייט פון די ספיקות און די קשיות, וועלכע האָבען ניט געלאָזט רוהען די אבן־עזרא'ס און די רמב"ם'ס. די לעצטע, גלויבענדיג אין דער געטליכקייט פון דער ביבעל פון איין זייט, און אין דער אונפעהלבארקייט פון זייערע אייגענע פילאָזאָפעריען פון דעם אנדערען זייט, האָבען זיך ווי געפונען צווישען פייער און וואסער. ווען זייערע פילאָזאָפישע איבערצייגונגען האָבען ניט איינגעשטימט מיט דעם פּראָסטען פּשט פון דער ביבעל, האָבען זיי זיך געפונען אין אַ פערלעגענהייט. זיי האָבען דאמאלס געזוכט צו מאַכען פּשרות, געזוכט צו פעראייניגען דאָס אונפעראייינבארע. איבער געוואַלט, מיט אלערליי קונצען און דורך אלעגאָריען, האָבען זיי געזוכט צו מאַכען שלום, וואו קיין שלום האָט ניט געקענט זיין. מען קען בעדוואונדערען זייער חריפות, זייערע שאַרפע המצאות, אָבער נאָך אלעם זיינען עס געווען ניט מעהר ווי המצאות: דער פסוק האָט ניט געמיינט דאָס, וואָס זיי האָבען אין איהם ארייננגעלייגט. פאר דער וויסענשאַפט פון ביבעל־פאָרשונג און ביבעל־

פערשטענדניס האָבען זיי ניט בלויז גאָרנישט אויפגעטהאָן, נאָר זיי זיינען זאָגאר געווען שעדליך. גאַנץ אנדערש איז עס אָבער געווען מיט רשי״ן: קלאָר און ליכטיג זיינען איהם געווען זיינע אויגען; גלייך און ברייט איז איהם געלעגען זיין וועג. קיינע הינדערניסע, קיינע שטערונגען אין זוכען דעם פּראָסטען פשט. מאַנכע ביבלישע אויסדריקע, וואו עס ווערט גערעדט פון גאָט אַלס קערפּער, זיינען שוין לאַנג צוריק אויסגעטייטשט געוואָרען פון אונקולס און פון די תלמודיסטען. „די תורה רעדט מיט דער שפּראַך פון דעם מענשען, כדי צו מאַכען עס פערשטענדליך פאַר דעם מענשליכען אויער", דאָס איז שוין געווען אַן אַלטער כלל, וועלכען רש״י האָט גאַנץ אָפט בענוצט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז רשי״ס פּירושים שטעהען אין וויסענשאַפטליכען זינן אונפערגלייכבאַר העכער ווי די אַלע פּירושים פון די פערשיעדענע אַלעגאָריסטען און „בעלי הסוד" צוזאַמענגענומען. דארום האָט רש״י מיט רעכט פערדיענט דעם נאָמען „פּרשן־דתא", דער ערקלערער פון דער תורה, וואָס ער האָט געקראָגען. רש״י מיט זיינע קאָמענטאַרען אויף דער ביבעל האָט ניט בלויז אויסגעאיבט א גרויסען איינפלוס אויף די שפּעטערע אידישע מפורשים, נאָר אויך אויף די קריסטליכע. דער בעריהמטער קריסטליכער ביבעל־קאָמענטאַטאָר ניקאָלאי דע־לירא איז געווען א שטאַרקער נאָכאַהמער פון רשי״ן. פון דעם דאָזיגען דע־לירא, ווידער, איז שטאַרק בעאיינפלוסט געוואָרען לוטהער (צונץ).

ניט אַלע מאָל האַלט זיך רש״י אָן פּראָסטען פשט. ער ברענגט גאַנץ אָפט אַריין דרשות. ניט זעלטען מערקט ער דערביי אָן: „זאָל זיך די דרשה דרש'ענען, דער פסוק אָבער געהט ניט ארויס פון זיין פשט". ביי רש״ין איז דער דרש ניט אָבשטאָט דעם פשט, נאָר א מין בעפּוצונג צום פשט.

אויף דער עלטער, ווערט דערצעהלט, זאָל רש״י חאַרטע חרטה געהאַט אויף די דרשות וואָס ער האָט אַריינגענומען אין זיינע קאָמענטאַרען. ער זאָל האָבען געזאָגט זיין אייניקעל און תלמיד, דעם רשב״ם, אַז ווען עס וואָלט געווען מעגליך.

וואָלט ער אָנגעשריעבען א נייען פּירוש אָהן די אַלע דרשות. דאָס האָט שפּעטער געטהאָן דער ר ש ב"ם, כאָטש ווייט ניט מיט אזא טאלאנט ווי רש"י.

עס איז גוט, וואָס רש"י האָט די דרשות ניט ארויסגעלאָזען. צו געברויכען מ ע נ ד ע ל ס ז אָ ה נ'ס אויסדרוק, קען מען זאָגען: „ווען רש"י געברויכט דרש, קען איהם קיינער ניט איבערשטייגען." רש"י'ס דרשות זיינען ניט „גראָב ווי זעק, זיי זיינען עדעל ווי זייד". רש"י'ס דרשות פּאַסען זיך כמעט שטענדיג אריין אין פּסוק, אזוי ווי זיי וואָלטען געווען דער פּראָסטער פּשט. רש"י בעזיצט א וואונדערבארען חוש אין אויסקלייבען פון דער גרויסער מדרשים-ליטעראטור דוקא די שעהנסטע, די עדעלסטע און די פּאַסענדסטע מדרשים. רש"י ציינט ארויס ניט בלויז א גוואלדיגע בקיאות, נאָר א זעלטענע צארטקייט, אַן אמת'ען פּאָעטישען טאלאנט, אין דעם אויסוואהל פון זיינע דרשות. עס פּאסירט אָפּט, אז ער שטעלט צוזאמען עטליכע מדרשים און מאכט פון זיי איינס, און עס קומט דערפון ארויס אזוי ווי א נייע שאַפונג, עטוואָס שעהנעס און אנציהענדעס. דער פּראָסטער פּשט בעפּוצט מיט רש"י'ס דרשות, ווערט דער חומש אַן א נ ג ע נ ע ה מ ע ר לעזעבוך אפילו פאר קינדער.

רש"י'ס דרשות זיינען אייגענטליך ניט זיינע; ער האָט זיי בלויז צוזאמענגעקליבען פון תלמוד און פון די פערשיעדענע מדרשים און ער ציינט יעדעס מאָל אָן די קוועלע פון וואנען ער האָט זיי גענומען. און פּונקט ווי די תלמודישע דרשות דארפען אויך זיי איינגעטהיילט ווערען אין „מדרש-הלכה" און „מדרש אגדה".

דער „מדרש הלכה" בעשעפטיגט זיך מיט דעם ארויסדרינגען דעם דין פון דעם פּסוק. אן איבריגער וואָרט אין טעקסט אָדער א ניט-געוועהנליכער אויסדרוק איז גענוג אום דערפון ארויסצוקריגען די נויטיגע הלכה. ר ש"י, וועלכער איז געווען איבערצייגט, אז די אַלע שפּעטערע תלמודישע דינים געפינען זיך שוין אין דעם פשוט'ען זינן פון דעם פּסוק, בעווייזט זעהר אָפט אין זיינע פרושים ווי אזוי דער דין ווערט

פון דעם בעשטימטען פסוק ארויסגעדרונגען אין תלמוד. דער־בײ דארף מען ניט פערגעסען, אז דער „מדרש־הלכה“ איז על פי רוב געװיסער־מאסען א מין ביבעל־פארשונג: ער זוכט צו בעגרינדען דעם דין אויף די גראמאטישע כללים און די אײ־גענטהימליכקייטען פון דער שפראך פון דער ביבעל.

דער „מדרש־אגדה“ האט ניט דירעקט צו טהאן מיט דעם דין. די אויפגאבע פון דעם „מדרש־אגדה“ איז אן ערציהערישע אין מאראלען זינן. אלערליי היסטארישע אדער לעגענדארע טראדיציאנען, פאלקס־מעשה׳לעך, פאלקס־ווערטלעך, שפריך־ווערטלעך און פראקטישע לעבענס־וױיזהייטען, וואס האבען געוואוינליך א מוסר השכל און א געוויסע עטהישע אויפ־גאבע, בעלאנגען צום „מדרש־אגדה“. רש״י בענוצט זיך מיט ביידע מינים דרוש, און אין זיין געברויכען זיי זעהט מען ארויס ניט בלויז דעם גרויסען וויסען זיינעם, נאר אויך א קינסטלערישען טאלאנט און אן אויסגעעדעלטען געשמאק.

רש״י בעזיצט נאך א מעלה, אפשר זיין גרעסטע מעלה, וואס קיינער פון די מפורשים פאר איהם און קיינער פון זיי נאך איהם האט ניט בעזעסען אין אזא הויכע מדרגה. דאס איז די קורצקייט און די קלארקייט פון זיין שפראך, זיין פשוט׳ער און איינפאכער סטיל. רש״י זוכט ניט קיינע שפראך־עפעקט־טען, ער שפיעלט זיך ניט מיט ווערטער. ער פערשווענדעט ניט אומזיסט קיין ווערטער, א ווארט איז ביי איהם א רענדיל. ביי איהם איז קיינמאל ניטא קיין איבריגער ווארט פונקט ווי עס פעהלט קיינמאל ביי איהם קיין ווארט ניט. יעדער ווארט געפינט זיך אויף זיין פלאץ, ער געפינט זיך דארטען, וואו ער האט געמוזט זיין. אלץ איז ווי געוואויגען און געמאסטען, אז עהרליכע וואג און אן עהרליכע מאס: ניט צו ווייניג, אבער אויך ניט צו פיעל. רש״י געפינט אלע מאל דעם פאסענד־סטען ווארט אויסצודריקען דעם געדאנק וואס ער וויל. דאר־טען, וואו אנדערע דארפען האבען גאנצע שורות צו אפילו עמודים, איז פאר רש״י׳ן גענוג א ווארט צו צוויי. דער ריכטי־גער ווארט אויפ׳ן ריכטיגען פלאטץ, און אלץ ווערט פאר אייך קלאר און פערשטענדליך.

דאס איז א טאלאנט וועלכען נור „יחידי סגולה" בעזיצען. דאס איז א חוש פאר דער שפּראך, מיט וועלכע איינער ווערט געבוירען. דערצו איז אבער אויך נויטיג א קלארער מוח און א גרינדליכער וויסען פון דעם ענין, וועלכער ווערט בעשפּראכען. ווען איינער ווייס אליין ניט וואס ער וויל אדער ער רעדט וועגען אן ענין, וואס איז איהם אונבעקאנט, וואס עס פּאסירט זעהר אפט, וועט ער ממילא מוזען שטאמלען מיט זיין פעדער, וועט ער ממילא מוזען פּלוידערען און קריכען אויף די גלייכע וועגען. א קלארע שפּראך געהט מיט א קלארען קאפּ. די שפּראך איז דאך, נאך אלעמען, בלויז אן אינסטרומענט פאר די געדאנקען און די געפיהלען, און זייגען זיי ניטא, איז די בעסטע שפּראך ניט בעסער ווי די בעסטע פיעדעל אין די הענד פון א שוסטער. די שפּראך אליין קען אזוי ווענינ אויפטהאן ווי די פיעדעל אליין: אין די הענד פון דעם פּארטאטש ווערען זיי ביידע גלייך בלויז גרילצען אין אויער.

רש"י האט בעזעסען ביידע מעלות: א פּאלשטענדיג ענטוויקעלטען חוש פאר דער שפּראך און דעם גרינדליכסטען וויסען פון דעם ענין, וועלכען ער האט בעהאנדעלט. און האט ווען־נים־ווען פּאסירט, אז ער האט א געוויסע זאך ניט געוואוסט, האט ער ניט געפּרובירט פערדעקען זיין ניט־וויסען מיט ווערטער און פראזען. ער פלעגט פּשוט זאגען: „לא ידעתי פירושו"; „לא שמעתי" — איך ווייס ניט וואס דאס מיינט; איך פערשטעה ניט.

רש"י איז דער פּאפּולערסטער און דער קלעהרסטער פון אלע מפורשים, איבערהויפּט אין זיינע פּירושים אויף דעם תלמוד. רש"י שעהמט זיך ניט צו זיין פּאפּולער, ער פלפול'ט זיך ניט און חקירה'ט זיך ניט, ווי ער וואלט נאר גערעדט פאר לומדים און קענער. ער רעדט צום גרויסען עולם, צו דעם יונגען תלמיד וואס האט נאך אקארסט געעפענט זיינע אויגען, פּונקט ווי צו דעם אלטען למדן. און ער לאזט קיין זאך ניט דורך, וואס נויטהיגט זיך אין אן ערקלעהרונג.

רש"י האט אבער זיין אייגענע וועג, ווי פּאפּולער צו מאַ־

בען א פערוויקעלטען עניז. עס זיינען דא פאפולאריזא־
טארס, וואס מיינען, אז דערמיט וואס זיי ריידען א סך, מאכען
זיי קלעהרער דעם עניז. רש"י האלט ניט פון צוקייען און אי־
בערקייען א געדאנק אבער און ווידער אמאל, פון ברענגען
משלים און משלים צו די משלים, פון ברענגען ראיות און
ראיות צו די ראיות, ביז וואנען דער לעזער ווערט צוטומעלט און
ווייס אין גאנצען ניט וועגען וואס דא האנדעלט זיך. רש"י
העלפט דעם לעזער, ער צייגט איהם די וועג, ער פיהרט איהם
אפילו פאר דער האנד, אבער ער לאזט איהם אליין געהן, ער
לאזט איהם געברויכען זיין אייגענעם שכל, ער ערלויבט איהם
זיך אליין אנצושטויסען.

רש"י גיט ניט דעם לעזער צו פיעל אויף א מאל, ווי דאס
האבען געטהאן אנדערע מפורשים פון דעם תלמוד. ער זוכט
ניט צו דערקלעהרען די גאנצע „סוגיא" מיט א מאל איידער
דער לעזער האט נאך אפילו א בעגריעף וועגען דעם. ער פאנגט
ניט אן פון ענדע, ער כאפט ניט די פיש פאר דער נעטץ. לאנג־
זאם און בהדרגה, טריט ביי טריט, געהט ער מיט דעם לעזער,
דא פערטייטשט ער א ווארט און דארטען ערקלערט ער א צו־
פלאנטערטען זאטץ, און ווען עס קומט צום ענדע ווייס דער
לעזער די גאנצע „סוגיא", כאטש רש"י האט עס איהם ניט גע־
זאגט. איהר קומט אריין אין א גרויסע, פרעמדע שטאדט און
איהר דארפט אויסגעפינען א בעשטימטען פלאטץ. איהר
פאנגט זיך אן נאכצופרעגען. יעדער איינער וויל אייך זאגען
וואו דער פלאטץ איז, אבער זיי מאלען עס אזוי אפ, אז איהר
ווייסט אלץ ניט וואוהין צו געהן: „געהט צוויי גאסען רעכטס,
דאן פערדרעהט זיך לינקס און געהט נאך דריי גאסען, דאן
פערקירעוועט זיך ווידער רעכטס, דאן ווידער לינקס און
דארטען וועט איהר מוחל זיין פרעגען." נאך אזא מין ער־
קלערונג בלייבט איהר אין גאנצען א צוטומעלטער און איהר
ווייסט ערשט רעכט ניט, וואוהין און ווי צו געהן. שטעהט
דערביי א גוטער אלטיטשקער, וועלכער נעהמט אייך ביי דער
האנד און מיט א שמייכעל אויפ'ן פנים פיהרט ער אייך צו דעם
פלאטץ, וואס איהר דארפט. ער ערקלעהרט אייך גארניט, ער

פיהרט אייך פשוט צו. אט דער דאזיגער גוטער אלטיטשקער איז פאר אונז רש״י, ווען מען פערגלייכט איהם מיט די אנדערע מפורשים פון תלמוד. רש״י פיהרט אייך צו, וואו איהר בעדארפט, כמעט אהן ווערטער. עס ווערט דערצעהלט, אז ווען רש״י איז איינמאל קראנק געווען, האט ער געבעטען זיין אייניקעל און תלמיד, דעם ר ש ב״ם, אז ער זאל פאר איהם ענדיגען שרייבען דעם פירוש אויף א געוויסען „פרק“. ווען רש״י איז געזונד געווארען, האט איהם דער אייניקעל געבראכט דעם מאנוסקריפט. עס איז געווען א גאנצער פאק מיט אנגעשריבענע פאפיער. „אויב דו וועסט אויף אזא ארט שרייבען א פירוש אויפ׳ן גאנצען תלמוד“, האט רש״י בעמערקט גוטמוטהיג, „וועט ער זיין אזוי שווער, אז מען וועט איהם דארפען פיהרען אויף א רייט־וואגען“. רש״י שרייבט קורץ, און דערפאר זאגט א פאלקס־ווערטיל: „אין רש״י׳ס צייטען איז טינט געווען טייערער ווי גאלד.“

דער תלמוד איז אן אונגעהויערער גרויסער בוך, ריכטיגער, א גאנצע ענציקלאפעדיע, וועלכער בעהאנדעלט אלע מעגליכע און אונמעגליכע פראגען וועגען געזעץ, וועגען וויסענשאפט, וועגען היסטאריע וכדומה. געשריעבען איז ער אין א שפראך, וועלכע איז אייך כמעט אין גאנצען פרעמד און אונפערשטענדליך. קיין פונקטאציע איז אויך ניטא, און איהר ווייסט אפילו ניט, וואו עס פאנגט זיך אן און וואו עס ענדיגט זיך דער זאטץ. און אט דעם דאזיגען שווערען, אונפערשטענדליכען בוך מאכט רש״י אזוי קלאר, אז אפילו אכט, ניין יעהריגע קינדער קענען עס „לייענען“. מען דארף דערצו ניט זיין קיין „עלוי“: א געוועהנליכער איינגעל פון דעם דערמאנטען עלטער קען מיט רש״י׳ס הילף „לייענען א בלאט גמרא“. רש״י טהוט א דאפעלטע ארבייט: ער איז אי אן איבערזעצער און אי א קאמענטאטאר, און ער טהוט ביידע זאכען צוזאמען אויפ׳ן קירצעסטען און קלאהרסטען אופן.

דאס ווארט „לייענען“, וועלכען דאס פאלק געברויכט, דריקט אם בעסטען אוים דעם דאזיגען געדאנק. אהן רש״י איז דער תלמוד א פער׳חתם׳טער בוך; מיט רש״י איז עס א

„לייענעס“, קען מען „לייענען“. אָהן רש“י’ן וואָלט דער תלמוד געווען א פער’חתם’טער בוך“, זאָגט דער ר י ב“ש. „אָהן רש“י“, זאָגט אן אנדער בעריהמטער תלמודיסט (דער „צדה לדרך“) „וואָלט דער תלמוד בבלי פערגעסען געוואָרען ביי אידען.“

די שפּראַך, מיט וועלכע רש“י בענוצט זיך, איז ניט די ריינע ביבלישע העברעאיש, וועלכע די „משכילים“ האָבען פון דאָס נייע איינגעפיהרט אין אָנפאנג פון לעצטען יאהר־הונדערט. די דאָזיגע משכילים האָבען געמאַכט א מין געטץ פון דער „ריינקייט“ פון דער שפּראַך (טהרת לשון הקדש), גאַר פערגעסענדיג, אַז ריין ביבלישע ווערטער זיינען פערהעלטניסמעסיג פאראנען וועניג און זיי זיינען ניט שטענדיג גענוג אויסצודריקען איינעמס געדאנקען. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אַנשטאָט מיט געדאנקען פלעגען זיך די דאָזיגע משכילים בענוגנען מיט מליצות... רש“י’ס שפּראַך איז וואָס מען רופט „די רבנישע“, וועלכע די משכילים פלעגען מיט שפּאָט בעצייכענען אלס א „שפת־עלגים“, א זשארגאָן. די דאָזיגע שפּראַך איז צוזאמענגעשטעלט פון דעם ביבלישען העברעאיש, פון דעם „נייען העברעאיש“ פון דער משנה און דעם מדרש מיט א געמישעכץ פון מאַנכע פרעמדע ווערטער, וואָס זיינען אריין אין דער גמרא. צוזאמען שטעלט עס מיט זיך פאָר א ציעמליך רייכע און בויגיגע שפּראַך מיט גענוג ווערטער אויסצודריקען אירגענד וועלכען געדאנקען. דאָס איז דיזעלבע שפּראַך, וואָס די בעסערע העברעאישע שרייבער פון די לעצטע פּאָאר צעהנדליג יאָהר האָבען אָנגעפאנגען צו געברויכען. און ווען רש“י געפינט ניט דעם פּאסענדען העברעאישען וואָרט, שעהמט ער זיך ניט אריינצונעהמען א פרעמדען וואָרט. אין זיינע ביבלישע און תלמודישע פּירושים געפינען זיך קנאַפּע דריי טויזענד „בלע“ז’ן“, דאָס רוב פראנצויזישע ווערטער. רש“י’ס שפּראַך איז ניט אזוי ריין, ווי די „משכילים’שע“, דערפאר איז זי אָבער זאפטיגער און לעבעדיגער, רייך אין ווערטער און אין אויסדריקע.

רש“י’ס שפּראַך איז ניט אין גאַנצען אָריגינעל. זיינע

פונקט ווי זיין מעטהאָדע אין זיינע פּירושים איז ניט דורכ־אויס זיינע. רש"י איז אין בייזיען בעאיינפלוסט געוואָרען פון זיינע פאָרגייענגער אין איטאַליען, פראנקרייך און דייטשלאנד. די אידען פון די דאָזיגע לענדער זיי־נען א לאַנגע צייט געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון די ארץ־ישראל'דיגע אידען און זיינען דארום געקומען אין ענגערע און נעהענטערע בעריהרונגען מיט דער נייער לעבעדיגער העברעאישער שפּראַך, מיט דער שפּראַך פון דער משנה און די מדרשים. די אידען פון שפּאַניען, דאגעגען, וואָס זיינען מעהר געווען אונטער דעם איינפלוס פון די גאונים אין בבל, וואו די פאָלקס־שפּראַך איז געווען אן אראמיש־פּערזיש־כאַל־דייאישער דיאַלעקט, זיינען געווען ווייטער פון דעם ניי־העב־רעאיש. די אידיש־שפּאַנישע פּאָעטען, וואָס האָבען געשריי־בען העברעאיש, האָבען זיך דארום בענוצט כמעט אויסשליס־ליך מיט דער ביבלישער שפּראַך. זייערע געלעהרטע און פי־לאָזאָפען האָבען זיך בענוצט מיט דער אראבישער שפּראַך, ווייל אין איהר האָבען זיי בעסער און פרייער געקענט אויס־דריקען זייערע געדאַנקען. די איינציגע אויסנאַהמע צווישען די גרויסע שפּאַנישע דענקער איז דער רמב"ם, וועלכער האָט זיך בענוצט מיט דער רייכער ניי־העברעאישער שפּראַך און האָט בעזעסען א וואונדערבאַרען סטיל. אָבער אפילו ער האָט געשריעבען דעם „מורה נבוכים" אין אראביש.

צווישען די פאָרגייענגער פון רש"י'ן אויף דעם תלמודי־שען געביעט דאַרף א חוץ רש"י'ס דירעקטע רביים אויך צוגע־רעכענט ווערען „רבינו גרשום מאור הגולה". צווישען זיינע פאָרגייענגער אויף דעם ביבלישען געביעט זיינען געווען ר' משה הדרשן פון נארבאנא; ר' שמעון הדרשן, דער צוזאמענשטעלער פון „ילקוט שמעוני"; ר' יוסף טוב עלם און אנדערע. זיי זיינען געווען די גרינדער פון דער פראנצויזיש־דייטשער שוהלע פון ביבעל און תלמוד פאָרשונג; רש"י איז געווען דער גלענצענדסטער תלמיד פון דער שוהלע. רש"י איז ניט געווען דער ערשטער גרינדער פון דער דאָזיגער שוהלע, אָבער דערפאַר האָט ער איהר אויסגעבעסערט און

ענטוויקעלט צו דער העכסטער מדרגה. זיין ארבייט איז ווייטער פארטגעזעצט געווארען פון זיינע תלמידים, די „בעלי התוספות“.

## V.

דער איינפלוס פון רש"י. די „בעלי התוספות". ווארום רש"י'ס פירוש הייסט „קונטרס". דער חלוק צווישען רש"י און די „בעלי התוספות". ר' יוסף בר' שמעון קרא און ר' יוסף בר יצחק בכור שור און זייערע פירושים און דער ביבעל. דער רשב"ם אלס קאמענטאר. רבינו תם און זיינע קתנות. די ערשטע „עלילת דם" בעשולדיגונג. די רידפות נעגען די אידען און זייער ווירקונג אויף דער ווייטערער ענטוויקלונג פון די פראנצויזיש־דייטשע אידען.

---

רש"י איז געוועז גליקליך מיט זיינע תלמידים: דער רבי און די תלמידים זיינען זיך איינע די אנדערע ווערטה געוועז. רש"י האט פערדיענט אזעלכע תלמידים און די תלמידים האבען פערדיענט אזא רבי'ן. זיינע תלמידים זיינען געווען פאר רש"י'ן מעהר ווי תלמידים: זיי זיינען געוועז זיינע מיטארבייטער און זיינע חברים. זיי האבען איהם געהאלפען אין זיין ארבייט ביי זיין לעבען און האבען דיא דאזיגע ארבייט פארטגעזעצט און ווייטער ענטוויקעלט נאך זיין טויט. מיט רש"י'ס טויט, אין יאהר 1105, איז די ארבייט וואס ער האט אנגעפאנגען ניט אפגעשטעלט געווארען. זיינע פיעלע תלמידים און די תלמידים פון די תלמידים, וועלכע האבען זיך פערשפרייט און בעזעצט אין די פערשיעדענע קהלות פון צפון פראנקרייך און דייטשלאנד, וואו זיי האבען געעפענט זייערע אייגענע ישיבות, האבען זיך געהאלטען אן די וועגען און אן דיא מעטהאדען פון רש"י'ן.

דער איינפלוס פון רש"י'ס גרויסער פערזענליכקייט האט זיך געצויגען אויף עטליכע דורות נאך איהם. ביז וואנען עס

האבען זיך אנגעהויבען די שווערע פערפאלגונגען און רדיפות געגען די אידען אין פראנקרייך, וואס האבען זיך געענדיגט מיט דעם גירוש פון 1306. אויף אזא ארט איז די גרויסע קול־טורעלע בעוועגונג פון די דארטיגע אידען איבערגעריסען גע־ווארען מיט געוואלד. עס זיינען חרוב געווארען דיא אידישע קהלות און צוזאמען מיט זיי זיינען אונטערגעגאנגען די גרוי־סע ישיבות, וואו די ביבעל און תלמוד פארשונג איז גע־בראכט געווארען צו דער העכסטער מדרגה. אויף וויפיעל דיא אידישע ביבעל־פארשונג פון עלפטען און צוועלפטען יאהרהונדערט האט געווירקט אויף דיא קריסטען איז ניט זי־כער, אבער עטוואס שפעטער האט זיך אויך ביי דיא קריסטען אין פראנקרייך בעוויעזען א נייגונג צו א נאטירליכער ביבעל־פארשונג און צום פראסטען פשט. דאס האט געפיהרט צו אלערליי „אפיקורסישע“ בעוועגונגען און סעקטעס ביי דיא קריסטען, וועלכע זיינען מעהר אדער ווייניגער „יודאאיזירט“ געווארען. עס פערשטעהט זיך, אז אזא מין בעוועגונג האט ניט געקענט געפינען קיין גרויסען חן אין די אויגען פון דעם פאבסט און די העכערע גייסטליכע, וועלכע האבען אין איהר געמוזט זעהן א געפאהר פאר זייער גדולה און זייער ממשלה. זיי האבען זיך דארום גענומען צום אלטען מיטעל: צו פרע־דיגען און העצען געגען די אידען. דאס איז אהן צווייפעל געווען איינע פון די אורזאכען, וואס האבען ארויסגערופען די אידען־פערפאלגונגען און שפעטער דעם גירוש.

רש"י'ס תלמידים און נאכפאלגער זיינען בעקאנט אונ־טער דעם נאמען די „בעלי התוספות“, די צוגעבער, די הוספות־שרייבער. די היסטאריקער זיינען ניט אייניג צווישען זיך, ווארום רש"י'ס נאכפאלגער האבען זייערע פירושים און קא־מענטארען צום תלמוד אנגערופען „תוספות“. ו ו י י ס, ג י ע ד ע מ א ן און אנדערע פארשער זיינען מיט דער מיי־נונג, אז דער נאמען איז געגעבען געווארען דערפאר, ווייל זיי האבען עס בעטראכט אלס הוספות צום תלמוד גופא. פונקט ווי די גמרא איז א פירוש און א הוספה צו דער משנה, אזוי זיינען זייערע פירושים געווען הוספות צו דער גמרא; אזוי

ווי די גמרא מאכט קלעהרער די משנה, אזוי האבען זייערע פּירושים געמאכט קלעהרער די גמרא. די מעהרסטע היסטא־ריקער, צווישען זיי אויך ג ר ע ט ץ, דענקען, אז דער נאמען שטאמט דערפון, וואס זיי האבען בעטראכט זייערע פּירושים בלויז אלס הוספות, צולייגונגען, צו דעם פּירוש פון רש״י, וועלכער איז פון זיי אלעמען אנערקענט געווארען אלס ד ע ר פּירוש. צוליעב דעם גרויסען כבוד, וואס זיי האבען געפיהלט צו רש״י׳ן האבען זיי זייערע אייגענע פּירושים בעצייכענט בלויז אלס „תוספות״, אלס הוספות.

די וויכטיגסטע פון רש״י׳ס תלמידים און נאכפאלגער זיינען געוועזען זיינע איידעמס און אייניקלאך, וועלכע האבען מיט זיך געבילדעט א מין רש״י־דינאסטיע. רש״י האט ניט געהאט קיין זיהן, אבער זיינע טעכטער זיינען אלע געוועזען פערהייראטה צו גרויסע תלמודיסטען. איינער פון זיי איז געוועזען ר׳ יהודה בר נתן, דער ריב״ן, איינער פון די ערשטע בעלי התוספות. א צווייטער איז געוועזען ר׳ מאיר בר׳ שמואל פון ר א מ ע ר א, א קליין שטעדטעל ניט ווייט פון ט ר ו א. וועלכע איז שפּעטער אליין געווארען א צענטער פאר דעם שטודיום פון דעם תלמוד. דער לעצטער האט געהאט פיער זיהן, דריי פון וועלכע עס זיינען געוועזען פון די בעריהמטעסטע בעלי תוספות: דער ר ש ב ״ ם, דער ר י ב ״ ם און ר ב י נ ו ת ם. א חוץ זיי האט רש״י געהאט אויך אנדערע וויכטיגע תלמידים, וואס רעכענען זיך צווישען די בעלי־התוספות.

די „בעלי התוספות״ האבען זיך געצויגען א גאנץ לאנגע צייט נאך רש״י׳ס טויט. צווישען זיי געפינען זיך אזעלכע, וואס האבען געלעבט אין ערשטען, אין צווייטען און זאגאר אין דריטען דור נאך רשי״ן. דאס רוב פון זיי זיינען געוועזען פון פ ר א נ ק ר י י ך, אבער אויך דייטשלאנד האט ארויס־געגעבען א היבשע צאהל בעלי התוספות.

רש״י׳ס פּירוש אויף דער גמרא ווערט פון די תוספות־שרייבער בעצייכענט מיט דעם נאמען „ק ו נ ט ר ס״. דער ווארט „קונטרס״, לויט ווי צ ו נ ץ ערקלעהרט, נעהמט

זיך פון ווארט „קומנטרס“ (קאמענטארס), וועלכער בעדייטעט ערקלעהרונגען. אין תלמוד געפינט זיך דער דאזיגער ווארט אין זיין מעהר־צאהל „קומנטרסים“, קאמענטארען. דער „מ“ איז ארויסגעפאלען און עס איז געבליבען „קונטרס“. קונטרס מיינט, אלזא, קאמענטארען, און איז געלייגט געווארען אויף די נאטיץ ביכלאך, וואו די תלמידים פלעגען פערשרייבען די ערקלעהרונגען פון דעם רבי, פונקט ווי די סטודענטען איצטער נעהמען נאטיצען פון דעם פראפעסאר'ס לעקציעס. אזוי ווי קיין דרוק איז נאך דאמאלס ניט געווען, האבען דיעזע קונטרסים געשפיעלט א וויכטיגע ראלע אין די ישיבות. אזעלכע „קונטרסים“ זיינען װאהרשיינליך געוועזען אויך פון די אנדערע גרוסע ראשי ישיבות, אבער אזוי וויא רש"י'ס קאמענטארען האבען ארויסגעשטופט די אלע איבריגע, איז דער נאמען „קונטרס“ געלייגט געווארען בלויז אויף זיינע פירושים.

ניט קוקענדיג אויף די גרויסע ליעבע און דעם גרויסען כבוד, וואס רש"י'ס נאכפאלגער און זיינע תלמידים האבען געפיהלט צו רש"י'ן, זיינען זיי פון דעסטוועגען ניט געוועזען זיינע בלינדע חסידים. זיי האבען ליעב געהאט רש"י'ן, אבער דעם אמת האבען זיי מעהר ליעב געהאט. און עס טרעפט צייטענווייז, אז זיי טרעטען ארויס געגען איהם, אמת, זעהר עדעל, אבער דערפאר ניט וועניגער ענטשיעדען.

די דאזיגע ארויסטרעטונגען געגען רש"י'ן זיינען אבער פערהעלטניסמעסיג וועניג אין צאהל. טהיילווייז איז עס דערפאר, וואס זיי האבען ניט געהאט וואס אויסצוזעצען געגען איהם און טהיילווייז דערפאר, וואס זיי האבען זיך בעשעפטיגט מיט אן אנדער צווייג פון דער תלמוד־פארשונג. רש"י איז פריהער פאר אלץ א קאמענטאטאר; ער זוכט צו ערקלעהרען און פערשטענדליך צו מאכען דעם טעקסט ווי ער איז. די „בעלי התוספות“ זיינען קריטיקער. זיי אנאליזירען דעם טעקסט, צוגליעדערען איהם און שטרענגען זיך אן צו בעווייזען, ווען דאס איז נויטיג, אז ער איז ניט אין ווידערשפרוך מיט א צווייטען טעקסט, וועלכער ווייזט אויגענשיינ־

ליד אוים ווי א סתירה צום ערשטען. רש"י'ס פירושים זיי־
נען גוט פאר דעם אנפאנגער ווי פאר דעם למדן; צו פער־
שטעהן דעם „תוספות" מוז מען שוין זיין א למדן. רש"י
גיט דעם פשט פון דעם טעקסט; די „בעלי התוספות" זיינען
זיך שוין מפלפל, אבער דאס איז ניט דער פלפול, וואס פיהרט
צונויף א וואנד מיט א בוידעם, ווי ער האט זיך שפּעטער ענט־
וויקעלט, נאר על פי רוב א טיעפער אנאליז פון דעם ענין.
וואס ווערט בעהאנדעלט.

אויך אויף דעם געביעט פון דער ביבעל־ערקלעהרונג און
ביבעל־פארשונג זיינען רש"י'ס תלמידים געגאנגען ווייטער
פון איהם, כאטש קיינער פון זיי האט ניט בעזעסען זיין קורצ־
קייט, קלאהרקייט און געשמאק. דאס רוב פון די דאזיגע
ביבעל־ערקלעהרער זיינען אויך געווען פון די בעלי התוספות.

ר' יוסף בר' שמעון קרא איז געווען א
אינגערער צייט־גענאסע און װאהרשיינליך א תלמיד פון
רש"י'ן. ער איז געבארען געווארען צווישען 1060 און 1070.
און האט געוואהנט אין טרוא. אין זיינע פירושים אויף
דער ביבעל האלט ער זיך שטרענג אן פשט. ער קומט ארויס
מיט דער בעהויפּטונג, אז „שמואל" איז ניט געשריבען גע־
ווארען פון דעם נביא שמואל, נאר פון אן אנדערען.

ר' יוסף בן יצחק בכור שור איז געווען
א צווייטער ביבעל־קאמענטאטאר, וואס האט זיך געהאלטען
שטרענג אן פשט. ער איז געווען א תלמיד פון רשב"ם.
רבינו תם און דעם אויבענדערמאנטען ר' יוסף
קרא. ער איז דער ערשטער, וואס מאכט אויפמערקזאם, אז
אין „בראשית" געפינען זיך צווייערליי ערצעהלונגען וועגען
דער שעפּפונג, א זאך וואס די מאדערנע ביבעל־קריטיקער הא־
בען גאר פון דאס ניי „ענטדעקט". די ניסים זוכט ער צו ער־
קלעהרען אויף א נאטירליכען וועג. דער „עץ החיים", מיינט
ער, איז געווען א בוים פון רפואות. ער זוכט אויך צו ערקלעה־
רען די מעשה מיט לוט'ס ווייב, וואס איז געווארען א
שטיק זאלץ, אויף א נאטירליכען וועג. ער איז אויך איינער
פון די בעלי התוספות.

רבי שמואל בר׳ מאיר, דער ר ש ב " ם, איז געבארען געווארען אין ראמערא אין יאהר 1085 און איז געשטארבען אין 1174. ער איז געווען דער עלטסטער און אין פיעלע הינזיכטען דער בעדייטענדסטער פון ר׳ מ א י ר׳ס פיער זיהן, כאטש ער איז ווייט ניט געווען אזוי בעריהמט ווי זיין אינגערער ברודער, רב י נ ו ת ם.

פון ר ש ב"ם׳ס לעבען איז אונז וועניג בעקאנט. ער איז געווען א שטילער, צוריקגעהאלטענער מענש און שטענדיג פערטיעפט אין זיינע מחשבות. עס ווערט פון איהם דערצעהלט אן אנעקדאט, אז ער האט זיך איינמאל פערטראכטערהייט אוועקגעזעצט אפרוהען אויף א וואגען, אויף וועלכען מען האט געפיהרט בהמות, און האט גאר ניט בעמערקט ווי דער וואגען איז אפגעפאהרען און האט איהם פערפיהרט א גרויסע שטרעקע פון שטאדט.

ער האט געשריעבען קאמענטארען אי אויף דער ביבעל און אי אויף דעם תלמוד. א טהייל פון זיי זיינען אפגעדרוקט געווארען אין דער גמרא אנשטאט רש"י, ווי צום ביישפיעל, פון עמוד כ"ט „בבא בתרא" ביז׳ן ענדע. ער צייגט זיך ארויס צו זיין א גוטער קאמענטאטאר, אבער ווייט ניט אזוי קלאהר און קורץ ווי זיין זיידע רש"י.

דער רשב"ם איז געווען פאר זיין צייט א העכסט געבילדעטער מענש. ער האט בעזעסען גרינדליך די העברעאישע שפראך און איז פעררעכענט אלס איינער פון די בעסטע העברעאישע גראמאטיקער אין פראנקרייך פון יענער צייט. דערצו האט ער אויך געקענט פראנצויזיש און זאגאר לאטייניש.

אין זיינע פירושים אויף דער ביבעל האלט ער זיך שטריינג אן פשט. אין מאנכע פלעצער ווייזט ער ארויס א געניגענדע בעקאנטשאפט מיט די וויסענשאפטען פון זיין צייט. ווי עס ווייזט אויס איז איהם אויסגעקומען צו האבען ויכוחים מיט קריסטליכע געלעהרטע וועגען דער ביבעל און ער האט זיי איבערצייגט אין זייער טעות. דער זוכען פון פראסטען פשט איז פאר פיעלע פון די אידישע ביבעל-

ערקלעהרער דאַמאַלס געווען אַ מין וואַפע געגען די קריסטען, וועלכע פלעגען צודרעהען די פּסוקים און אריינטייטשען אין זיי אַלערליי כונות, כדי זיי זאָלען זיך צופּאַסען צו די קריסטליכע לעהרען.

דער רשב״ם בעזיצט אַ שאַרפען קריטישען קוק, און ער ערלויבט זיך צו מאַכען בעהויפּטונגען, וועלכע זיינען גאַנץ מאָדערנע. אַזוי צום ביישפּיעל, זאָגט ער, אַז דער ספר „קהלת" פאַנגט זיך אַן פון דריטען פּסוק. די ערשטע צוויי פּסוקים זיינען אַ מין הקדמה צוגעשטעלט פון דעם רעדאַקטאָר. דעם „שיר השירים" בעטראַכט ער אַלס אַ ליעבעס־ליעד. פון דעם פּסוק „ויהי ערב, ויהי בקר יום אחד" (עס איז געווען אָבענד און עס איז געווען מאָרגענס, איין טאָג) וויל ער אויסדרינגען, אַז דער טאָג פאַנגט זיך אַן פון פריהמאָרגענס, ניט פון דעם פריהערדיגען אָבענד. אויף אַזאַ אופן וואָלט דאַרפען אויסקומען, אַז דער שבת דאַרף זיך אַנפאַנגען ניט פרייטאָג צו־נאַכטס, נאָר שבת אין דער פריה, און שבת־נאַכטס דאַרף ניט זיין קיין וואָכעדיגער אָבענד, נאָר דער אָבענד פון רוה. די דאָזיגע אויסטייטשונג איז שוין געווען צופיעל אפילו פאַר דעם אבן־עזרא, וועלכער האָט דעם רשב״ם שטאַרק אַטאַקירט דערפאַר אין זיין „אגרת השבת".

זיין אינגערער ברודער, ר' יעקב ב״ר מאיר, אָדער „רבינו תם", איז געבאָרען געוואָרען אין ראַמערא אין 1110 און איז געשטאָרבען אין טרואַ אין יאָהר 1171. אחוץ רש״י ווערט ער בעטראַכט אַלס דער גרעסטער תלמודיסט, וואָס דאָס פראַנצויזישע יודענטהום האָט פון זיך אַרויסגעגעבען. ער ווערט גערעכענט אַלס דער וויכטיגסטער פון אַלע בעלי־התוספות", און אַלס דער גרינדער פון דער דאָזיגער שוהלע. ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין שאַרפען קאָפּ, און ער זאָל זיך האָבען בעריהמט, אַז עס איז ניטאָ קיין סתירה אין תלמוד, וואָס ער זאָל ניט קענען פערענטפערען. דערפאַר איז ער געווען געגען דעם, אַז מען זאָל קאָרעגירען

די נוסחאות פון דעם תלמוד, ווייל מען קען זיי אלע פער־ענטפערען.

א חוץ אין תלמוד האט ער זיך אויך אויסגעצייכענט מיט זיינע גראמאטישע קענטניסע, און ער איז געווען דער ערשטער צווישען די פראנצויזישע אידען, וואס האט גע־שריבען לידער אויף דעם שטייגער פון די אידיש־שפא־נישע פאעטען.

ביים פאלק האבען זיך אויסגעארבייט פערשיעדענע לעגענדען וועגען איהם. לויט איין לעגענדע האט ער אמאל געהאט א ויכוח מיט משה רבינו, ווען ער האט געזאגט אז ער האט א טעות.

אין זיינע דינים איז ער געווען א מקיל און האט געזוכט ווי ווייט מעגליך צו פערלייכטערען די פערשיע־דענע חומרות.

נאך זיין פאטער'ס טויט איז „רבינו תם" געווארען דער ראש - ישיבה אין ראמערא און שפעטער איז ער געווארען דער הויפט פון דער ישיבה אין טרוא, וועלכע רש"י האט געגרינדעט. רבינו תם האט געהאט פיעל תלמידים, וועלכע האבען אויך בעלאנגט צו די „בעלי־התוספות".

אין רבינו תם'ס צייטען האט זיך די לאגע פון די אידען אין פראנקרייך אנגעפאנגען צו פערערגערען, איהם אליין איז אויסגעקומען צו ליידען דערפון. ווען ער איז נאך געווען א יונגער מאן זיינען איהם די קרייץ־פאהרער, פון דעם צוויי־טען קרייץ־צוג, בעפאלען, בערויבט פון אלס וואס ער האט פערמאגט און שיעור ניט ערמארדעט. זיי האבען איהם גע־מאכט פינף שווערע וואונדען פאר די פינף וואונדען, וועלכע י ע ז ו ס זאל לויט דער טראדיציע האבען געהראגען. ער איז גערעטעט געווארען פון טויט דורך זיינעם א בעקאנטען ריטטער, וועלכער האט זיך, מעשה אמת'ער ריטטער, גע־לאזט דערפאר גאנץ פיין בעצאהלען.

די בעציהונגען צווישען די אידישע און די קריסטלי־כע בעפעלקערונג האבען אנגעפאנגען צו ווערען אלץ ער־גער און ערגער. די סאמע שווידערליכסטע פאגראמען האבען

גענומען ווערען טעגליכע פאסירונגען. אידישעס לעבען און אידישעס בלוט זיינען געוואָרען הפקר. די אויפגעהעצטע און צווישעטע באנדעס האבען גערויבט מיט דער צושטימונג פון די בעאמטע און אונטער דער פיהרונג פון די גלחים.

די אידען זיינען געווען מאכטלאָז און האבען זיך ניט געקענט העלפען. פלעגט זיך טרעפען א „גוטער“ פירסט אדער א „גוטער“ בישאף, פלעגט ער גנעדיגסט צונעהמען זייערע פערמעגענס און זיי שענקען זייערע לעבענס. דאס רוב אבער פלעגען זיי זיך מיט דאס געלד אליין ניט בענוגענען, און פלעגען אויך וועלען די נפשות. אום אויסצומייַדען אירגענד וועלכע צוזאמענשטויסען מיט דער קריסטליכער בעפעלקערונג, האבען זיך די אידען אלץ מעהר גענומען אפזונדערען פון דעם ארומיגען אלגעמיינעם לעבען און זיך פערבארגען אין די ענגע טויערען פון זייערע גהעטאָס. ר ב י נ ו ת ם מיט זיין עלטערען ברודער, דער רשב“ם, האבען פעררופען א גרויסע אסיפה פון די רבנים אין צפון פראנקרייך און אין די רהיינישע פראָווינצען. די דאָזיגע אסיפה, אין וועלכער עס האבען זיך בעטהייליגט הונדערט און פופציג רבנים, האט געמאכט פערשיעדענע תקנות, וועמעס אויפגאבע ס'איז געווען צו פערהיטען, אויף ווי ווייט עס איז מעגליך, די אויפרייצונג פון די קריסטען געגען די אידען. צווישען די איבעריגע תקנות זיינען אויך איינגעפיהרט געוואָרען די פאלגענדע צוויי: 1) אידען טאָרען ניט נעהמען אלס משכנות אדער קויפען פון די גלחים אירגענד וועלכע „הייליגע“ ציערונג אדער חפצים פון דער קירכע. 2) אידען טאָרען זיך ניט קלאָגען איינע די אנדערע אין די קריסטליכע געריכט־הייזער. אלע סכסוכים וואָס אידען האבען צווישען זיך, דארפען פארגעבראַכט ווערען פאר א אידישען בית דין און דער פסק דין זאָל דורכגעפיהרט ווערען פון די „שבעה־טובי־העיר“, פון די זיעבען שעהנסטע בעלי־בתים פון שטאָדט. א חרם איז ארויפגעלעגט געוואָרען אויף די יעניגע, וועלכע וועלען די דאָזיגע תקנות ניט אפהיטען.

פראנקרייך איז דאָס לאנד, וואָס האט צום ערשטען

ארויסגעבראכט געגען די אידען די שמוציגע „עלילת דם“. די דאָזיגע מיאוס׳ע בעשולדיגונג, וועלכע די רוימער האבען בעשולדיגט די ערשטע קריסטען צוליעב זייערע מיסטעריען פון „גאָט׳ס בלוט און גאָט׳ס פלייש“, האבען די פראנצויזישע קריסטען צום ערשטען ארויפגעווארפען אויף די אידען. אין ב ל ו א האט מען געפונען דעם טוידטען קערפער פון א קריסטליכען אינגעל אין וואסער. באלד האט זיך געפונען א קריסטליכער בעל עגלה, וואס האט געזאגט, אז ער האט אליין געזעהן, ווי א אידישער בעל-עגלה האט דעם קערפער אהין אריינגעווארפען. עס האט זיך פערשפרייט דער קלאנג, אז די אידען האבען איהם פריהער געקרייציגט, דאן אויסגעצאפט דאס בלוט און דאס פערברויכט צום סדר.

עס האט זיך אנגעפאנגען א פראצעס. עס זיינען נאטירליך ניט געווען קיינע בעווייזע א חוץ די עדות פון דעם קריסטליכען בעל עגלה, און עס האט געהאלטען דערביי, אז די אידען זאלען בעפרייט ווערען, בפרט אז די אידען זיינען געווען פארטיג צו אוועקגעבען זייער גאנצען פערמעגען. דא האט זיך אבער אריינגעמישט א פרומער גלח און האט געגעבען די פאלגענדע קלוגע עצה: מען זאל דעם בעשולדיגער אריינלייגען אין א שיפעל מיט הייליגע וואסער און אריינווארפען אין טייך. אויב די שיפעל וועט זינקען איז א סימן, אז ער זאגט ליגען; אויב זי וועט שווימען איז א סימן, אז ער האט געזאגט דעם אמת. די שיפעל האט נאטירליך ניט געזונקען, און פופציג אידען, מענער, פרויען און קינדער, זיינען הינגעריכטעט געווארען. דאס רוב פון זיי דורך פערברענען.

ווען דער רבינו תם, וועלכער האט, ווי זיין זיידע רש״י, געפריידיגט ליעבע און טאלעראנץ צו אלע אנדערש-גלויביגע, האט זיך דערפון דערוואוסט, איז ער פון עגמת נפש און הארץ-וועהטאג שטארק קראנק געווארען. ער האט ארויסגעשיקט בריעף צו אלע רבנים פון פראנקרייך און די רהיינישע פראווינצען, אין וועלכע ער האט זיי אויפ-

געפאדערט, אז זיי זאלען דעם טאג, ווען די הינריכטונג פון די מארטירער איז פארגעקומען, פעראייביגען אלס תענית און טרויער־טאג. דאס איז געווען אין כ׳ סיון.

רבינו תם האט דעם קלאפ ניט געקענט אריבערטראַגען און אין צוויי וואכען שפעטער, אין דעם נײנטען יוני, (דעם פיערטען תמוז) 1171 איז ער געשטארבען.

מיט דעם טויט פון רבינו תם איז נאך דיא טהעטיגקייט פון רש״י׳ס שוהל ניט אין גאנצען אבגעשטארבען. אבער זי האט שוין אנגעפאנגען צו פערליערען איהר גלאנץ. די גרויסע קולטורעלע בעוועגונג פון די פראנצויזיש־דייטשע אידען איז איבערגעריסען געווארען מיט געוואלט, איידער זי האט נאך געהאט צייט אין גאנצען זיך צו ענטוויקלען. דורך די רדיפות וואס די אידען האבען געהאט אויסצושטעהן, אנשטאט די געזונדע, ראציאנאלע און נאטירליכע ביבעל־און תלמוד־פארשונג, מיט וועלכע רש״י און זיינע תלמידים האבען זיך אויסגעצייכענט, האבען זיך גענומען בעווייזען אלערליי מיסטישע שטרעמונגען און אויסטייטשונגען. דאס לעבען איז געווארען פאר די אידען א שווערע, אונערטרעגליכע משא, און זיי האבען גענומען אנטלויפען פון דער ווירקליכקייט אין די פאנטאסטישע וועלטען, וואס זיי האבען זיך אליין געשאפען.

# די אידען אין דרום־פראַנקרייך.

VI.

די אידען פון דרום־פראַנקרייך אלס די פערמיטלער צווישען דער אידיש־אראבישער קולטור און די אידישע קולטור פון די אַנדערע אייראפעאישע לענדער. די פאמיליע קמחי: ר' יוסף קמחי און זיין זוהן דוד קמחי (דער רד"ק). די פאמיליע אבן־תבון, די פאטער פון די איבערזעצער. ר' יהודה אבן־תבון, ר' משה אבן־תבון און די ספרים וואס זיי האבען איבערזעצט פון אראביש און העברעאיש. די קולטורעלע בעדייטונג פון זייערע איבערזעצונגען. אנדערע מיטגליעדער פון דער אבן־תבון פאמיליע.

אין דעם קולטורעלען לעבען פון דעם אידישען פאלק אין עלפטען, צוועלפטען און דרייצעהנטען יאהרהונדערט זיינען צו בעמערקען צוויי שטרעמונגען, וועלכע זיינען זיך געגאנגען אין פערשיעדענע ריכטונגען, כאטש זיי זיינען ביידע ארויס פון דעם זעלבען קוואל. די אידען פון שפאניען, ווערענדיג בעאיינפלוסט פון די אראבער, האבען נאך אריבערגעשטייגט זייערע רביים און האבען געשאפען די גרויסארטיגע אידיש־שפאנישע קולטור מיט איהר פילאזאפיע, וויסענשאפט און פאעזיע. אין די אנדערע אייראפעאישע לענדער ווי איטאליען, פראנקרייך און דייטשלאנד, וואו די ארטיגע קריסטליכע בעפעלקערונג איז געווען פערזונקען אין פינסטערניס און אין אונוויסענהייט, זיינען די אידען געבליבען פרעמד צו דער פילאזאפיע און די וויסענשאפטען. די קולטור פון זייערע ברידער אין שפאניען איז זיי פאר א געוויסער צייט כמעט אין גאנצען געבליבען

אונבעקאנט, ווייל די מעהרסטע פון די אידיש־שפּאַנישע פילאזאָפישע און וויסענשאַפטליכע ספרים זיינען געשריבען געוואָרען אין אראביש. די אידען פון די אויבענדערמאַהנטע לענדער האבען זיך אויסגעארבייט אַן אייגענע קולטור, וועלכע איז הויפּטזעכליך בעשטאַנען אין ביבעל און תלמוד פאָרשונג.

די דאזיגעביידע שטרעמונגען זיינען אבער פעראייניגט געוואָרען דורך דער הילף פון די אידען אין דרום־פראַנק־רייך, וועלכע זיינען געווען נאָהענטע שכנים מיט זייערע שפּאַנישע ברידער און זיינען געקומען אונטער זייער איינ־פלוס. אין דרום־פראַנקרייך האבען זיך בעגעגענט די ביידע קולטורען און זיינען איינע פון דער אַנדערער בעאיינפלוסט געוואָרען. די אידען פון דרום־פראַנקרייך, צווישען וועלכע עס האבען זיך געפונען מאַנכע פליכטלינגע פון שפּאַניען. האבען בעקאנט געמאַכט די אידען פון די אַנדערע איירא־פּעאישע לענדער מיט דער אידיש־שפּאַנישער ליטעראַטור דורך דעם, וואָס זיי האבען די וויכטיגסטע ווערק פון די שפּאַניער איבערזעצט פון אראביש אין העברעאיש, אין א שפּראַך וואָס איז געווען פערשטענדליך פאר די מייסטע אידען פון אלע לענדער. די אידען פון דרום־פראַנקרייך, א חוץ וואָס זיי האבען שפּעטער ארויסגעגעבען זייערע אייגנע פילא־זאָפען און געלעהרטע, האבען זיך פערדיענט געמאַכט דערמיט, וואָס זיי זיינען געווען די פערמיטלער צווישען דער אידיש־שפּאַנישער קולטור און די אידישע קולטור אין די אַנדערע איירא־פּעאישע לענדער.

די וויכטיגסטע צווישען די דאזיגע פערמיטלער זיינען די אבן־תבון'ס און די קמחי'ס.

ר' יוסף קמחי איז געבאָרען געוואָרען אין שפּאַ־ניען בערך אין יאָהר 1105. צוליעב דיא פערפאָלגונגען פון די אלמאָהאַדען איז ער געצוואונגען געוואָרען צו פער־לאָזען שפּאַניען און האט זיך בעזעצט אין נארבאָן, פּראָווענס, פון דרום־פראַנקרייך. דאָרטען האט ער געעפענט א שוהל, וואו ער האט זיינע תלמידים געלערנט

העברעאישע גראמאטיק, תנ"ך מיט'ן פראסטען פשט און וואהרשיינליך אויך פילאזאפיע.

ר' יוסף קמחי איז בעריהמט אלס קאמענטאטאר אויף דער ביבעל, כאטש די מעהרסטע פון זיינע קאמענטארען זיינען פערלארען געגאנגען.

צווישען די ספרים, וואס ער האט איבערזעצט פון אראביש געפינען זיך דער „חובות הלבבות" פון בחיי אבן־פאקודא און א ווערק איבער עטהיק פון ר' שלמה אבן־גבירול, וועלכען ער האט א נאמען געגעבען „שקל הקדש". אין זיינע איבערזעצונגען האלט ער זיך ניט אן דעם טעקסט פון דעם מחבר, ער גיט וואס מען רופט א פרייע איבערזעצונג. דאס איז געווען די אורזאכע, וואס זיין צייט־גענאסע ר' יהודה אבן־תבון האט געפונען פאר נויטיג צו געבען אן אנדערע איבערזעצונג פון די דערמאהנטע צוויי ביכער, וועלכע איז געווען מעהר טריי צום טעקסט.

עס געפינען זיך פראגמענטען פון זיינעם א בוך „ספר הברית", וועלכער שטעלט פאר א וכוח צווישען א אידען און א קריסט. דער מחבר זוכט צו בעווייזען, אז דיא אידישע אמונה איז שוין דערפאר אליין די בעסערע און די אמת'ע, ווייל די אידען זיינען בעסערע מענשען ווי די קריסטען. די אידען היטען אב די „עשרת הדברות", זיי בוקען זיך ניט צו איקאנען, זיי מארדען ניט, זיי שווערען ניט פאלש, זיי היטען זיך פון זנות. עס זיינען ביי אידען ניטא קיין רויבער. די אידען ערציהען זייערע קינדער אין גוטע מדות, אין דרך־ארץ פאר עלטערע; די אידישע טעכטער זיינען צנועות, פער־לאזען ניט זייערע היימען און פיהרען ניט קיין זייטיגע ליעבעס מיט „ריטטער". די אידען העלפען זיך איינע די אנדערע; זיי זעטיגען דעם הונגעריגען; בעקליידען דעם נאקעטען; לייזען אויס דעם געפאנגענעם; האדעווען יתומים און ער־ציהען זיי אין די וועגען פון דער תורה,—אלץ אזעלכע מדות, וואס מען געפינט ניט ביי די קריסטען. דער קריסט איז אין דעם וכוח מודה, אז די אידען זיינען העכער אין די דאזיגע מדות פאר די קריסטען, אבער ער בעשולדיגט די אידען אין

זייער ליעבע צו געלד, וואס זיי נעהמען אזעלכע שווערע פראָ־צענטען פון די קריסטען. דער איך פערענטפערט זיך, אז די קריסטען נעהמען אויך פראצענט און זיי רייסען די הויט גיט בלויז פון פרעמד־גלויביגע נאר אויך פון זייערע אייגענע ברידער. וועהרענד די אידען לייהען זייערע אייגענע ברידער געלד אהן פראצענט.

ר' יוסף קמחי האט געהאט צוויי זיהן: ר' משה און ר' דוד קמחי.ביידע זיינען געווען געלעהרטע גראַ־מאטיקער און קאמענטאטארס, נאר דער לעצטער איז דער וויכטיגסטער צווישען זיי.

ר' דוד קמחי („דער רד"ק") איז געבארען געווארען אין נארבאן אין יאהר 1160 און איז געשטארבען אין 1235.

איינער פון זיינע וויכטיגסטע ספרים איז דער „מכלול", וועלכער בעשטעהט פון צוויי טייל. דער ערשטער טייל איז אן אבהאנדלונג איבער דער העברעאישער גראמאטיק; דער צווייטער טייל איז א לעקסיקאן פון די ווארצלען פון די העב־רעאישע ווערטער און הייסט „אוצר השרשים".

ער האט געשריעבען פירושים אויפ'ן ספר „בראשית", אויף דיא נביאים, אויפ'ן תהלים און אויף דברי הימים. בכלל האלט ער זיך אין זיינע פירושים אן דעם פראסטען פשט פון דיא ווערטער, נאר מאנכע שטעלען זוכט ער אויסצוטייטשען אויף א פילאזאפישען וועג, זייענדיג בעאייפלוסט פון רמב"ם. אין זיין פירוש אויף תהלים געפינען זיך וכוחים געגען די קריסטען, וועלכע זוכען אויסצוטייטשען געוויסע פסוקים און גאנצע קאפיטלען אויף אזא אופן, אז זיי זאלען זיך פאסען מיט זייער אמונה. די דאזיגע שטעלען זיינען ארויסגעוואר־פען געווארען פון די צענזארס, אבער זיי זיינען שפעטער אבגעדרוקט געווארען בעזונדער אונטער דעם טיטעל „תשובות לנוצרים".

דעם רד"ק'ס פירושים זיינען אויך איבערגעזעצט געווארען אין לאטייניש, און ווי דער אידיש־ענגלישער

געלעהרטער אבראהאמס וויל האבען, איז די אפיציעלע ענגלישע איבערזעצונג פון דער ביבעל שטארק בעאיינפלוסט געווארען פון זיינע קאמענטארען.

אין דער ערסטער מהלוקה וואס האט אויסגעבראכען ווע־גען דעם רמב"ם'ס „מורה נבוכים" איז דער רד"ק געווען דער אנפיהרער פון דעם רמב"ם'ס פערטהיידיגער.

ר' יהודה אבן־תבון איז געבארען געווארען אין גראנאדא, שפאניען, אין יאהר 1120 און איז געשטארבען אין יאהר 1190. אין יאהר 1150 האט ער פערלאזען שפא־ניען צוליעב די פערפאלגונגען פון די אל מאהאדען און האט זיך בעזעצט אין לונעל, דרום פראנקרייך. דארטען האט ער אנגעפאנגען צו פראקטיצירען מעדיצין און האט זיך שנעל ערווארבען א גרויסען נאמען. ער איז באלד בעפריינ־דעט געווארען מיט ר' משולם ב"ר יעקב, וועלכער האט געשפיעלט אין דרום פראנקרייך די זעלבע ראלע פון מעצענאט און שמיצער פון געלעהרטע, וואס חסדאי אבן שאפרוט האט געשפיעלט אין זיין צייט אין שפאניען.

אויף דעם פערלאנג פון דעם דאזיגען ר' משולם האט זיך יהודה אבן־תבון גענומען צו איבערזעצען פון אראביש אין העברעאיש די ספרים פון די אידיש־אראבישע געלעהרטע און פילאזאפען.

צווישען די וויכטיגסטע ספרים, וואס ער האט איבער־זעצט געפינען זיך:

דער „האמונות והדעות" פון רב סעדיה גאון.
דער „חובות הלבבות" פון בחיי אבן־פאקודא.
די גראמאטישע ווערק פון ר' יונה אבן־גאנח.
דער „מבחר הפנינים" פון ר' שלמה אבן־גבירול.
דער „כוזרי" פון ר' יהודה הלוי.

ר' יהודה אבן־תבון האלט זיך אין זיינע איבערזעצונגען טריי צו דעם טעקסט, און דערפאר זיינען זיי גאנץ אפט שווער. ער פערענטפערט זיך, אז דאס איז די שולד פון דער

העברעאישער שפראך, וועלכע איז אָרעם אין ווערטער און אויסדריקע.

ר׳ יהודה אבן־תבון איז געווען צופיעל פערנומען מיט זיין ארבייט אלס איבערזעצער און מיט זיין מעדיצינישער פּראַקטיק, אז ער זאָל זיך אויך האבען געקענט אבגעבען מיט שרייבען אייגענע ווערק. אין זיין „צוואה“, וואָס ער האָט געלאָזען פאר זיין זוהן, ר׳ שמואל אבן־תבון, דער־מאָנט ער זיין ספר „סוד צחות הלשון“ איבער העברעאישער גראַמאַטיק, וועלכער איז אבער פערלאָרען געגאַנגען.

אינטערעסאַנט איז זיין צוואה, וואו ער פערזאָגט זיין זוהן, אז ער זאָל היטען די ביבליאָטעק, וואָס ער האָט פון זיינטוועגען אַנגעזאַמעלט. „איך האָב אָנגעזאַמעלט אַ גרויסע ביבליאָטעק, כדי דו זאָלסט ניט דאַרפען ארומלויפען באָרגען ביכער... קוק איבער דיינע העברעאישע ביכער איינמאל אַ מאָנאַט; דיינע אַראַבישע איינמאָל אין צוויי מאָנאַטען... האַלט דיין ביבליאָטעק אין אָרדנונג, כדי דו זאָלסט צו יעדער צייט געפינען דעם בוך וואָס דו דאַרפסט... האַלט זיי אין שראַנקען און מאַך דיר ליסטען פון די ביכער פון יעדער פּאָליצע. היט זיי פון פייכטקייט, פון שטויב און פון מייז. פערדעק זיי מיט שעהנע גאַרדינען, ווייל ביכער זיינען דער בעסטער אוצר.“ אין דער זעלבער צוואה גיט ער דעם זוהן עצות און כללים, ווי אַזוי צו מאַכען איבערזעצונגען, אין פאַל איהם וועט זיך געלוסטען צו טהאָן די דאָזיגע ארבייט.

ר׳ שמואל אבן־תבון איז געבאָרען געוואָרען אין לונעל בערך אין יאהר 1150 און איז געשטאָרבען אין מאַרסעל אין יאהר 1230. זיין פאַטער, ר׳ יהודה, האָט איהם געגעבען אַ גוטע ערציהונג. אַ חוץ העברעאיש און אַראַביש, וואָס ער האָט גרינדליך געקענט איז ער אויך געווען בעקאַנט מיט דער מעדיצינישער וויסענשאַפט, וועלכע ער האָט אבער, ווי עס ווייזט אויס, ניט פּראַקטיצירט.

ר׳ שמואל אבן־תבון איז געווען אַ שטאַרקער אנהענגער פון רמב״ם׳ס פילאָזאָפיע. אין מאַנכע הינזיכטען איז ער באַך געגאַנגען ווייטער ווי דער רמב״ם. לויט איהם זיינען

די אלע ערצעהלונגען פון דער ביבעל ניט מעהר ווי משלים און אלעגאריען, וועלכע האבען א טיפערען זין און א פער־באָרגענע בעדייטונג.

ער אליין האט אויך געשריבען אריגינעלע ווערק, צווישען וועלכע עס געפינט זיך זיין „מאמר יקוו המים“. אן אב־האנדלונג איבער פילאזאפיע אין צוויי און צוואנציג קאפיט־לען; א פילאזאפישע אבהאנדלונג איבער „קהלת“ און מאנכע אנדערע. בעריהמט איז ער אבער געווארען הויפט־זעכליך צוליעב זיינע איבערזעצונגען, צווישען וועלכע דעם רמב"ם'ס „מורה נבוכים“ פערנעהמט דעם ערשטען פלאץ.

זיין איבערזעטצונג פון דעם „מורה נבוכים“ איז אין מאנכע שטעלען שווער און ניט אין גאנצען קלאר, אבער דאס בעהמט זיך דערפון, וואס ער, פונקט ווי זיין פאטער, האלט זיך שטרענג אן טעקסט און זוכט צו געבען א ווערטערליכע איבערזעצונג. בכלל איז אבער זיין איבערזעצונג זעהר א גוטע, בפרט ווען מען נהמט אין אנבעטראכט, אז זיין פאטער און ער זיינען געוועזן די ערשטע צו איבערזעצען פילא־זאפישע ווערק אין העברעאיש. זיי האבען ניט בלויז גע־דארפט איבערזעטצען, נאר זיי האבען אויך געדארפט שאפען א שפראך. איינע פון די גרויסע פערדיענסטען און אויפ־טהועכצען פון די א ב ן ־ ת ב ו ן'ס בעשטעהט אהן ספק אין דעם, וואס זיי האבען בעשאפען א פילאזאפישע שפראך, א פילאזאפישע טערמינאלאגיע, אין העברעאיש. ביז זיי איז די העברעאישע שפראך געווען רייך גענוג פאר פאעזיע, פאר פראגען פון געזעץ, אפשר אויך פאר'ן טעגליכען געברויך, אבער זי האט ניט בעזעסען קיינע פילאזאפישע אויסדריקע, קיינע ווערטער וואס זאלען אויסדריקען גענוי און פינקטליך יענע אבסטראקטע און הויכע ענינים. די א ב ן ־ ת ב ו ן'ס, פאטער און זוהן, הויפטזעכליך דער לעצטער, האבען געשא־פען די דאזיגע ווערטער און אויסדריקע, וועלכע האבען אפשר די ערשטע צייט געקלונגען פרעמד, אבער וועלכע האבען אין פערלויף פון דער צייט געקראגען בירגער־רעכטע און זיינען איצטער פונקט אזא טייל פון דער העברעאישער שפראך

ווי די אַלע אַנדערע ווערטער, ווי די ווערטער פון דער ביבעל גופא. ר׳ שמואל אבן־תבון האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז ער טהוט אויף אַ נייעם און ער האָט דאַרום ביים ענדע פון דעם „מורה נבוכים״ צוגעשריבען אַ „ביאור מהמלות הזרות״ (אַן ערקלערונג איבער די פרעמדע ווערטער).

נים קוקענדיג אויף די שוועריגקייטען וואָס שמואל אבן־תבון האָט געהאָט צוליעב דער אָרעמקייט פון דער העברעאישער שפּראַך אין פילאָזאָפישע אויסדריקע, איז איהם דאָך געלונגען איבערצוגעבען דעם רמב״ם׳ס געדאַנקען מיט אַלע איינצעלהייטען און שאַטירונגען. נים אומזיסט האָט מען איהם און זיין פאָטער בעטיטעלט מיט דעם נאָמען „אבות המעתיקים״, די פאָטערס פון די איבערזעצער. דער רמב״ם אַליין איז געווען צופריעדען מיט אבן־תבון׳ס איבערזעצונג. ער דריקט אויס זיין צופריעדענהייט אין אַ בריעף, וואָס ער האָט געשריעבען צו ר׳ שמואל אבן־תבון: „דו ביזט זיכער דער יעניגער, וועמען גאָט האָט געבענשט מיט דער פעהיגקייט צו איבערזעצען פון איין שפּראַך אין דער אַנדערער, ווייל ער האָט דיר בעשאָנקען מיט אַ שכל צו פערשטעהן די משלים און די מליצות, די רייד פון חכמים און זייערע רעטעניסען. איך האָב דערקענט אין דיינע ווערטער, אַז דו ביזט אַריינגעדרונגען אין די טיעפעניסען פון דעם ענין, און די פערבאָרגענע סודות (פון דעם מורה נבוכים) זיינען פאַר דיר ענטדעקט געוואָרען.״

אַ חוץ דעם „מורה נבוכים״ האָט ר׳ שמואל אבן־תבון איבערזעצט פיעלע אַנדערע פון דעם רמב״ם׳ס שריפטען, ווי זיין „מאמר תחית המתים״, „אגרת תימן״, „שמונה פרקים״ און אַ טייל פון זיין פירוש אויף דער משנה. ער האָט אויך איבערזעצט אין העברעאיש מאַנכע שריפטען פון אַראַבישע פילאָזאָפען און אַ ווערק פון אַריסטאָטעלס (אותות השמים).

די קולטורעלע בעדייטונג פון די דאָזיגע איבערזעצונגען קען נים איבערשאַצט ווערען. די איבערזעצונגען האָבען געגעבען די מעגליכקייט פאַר די אידען פון די אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער זיך צו בעקענען מיט די בעסטע און די

וויכטיגסטע ספרים פון דער אידיש־אראבישער פילאזאפיע, וועלכע האבען אויסגעאיבט אזא געוואלדיגען איינפלוס אויף דעם גייסטיגען לעבען פון דעם אידישען פאלק. ווער קען ווּיסען, אויב אזעלכע ספרים ווי דער „האמונות והדעות", דער „חובות הלבבות", דער „כוזרי" און דער „מורה נבוכים" וואלטען אין גאנצען ניט פערלארען געגאנגען, ווען זיי וואלטען ניט איבערזעצט געווארען אין העברעאיש? זיינען דאך פיעלע פון די אידיש־אראבישע שריפטען ווירקליך פערלארען געגאנגען, צווישען זיי אזעלכע גרויסע ווערק ווי אבן־גבירול'ס „מקור חיים". די דאזיגע איבערזעצונגען האבען געהאט א גרויסע בעדייטונג ניט בלויז פאר זייער צייט און פאר זייער ארט, נאר אויך פאר פיעלע דורות שפעטער און אין די אלע פערשיעדענע לענדער, וואו דאס אידישע פאלק איז געווען צו־זייעט און צושפרייט. די אידען אין די אלע גלות־לענדער האבען זיך אלס אומגאנגס־שפראך בענוצט מיט די שפראכען פון די פעלקער צווישען וועלכע זיי האבען זיך געפונען: דיא אידען פון שפאניען האבען געברויכט אראביש; דיא פראנצויזישע אידען—פראנצויזיש, די איטאליענישע—איטאליעניש, און די דייטשע אידען—דייטש. א ווערק געשרעבען אויף אראביש איז דארום געבליבען אונפערשטענד־ליך פאר די אידען פון פראנקרייך, למשל, פונקט ווי א ווערק געשריעבען אויף פראנצויזיש וואלט געבליבען פרעמד פאר די אידען אין שפאניען. אבער די אלע פערשיעדענע טיילען פון דעם אידישען פאלק, וואו זיי זאלען זיך ניט האבען געפונען, האבען בעזעסען איין אלגעמיינע שפראך, וואס האט זיי אלעמען צוזאמענגעבונדען אין איין גאנצעם—דאס איז געווען די העברעאישע שפראך. זי איז געווען די שפראך פון דעם אידישען גייסטיגען לעבען; דיא שפראך פון זייער תורה, פון זייערע תפילות און פון זייער ליטעראטור. די גרעסטע ווערק געשריעבען אין אראביש, אפילו דער „מורה נבוכים", האט ניט געקענט האבען מעהר ווי א לאקאלע און צייטליכע בעדייטונג, בלויז פאר די אידען וואס האבען פערשטאנען אראביש און נור אויף דער צייט ווען זיי האבען

איהר פערשטאנען. דער רמב"ם אליין האט עס איינגעזעהען און האט חרטה געהאט פארוואס ער האט געשריבען אראביש. דורך אבן־תבון'ס העברעאישער איבערזעצונג האט ערשט דער „מורה נבוכים" געקראגען זיין פערדיענטען ווערטה און איינפלוס פאר אללע אידען פון אלע לענדער און אויף א גאנץ לאנגער צייט, ביז היינטיגען טאג.

ר' משה אבן־תבון איז געווען א זוהן פון ר' שמואל אבן־תבון. ער איז געווען א געלעהרטער דאקטאר, מאטהעמאטיקער און פילאזאף. ער איז דער פערפאסער פון אייניגע אריגינעלע ספרים, אבער ער האט זיך, וויא זיין פאטער און זיידע, הויפטזעכליך אפגעגעבען מיט איבערזעטצונגען. ער האט איבערזעצט דעם רמב"ם'ס „ספר מלות ההגיון" איבער לאגיק און מאנכע פון זיינע מעדיצינישע שריפטען. א חוץ דעם האט ער איבערזעצט אין העברעאיש מאנכע פון דיא ווערק פון דיא בעריהמטע אראבישע פילאזאפען אל־פאראבי, אבן־סינא און אבן־ראשד*). ער האט אויך איבערזעצט טהיילען פון יוקליד'ס געאמעטריע און אן אבהאנדלונג איבער אריפמעטיק. עס געפינט זיך אויך זיינע אן איבערזעצונג איבער אסטראנאמיע „חכמת הכוכבים" אדער „חכמת תכונה". מיט זיינע איבערזעצונגען האט ער געמאכט, אז די העברעאישע ליטעראטור פון יענער צייט איז, א חוץ דיא אראבישע, געווארען דיא רייכסטע אין פילאזאפישע און וויסענשאפטליכע ספרים.

די פאמיליע אבן־תבון האט ארויסגעגעבען פון זיך א גאנצע רייהע פון געלעהרטע און פילאזאפען, וועלכע האבען געשפיעלט א גרויסע ראלע אין דעם לעבען פון די אידען אין דרום־פראנקרייך און האבען אויך געהאט זייער איינפלוס אויף דיא אידען פון דיא אנדערע אייראפעאישע לענדער. פאר א געוויסער צייט האבען דיא אידען פון דרום־

*) „התחלת הנמצאים הטבעיים" פון אלפאראבי; „הסדר הקטן" פון אבן־סינא; „כללי השמים והעולם"; „ספר ההויה וההפסד"; „כללי ספר הנפש"; „החוש והמיחוש"; „מה שאחר הטבע", פון אבן־ראשד.

פראנקרייך געטראָגען דעם פאקעל פון וויסען, וועלכען דיא שפּאנישע אידען האָבען צוליעב דיא רדיפות פון דיא אלמאָ־האדען געמוזט ארויסלאָזען פון זייערע הענד.

יעקב בן מכיר אבן־תבון, אן אייניקעל פון ר׳ שמואל אבן־תבון, האָט געלעבט אין דרום פראנקרייך אין ענדע דרייצעהנטען און אנפאנג פערצעהנטען יאָהרהונדערט. ער איז געווען א בעריהמטער אסטראנאָם און מאטהעמאטי־קער, און זיינע ספרים איבער אסטראָנאָמיע זיינען איבער־זעצט געוואָרען אין לאטייניש. ער און זיין קאָזין, ר׳ יהודה בר׳ משה אבן־תבון, האָבען זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דיא פערטהיידיגער פון רמב״ם, ווען דער קריעג צו־ליעב דעם „מורה נבוכים" האָט אויסגעבראָכען צום צווייטען מאָל אין דיא צייטען פון דעם רשב״א. ער איז דאמאָלסט גע־ווען א קאמפף ניט נאָר געגען דעם רמבם״ס ספרים אליין. נאָר געגען דעם שמודיום פון פילאָזאָפיע און וויסענשאפט בכלל.

דיא קולטורעלע טהעטיגקייט פון די אידען אין דרום פראנקרייך, וועלכע האָט אויסגעוויעזען צו ווערען א ווירדיגע נאָכפאָלגערין פון דער אידיש־אראבישער קולטור פון שפּאַ־ניען איז איבערגעריסען געוואָרען מיט געוואַלט דורך דיא שוידערליכע רדיפות, וואס האבען זיך אנגעפאנגען געגען אלע אידען פון פראנקרייך.

ביז דעם אלגעמיינעם לעצטען גירוש פון דיא פראנצוי־זישע אידען ביין ענדע פון פיערצעהנטען יאָהר־הונדרעט, האָ־בען דיא אידען פון דרום פראנקרייך ארויסגעגעבען א רייהע געלעהרטע, פילאזאָפען און פּאָעטען.

## VII.

די אידישע פּאָעזיע אין דרום פראנקרייך. אברהם בעדארעשי (בדרשי) און זיין זוהן ר׳ ידעיה הפניני. די נייע מחלוקה וועגען דעם רמב״ם, איהרע אורזאכען און איהרע פיהרער. די שטעלונג פון דעם „פניני" צו דער מחלוקה און זיין „אגרת ההתנצלות", זיין ספר „בחינת עולם".

---

די אידען פון דרום פראנקרייך האָבען ארויסגעגעבען פון זיך א היבשע צאהל פּאָעטען, וועלכע שטעהען אָבער פיעל נידריגער, סאַי אין זייער אינהאַלט, סאַי אין זייער פאָרם, ווי די גרויסע אידישע פּאָעטען פון שפּאניען, וועמעס תלמידים און נאכפאלגער זיי האָבען געזאָלט זיין. על פּי רוב זיינען זיי געוועזן פשוט׳ע גראמען־מאכער און „מליצים", מענשען וואס האָבען געזוכט צו מאַכען אַלערליי „קונצען" מיט דער שפראך, וועלכע זיי האָבען פאַלקאָמען און גרינדליך באַזעסען. איינער האָט געמאכט א תפלה, וואו יעדער ווארט פאנגט זיך אָן מיט אן „א"; א צווייטער האָט געמאכט א תפלה, וואו יעדער וואָרט פאנגט זיך אָן מיט א „מם" און עהנליכע אַזעלכע שפראך־קונצען. זיי זיינען גיכער געוועזן שפראך־פאָקוסני־קעס ווי פּאָעטען. אין זייערע ליעדער געפינט זיך מעהר „קונצשטיק" ווי פּאָעזיע. זייער שפראך איז מליצה׳דיגע באָמבאַסטיק, רייך אין ווערטער און אָרים אין געדאַנקען און בילדער.

די וויכטיגסטע פון די אידישע פּאָעטען אין דרום פראנקרייך זיינען די בעדארעשי׳ס, פאטער און זוהן.

דער פאטער, אברהם בעדארעשי (בדרשי), האט געלעבט אין מיטען פון דרייצעהנטען יאהרהונדערט. און האט זיך אויפגעהאלטען אין א שטעדטעל פון דרום פראנקרייך, בעדזיער. אין בריטישען מוזעאום געפינט זיך א זאמלונג פון זיינע ניט־געדרוקטע פאעמען. א פאעמא אונטער דעם נאמען „חרב המתהפכת“ און א ספר איבער די סינאנימען און העברעאיש „חותם תכנית“ זיינען אפגעדרוקט געווארען. עס געפינט זיך פון איהם אויך א תפלת, וואס הייסט „בקשת הלמדים“, וואו יעדערווארט פאנגט זיך אן מיט א „ל“.

פיעל וויכטיגער און א בעדייטענד גרעסערער פאעט פאר איהם איז געווען זיין זוהן ר' ידעיה בעדארעשי, וועלכער איז מעהר בעקאנט אונטער זיין ליטערארישען נאמען ידעיה הפניני, דער פערל־קלייבער.

ר' ידעיה הפניני איז געבארען געווארען אין בעדזיער אין יאהר 1270 און איז געשטארבען אין יאהר 1340. זיין פאטער האט איהם געגעבען א גוטע ערציהונג, האט איהם בעקאנט געמאכט מיט דער דאמאלסדיגער העברעאישער ליטעראטור און האט איהם געלאזט לערנען מעדיצין און פילאזאפיע.

שוין אין זיינע קינדערשע יאהרען האט ער זיך אויסגע־צייכענט מיט זיינע ברייטע קענטניסע אין דער העברעאישער שפראך, אין וועלכע ער האט אריבערגעשטיגען זיין פאטער. צו פופצעהן יאהר האט ער אנגעשריבען די „בקשת הממים“. א תפלה פון טויזענד ווערטער, וואו יעדער ווארט פאנגט זיך אן מיט א „מ“*), פון וועלכע זיין פאטער איז שטארק נתפעל

---

*) „מרום מראשון, מקום מקדשנו, ממציא מצואים מאין, מחולל משמרות מרומו מאפס, מעמיד מחברת מערכות מבחילות מתוהו מוחלט, מתאר מגלי מה מחונה מזלות, מכוננות מקבילות...“ — דאס איז דער אנ־פאנג פון יענער קונציגער תפילה, וועלכע לאזט זיך כמעט ניט איבער־זעצען.

געוואָרען. װערענדיג עלטער האט ער אבער אװעקגעװאָרפען
די דאָזיגע קונצען מאכעריי, און האט זיך גענומען בעציהען
ערנסטער צו דער פּאָעזיע.

צו זיבעצעהן יאהר האט ער אנגעשריבען זיין „ספר
הפרדס", וואו ער בעהאנדעלט אלערליי פראגען. ער רעדט
דאָרטען וועגען דער נישטיגקייט פון דער וועלט און איהרע
פערגעניגענס; ווי א מענש דאַרף זיך אויפפיהרען, און וועלכע
וויסענשאפטען א מענש דאַרף לערנען נאכדעם ווי ער האט
געקראגען זיין רעליגיעזע בילדונג. ער שרייבט דאָרטען אויך
וועגען גראַמאַטיק, אסטראָנאָמיע, פּאָעזיע און מליצה.

עס געפינט זיך פון איהם א פּאָעמא אונטער דעם נאָמען
„אוהב נשים" (דער ליעבהאבער פון פרויען), וועלכע איז
אן ענטפער אויף א פּאָעמא „שונא נשים" (דער פיינד פון
פרויען), וואס איז געשריבען געוואָרען פון אן אנדער פּאָעט,
יהודה בן שבתי.

ער האט אויך געשריבען פילאָזאָפישע פּירושים איבער
די „אגדות" פון תלמוד און איבער די מדרשים.

צו פינף און דרייסיג יאהר האט ער אנגעשריבען צום
רשב"א זיין „אגרת ההתנצלות" (דער בריעף פון פערטהיי-
דיגונג). ער האט שוין דאמאלס געמוזט זיין א בעריהמטע
פּערזענליכקייט. וועז ער האט זיך ערלויבט אריינצומישען
אין דעם קריעג און זיך שטעלען געגען דעם רשב"א.

דער קאַמפּף געגען דעם רמב"ם און דעם „מורה נבוכים",
וועלכער איז פאר א לאנגע צייט שטיל געווען, האט ביים
אנפאנג פון פיערצעהנטען יאהר־הונדערט (1303—1306)
אויסגעבראָכען פון דאס ניי. דער קאַמפּף האט שוין אבער
דעם מאָל געטראגען אן אנדער כאַראַקטער. ער איז געווען
געריכטעט ניט אזוי געגען דעם רמב"ם, וועמען ביידע צדדים
אין דער מחלוקה האבען רעספּעקטירט; אפילו ניט געגען
דעם „מורה נבוכים", צו וועלכען מען האט זיך שוין צוגע-
וועהנט. דער קאַמפּף איז הויפּטזעכליך געווען געפיהרט גע-
גען דער פרייער ריכטונג, געגען דעם לינקען פליגעל, פון דעם
רמב"ם'ס תלמידים, זיי, די דאָזיגע תלמידים, זיינען געגאנ-

גען פיעל ווייטער ווי זייער רבי האט ווען גע'חלום'ט, און האבען געזוכט צו ערקלעהרען די גאנצע תורה, אפילו דעם טהייל וואס האט צו טהאן מיט די מצוות, אויף אן אללעגא־רישען שטייגער. ניט בלויז די ערצעהלונגען פון דער תורה זיינען משלים, ווי דאס האבען בעהויפטעט ר' יעקב אנאטאלי און ר' לוי בן אברהם בן חיים, וועלכע זיינען געווען די פאַ־טערס פון דעם „לינקען פליגעל", נאר די גאנצע תורה האט אן אינערליכע כונה. די אלע מצוות זיינען אנדייטונגען און משלים, כדי דער מענש זאל זיך קענען בעהעפטען מיט גאט, ער־הויבען זיין גייסט און לייטערען זיין הארץ; אן און פיר זיך האבען זיי קיין שום בעדייטונג ניט. דערפון איז גע־דרונגען, אז א מענש, וואס פערשטעהט שוין דאס אלץ איז ניט מחויב צו היטען די תורה. עס האבען זיך געפונען אזעל־כע, וואס האבען זאגאר בעהויפטעט, אז משה רבינו איז ניט מעהר ווי א גרויסער גנזעצגעבער. דאס עסען פון חזיר־פלייש האט משה פארבאטען, ווייל ער האט געמיינט, אז דאס איז שעדליך צום געזונד, אבער די דאקטוירים האבען בע־וויזען, אז ער האט געהאט א טעות. (מנחת קנאות).

די דאזיגע געדאנקען זייערע האבען זיי געפריידיגט אין די שוהלען און געלערענט פאר תלמידים. עס פערשטעהט זיך, אז דער קאנסערוואטיווער עלעמענט האט אין דעם גע־זעהן א געפאהר פאר דעם יודענטהום; ער האט אין דעם, ניט מיט אונרעכט, געזעהן א דערנעהענטערונג צום קריסטענ־טהום, וועלכער האט אויך געפריידיגט, אמת, פון אן אנדער שטאנדפונקט, אז די תורה, די פראקטישע מצוות פון איהר, איז בטל געווארען.

דער ערשטער, וואס איז ארויסגעטראטען געגען די דאַ־זיגע עקסטרעמע אללעגאריסטען איז געווען ר' אבא מרי (מארי) בן משה, בן יוסף דון אשתרוק פון מאנפעליע. אבא מרי איז בשום אופן ניט געווען קיין „פינסטערלינג". ער איז אליין געווען גוט בע־קאנט מיט דער פילאזאפיע בכלל און אויך מיט דעם „מורה נבוכים". דעם רמב"ם האט ער שטארק רעספעקטירט, כאטש

ער איז ניט געווען איינפערשטאנען מיט איהם אין אלע איינ־צעלהייטען.. א ב א מ ר י האלט ניט, צום ביישפּיעל, פון דעם רמב"ם'ס דרייצעהן „עקרים". ער בעהויפּטעט, אז אין דער אידישער אמונה זיינען פאראן נאך דריי עקרים: 1) די עקזיסטענץ פון אן איינציגען, אונקערפּערליכען, אל־מעכטיגען גאט; 2) ער האט בעשאפען די וועלט פון גאר ניט; 3) די וועלט ווערט געפיהרט מיט גאט'ס השגחה. פון די דאָ־זיגע דריי עקרים קומען ממילא ארויס די אלע אנדערע.

ניט פיהלענדיג זיך אויטאריטעט גענוג און שטארק גע־נוג, האט א ב א מ ר י געזוכט צו געווינען אויף זיין זייט דעם „ר ש ב " א, דער רב פון בארצעלאנא, שפּאניען, דער גרעסטער תלמודיסטישער אויטאריטעט פון זיין צייט. דאס איז איהם אויך געלונגען. דער ר ש ב " א, וועלכער האט א חוץ זיינע גרויסע תלמודישע קענטניסע אויך בעזעסען א בעדייטענדע ידיעה אין דער פילאזאפיע און אין די וויסענ־שאפטען, ווי עס איז צו זעהן פון זיינע דיספּוטען מיט די קריסטען און מאהאמעדאנער, האט באלד זיך געשטעלט אויף דער זייט פון אבא מרי. דער רשב"א האט געשיקט א בריעף צו דער געמיינדע פון מאנפּעליע, גע'חתמ'עט פון נאך פופצעהן רבנים, אין וועלכען ער האט פארגעשלאגען, אז מען זאל ארייגלעגען אין חרם אלע די וואס ווילען לערנען פילאזאפיע און די וויסענשאפטען, איידער זיי האבען געקראגען א גענוי־גענדע תלמודישע און רעליגיעזע בילדונג און איידער זיי האבען דערגרייכט א בעשטימטען עלטער.

דער רשב"א האט ערווארטעט, אז אלע וועלען אויף דעם איינגעהן. אבער ער האט געמאכט א טעות אין חשבון. עס האט זיך באלד געבילדעט א פּארטיי, וואס איז געפיהרט גע־ווארען פון ר' י ע ק ב ב ן מ כ י ר א ב ן ת ב ו ן, וועל־כע איז שטארק ארויסגעטראטען געגען דעם. ר' יעקב בן מכיר איז אליין ניט געווען פון די עקסטרעמע אללעגאריסטען. אבער ער האט אין דער דאזיגער בעוועגונג פון אבא מרי גע־זעהן א בעליידיגונג פאר דער גאנצער אבן תבון פאמיליע, איבערהויפּט אויף ר' שמואל אבן־תבון. דער איבערזעצער

פון מורה נבוכים און אליין אן אללעגאריסט. די מחלוקה, ווי אלע מחלוקות, איז אלץ געווארען פארביטערטער און פער׳עקשן׳טער. ביידע צדדים זיינען געווארען פארביסען, און דער קאמפף געגען די עקסטרעמע אללעגאריסטען איז פערוואנדעלט געווארען אין א קאמפף געגען דער פילאזאפיע און די וויסענשאפטען בכלל. ביידע צדדים האבען צוגעקראגען גייע כוחות, און די אידישע געמיינדען פון דרום פראנקרייך און שפאניען זיינען פארנאנדערגעטהיילט געווארען אין צוויי פיינדליכע לאגערען. דער רשב״א איז געווען דער ערשטער, וואס האט זיך בענוצט מיט דער וואפע פון דעם חרם, און אום „שבת חזון״ פון יאהר 1305, האט ער אין זיין שוהל ארויס־געלעגט א חרם אויף אלע וואס וועלען לערנען פילאזאפיע און וויסענשאפטען איידער זיי וועלען ווערען פינף און צוואנציג יאהר. ער האט אויך ארויפגעלעגט דעם חרם אויף די יעניגע, וואס וועלען זוכען צו דערקלעהרען די תורה אויף א פילאזא־פישען שטייגער. ר׳ י ע ק ב ב ן מ כ י ר א ב ן־ ת ב ו ן און זיין פארטיי האבען אויך ניט געשוויגען. ווי זיי האבען דערהערט פון דעם רשב״א׳ס חרם, האבען זיי פון זייער זייט ארויפגעלעגט א חרם אויף דעם אנדערען צד, אויף אלע די יעניגע, וואס וועלען שטערען די אידישע יוגענד אין שטו־דירען די וויסענשאפטען און די פילאזאפיע, און אויף אלע די יעניגע, וואס וועלען וואגען צו ריידען געגען דעם רמב״ם.

רבי י ד ע י ה ה פ נ י נ י האט דאן אנגעשריבען צום רשב״א זיין „אגרת ההתנצלות״, וואו ער פערטהיידיגט די משכילים. דער בריעף איז זעהר לאנג און געפינט זיך אין די „תשובות הרשב״א. אין דעם דאזיגען בריעף, וועלכער איז פול מיט מליצות און אונערהערטע שבחים צום רשב״א, מאכט איהם ר׳ ידעיה הפניני פארווירפע פאר זיין שטעלונג, פאר וואס ער האט זיך געלאזען פארפיהרען פון אבא מרי און האט אריינגעלעגט גאנצע אידישע קהלות אין חרם. ער זוכט איהם צו בעווייזען, אז אידישקייט געהט האנד אין האנד מיט דער וויסענשאפט און מיט חכמה. אונז פארדריסט ניט, שרייבט ער אין דעם בריעף, וואס דו האסט די חכמה אריינ־

געלעגט אין חרם. וואס קען דער חרם שאדען די חכמה? אויב זי איז גאט'ס ווארט, דער אמת, קען איהר קיינער ניט פערניכטען. אונז פעדרדריסט אבער, וואס דו האסט זיך גע־איילט און צוגעהערט צו די רייד פון א ב א מ ר י און האסט פערשעהמט די אידישע קהלות פון פּ ר א ו ו ע נ ס, צווישען וועלכע עס געפינען זיך צדיקים, חכמים און לומדים. וואס זיינען זיי שולדיג, אויב עס געפינט זיך צווישען זיי איינער, וואס האט אפילו געזינדיגט. ביים ענדע בעט ער דעם רשב"א, אז ער זאל צוריקציהען דעם חרם צוליעב דעם כבוד פון רמב"ם און צוליעב זיין אייגענעם כבוד.

* * *

די וויכטיגסטע פון דעם „פּ נ י נ י ' ם" ווערק איז דער בעריהמטער „בחינת עולם" (א בעטראכטונג פון דער וועלט). דאס איז א גרויסע פּאעמא אין זיעבען און דרייסיג קליינע קאפּיטלען, וועלכע איז דורכגעדרונגען מיט'ן וועלט־שמערץ, אבער וועלכע ענדיגט זיך ניט אין פערצווייפלונג נאר אין טיעפען גלויבען און בטחון צו גאט. דערפאר טאקע האט די דאזיגע פּאעמא געהאט אזא גרויסען ערפאלג ביים אידישען פאלק, און ווערט נאך ביז היינט בעטראכט אלס איינער פון די בעסטע מוסר־ספרים. די שפּראך איז רייך און שעהן, כאטש אין מאנכע פלעצער עטוואס באמבאסטיש. גאנץ אפט זעהט מען אין זיינע בילדער און אין זיינע פערגלייכונ־גען דעם אמת'ן פּאעט:

„די וועלט איז א טיעפער און ברייטער שטורעמדיגער ים. די צייט איז א שוואכער בריק אריבערגעווארפען איבער איהם. איהר אנהויב איז דער ניט־זיין, און זי ענדיגט זיך מיט דעם טויט, וואו עס פאנגט זיך אן דער אמת'ער גליק. שמאל איז דער בריק, ניט מעהר ווי אן אייל, און קיין פּארענטשעס זיינען אויך נימא. און דו, מענשען־קינד, וועלכער לעבסט איבער געוואלד, מוזט איהם דורכגעהן. שמאל איז דער שטעג, נימא וואו צו קעהרען זיך, רעכטס אדער לינקס. פון ביידע זייטען

ערוואַרטעט דיר אונטערגאַנג און טויט. האסטו דען מיט וואס צו שטאַלצירען? קענסטו דען זיך בעריהמען מיט דיינע רייכטהימער און מיט דיין ערווערב?... און וואס וועסטו טהאָן, ווען דער ים וועט זיך צושטורמען און וועט איין גאַנצען פערניכטען דיין אַרימע אכסניא?"...

„וועלט, דו וועלט, דו קוואַל פון פערדאַרבען און פערניכטונג, זאָלען מיר פון דיר ערוואַרטען גליק און האָפנונג?...."

דער פּאָעט בעטראַכט די וועלט און איהר אויפפיהרונג; ער זעהט ווי די שלעכטע און די נאַרען פאַרנעהמען דעם אויבען־אָן, וועהרענד די גוטע און די קלוגע ווערען פערטריבען פון טיש. ער קעהרט זיך צו דער וועלט און זאָגט:

„דיינע געליעבטע זיינען די ערגסטע; די גוטע האסטו פיינט. דו קלייבסט די שאַלעכץ און וואַרפסט אַוועק די יאַדרעס; דו נעהמסט צו זיך די ליידיגע און שטויסט אָפּ די פולע". און ער ענדיגט מיט אַן עצה, אַז מען זאָל זיך ניט לאָזען פאַרפיהרען פון דער מרשעת „וועלכע פרעסט אויף איהרע אייגענע קינדער".

גרויס איז דער מענש, און גרויס איז זיין שכל. עס זיינען פאַר איהם ניטאָ קיינע געהיימניסע, איבעראַל קען ער אַריינדרינגען און דורכדרינגען, „אפילו צו גאָט אליין שפּאַרט ער זיך אַרויף". און אָט ער, דער מענש, דאַרף שטאַרבען און פוילען אין דער ערד. זיין גאַנצער וועזען פּראָטעסטירט אין דעם פּאָעט געגען דער דאָזיגער גרויסער עולה:

„מען קען מעסטען די הויך פון די הימלען; מען קען דערגרונטעווען די טיעפקייט פון דער ערד, — דער מענשליכער שכל אליין איז אונערפאָרשבאַר.... צי קען די גאַנצע וועלט אַרומנעהמען איין געדאַנק, וואס געפינט זיך אין דעם קליינעם אויבערשטען געצעלט, וואס איז גרויס בלויז ווי אַ מענשליכע האַנד?... צי איז עס גוט, אַז אַזאַ סאַפּירען־שטיין זאָל זיין אַ ציעל פאַר אַלע פיילען פון צופאַל, פאַר אַלע אונגליקען? וואָרום זאָל דער מענש שטאַרבען און פערשווינדען, ווי די בהמות פון פעלד און

די חיות פון וואלד? ווארום זאלען די היילינע שטיינער זיך בעהעפטען מיט דער ערד?... איך האב בעטראכט דעם מענשען, ווי אזוי ער איז בעשאפען געווארען, אלץ איז אין איהם גוט א חוץ דער טויט".

נאריש איז די מענשליכע האפנונג. דער מענשווארט אלץ אויף מארגען און אויף שפעטער, ווען בעסערע צייטען וועלען קומען. ער פערגעסט אז א פארשוואונדענער טאג איז א פערשטארבענער טאג, אז מיט יעדען טאג ווערט ער נעהענטער צום טויט. עס קומט אויס, אז ווארטענדיג אויף דעם מארגען ווארט ער אייגענטליך אויף דעם טויט:

„ווי קען ער געלוסטען, אז עס זאל אריבער די נאכט, ווען אין דער נאכט ווערט ער פערלארען? ווי קען ער ערווארטען דעם אבענד, ווען אין איהם ווערט ער פערטריקענט און פערשניטען? ווי קען ער זיך יאגען נאך א פליהענדען שאטען, ווען צוזאמען מיט דעם שאטען פערפליהט אויך זיין לעבען?

און אט די דאזיגע מורא פאר דעם טויט, דער שרעק פאר דעם ניט זיין, אט דער גרויסער וועלט־שמערץ, טרייבט איהם צום געדאנק פון אונשטערבליכקייט. ער קומט צום זעלבען אלטען, אלטען תירוץ וואס כמעט אלע רעליגיאנען און פילאזאפישע סיסטעמען האבען אויף אזא אדער אן אנדער אופן געגעבען די זוכענדע, פארשענדע, בלאנדזשענדע מענשהייט. וועלכע האט אימער געזוכט א שכל און א תכלית אין דעם גרויסען סוד פון אונזער לעבען, וועלכער איז אפשר אין גאנצען גאר קיין סוד ניט....

„און א קוואל פון לעבען האט אונז די נאטור געשאנקען, דורך דער חכמה פון דעם בורא, וואס אונזערע נשמות בלייבען לעבען. דערמיט קענען מיר זיך טרייסטען פון די צרות פון דער וועלט און פון דעם צער פון טויט, וואס ביזטו, מענש, טרויעריג, ווען אנשטאט די נארישע וועלט בלייבסטו אונשטערבליך אין דער קעניגליכער הויז?"

דער תירוץ איז דא. און אלץ איז שוין רעכט. די וועלט איז ניט מעהר ווי א פּרוזדור, ווי א פּאָרהויז. דער עיקר איז „יענע וועלט". צו וועלכע דער מענש דאַרף זיך צוגרייטען מיט זיינע גוטע מעשים און מיט זיין גוטער אויפפיהרונג. דער פּאָעט ידעיה הפניני ווערט מיט אמאל א פּשוט'ער מוסר־זאגער . . .

און קען מען דען איהם פערדענקען? קען מען דען האָבען צו איהם טענות? האט דען ווער־עס־איז וועז־עס־איז געפונען אַן אנדערען, א בעסערען אדער א אמת'ערען תירוץ? קען דען זיין א תירוץ אויף א קשיא, וואס איז אייגענטליך גאר קיין קשיא ניט? מיר, מענשען, אין אונזער שוואכקייט און אין אונזער הילפלאזיגקייט און אוים רחמנות צו זיך אליין, האָבען זיי אויסגעטראכט א קשיא.

## VIII.

קלונימוס בן קלונימוס — א אידישער סאטיריקער פון פיערצעהנטען יאהרהונדערט. די אידישע לאגע אין פראנקרייך. די „גזרה פון די פאסטוכער“ און די „גזרה פון די קרעציגע“. זיין הויפּט־ווערק „אבן בוחן“, וואו דער ערנסט און דער שפּאס געהען האנד ביי האנד. זיין בייסענדע סאטירע וועגען זיינע צייט־גענאָסען.

---

קלונימוס (קאַלאָנימוס) בן קלונימוס איז געווען אַ עטוואָס איינגערער צייט גענאָסע פון ידעיה הפניני. ווי דער לעצטער אזוי איז ער אויך געווען א געבירטיגער פון דרום פראנקרייך. ער איז געבאָרען געוואָרען אין ארל, בערך אין יאָהר 1286, און איז געשטאָרבען אין צווייטען פערטעל פון פיערצעהנטען יאָהרהונדערט.

זיין פאָטער, וועלכער איז געווען אַ רייכער מאַן, אַ גרויסער יחסן און האָט געטראָגען דעם טיטול „נשיא“, האָט איהם געגעבען א גוטע ערציהונג. א חוץ תלמוד און דיא אַנדערע אידישע למודים האָט ער אויך געשטודירט פילאָזאָפיע, מעדיצין און דיא אַנדערע וויססענשאַפטען.

זיין ליטעראַרישע אַרבייט האָט ער אָנגעפאַנגען, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער מאַן פון צוואַנציג יאָהר. דיא ערשטע צייט האָט ער זיך בלויז אָפּגעגעבען מיט איבערזעטצונגען. ער האָט איבערזעצט אַ גאַנצע רייהע פון ביכער איבער מעדיצין, אַסטראָנאָמיע, מאַטהעמאַטיק, פיזיק און פילאָזאָפיע. דאָס רוב פון דיא דאָזיגע איבערזעטצונגען געפינען זיך נאָך אין מאַנוסקריפּטען אין דיא פערשיעדענע

גרויסע אייראפעאישע ביבליאטעקען. בלויז איינע פון זיי האט זוכה געווען געדרוקט צו ווערען אזוי שנעלל וויא עס האבען זיך געפונען אידישע דרוקען. דאס איז זיין „אגרת בעלי חיים“, וועלכע איז צום ערשטען געדרוקט געווארען אין יאהר 1557, אין מאנטוא. א פערקירצטע און א שלעכטע איבערזעטצונג דערפון איז אויך געמאכט געווארען אין אידיש פון איזיק מאיר דיק. דער „אגרת בעלי חיים“ שטעלט פאר א ויכוח צווישען דיא חיות און מענשען. דיא חיות בעקלאגען זיך אויף דעם מענשען, פאר וואס ער בעהאנדעלט זיי אזוי שלעכט. דער מענש פרובירט זיך פערענטפערען און זוכט צו בעווייזען, אז ער האט א רעכט אויף דעם, אבער דיא מענשליכע תירוצים זיינען דארטען גאנץ שוואכע. דער „אגרת בעלי חיים“ איז אריגינעל געשריבען געווארען אין אראביש און איז א טהייל פון דער ענציקלאפעדיע פון די „לויטערע ברידער“. א חוץ זיינע איבערזעצונגען פון אראביש אין העברייאיש, האט ער געמאכט איבערזעטצונגען אויך פון אראביש אין לאטייניש.

זיין רעפוטאציע אלס געלעהרטער און איבערזעטצער, און וואהרשיינליך אויך זיין הויכע שטעלונג אין דער געזעלשאפט, האט איהם געבראכט אין נאהענטע בעציהונגען מיט דעם קעניג ראבערט, וועלכער האט איהם געגעבען רעקאמענדאציאנען קיין רוים, וואו ער האט זיך בעזעצט.

וויא לאנג ער האט זיך אויפגעהאלטען אין רוים איז ניט זיכער, אבער ער איז דארטען יעדענפאלס געווען לאנג גענוג אום צו ווערען בעאיינפלוסט פון דער דארטיגער אטמאספערע, וועלכע איז געווען וויא דורכגעדרונגען מיט סאטירע און בייסענדען הומאר. אין דעם לאנד פון באקאטשיא און דאנטע האבען שוין דאן אנגעפאנגען צו בלאזען פרישע ווינטען, אנזאגער פון דער נייער צייט, וועלכע האבען ענדליך פערטריבען די מיטעל־אלטערליכע כמארעס. דער דאזיגער גייסט פון שפאט און וויץ האט אויך דורכגעבראכען דיא דיקע מויערען פון דער גהעטא. דער גרעסטער אידיש־

איטאליענישער פאעט פון יענער צייט, „דער אידישע־ דאנטע“ וויא ער ווערט פון מאנכע אנגערופען, ר׳ עמנואל הרומי, וועלכער האט זיך ערלויבט צו לאכען און צו שפאטען פון אללעם און אלץ, האט דאמאלס זיך אויפגעהאלטען אין רוים. מיט איהם האט זיך קלונימוס בן קלונימוס בעקענט און בעפריינדעט און פון איהם איז ער אהן צווייפעל בעאיינפלוסט געווארען.

א רייהע פון אונגליקען, איינער גרעסער פאר דעם אנ־ דערען, האט געטראפען דיא אידען פון פראנקרייך אין יענער צייט. אין דעם יאהר 1306 האט דער פראנצויזישער קעניג „לואי דער שעהנער“ ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז אללע אידען זאלען פערלאזען פראנקרייך. דיא גזרה איז דורכגעפיהרט געווארען דעם 22טען יולי (אויף מארגען נאך תשעה באב). דאס אידישע פערמעגען איז קאנפיסקירט גע־ ווארען, וואס דאס איז אייגענטליך געוועזען דיא הויפט־אור־ זאכע פון דעם גירוש: דער פערארעמטער קעניג האט גע־ זוכט אנצופיללען זיינע אוצרות מיט דעם אידישען רייכטהום. אין ניין יאהר ארום האט זיין זוהן, לואי דער צעהנטער, צוריק איינגעלאדען דיא אידען אין פראנקרייך. ער האט איינגעזעהען, אז כאטש דער איד איז טריף איז אבער זיין גראשען כשר, און אז זיין פאטער האט מיט דעם ארויסטריי־ בען פון דיא אידען מיט זיינע אייגענע הענד גע׳הרג׳עט דיא הוהן וואס לייגט דיא גאלדענע אייער. דיא אידען האבען זיך פון אנפאנג געדונגען. אבער דער קעניג האט זיי נאכגעגעבען אללע זייערע בעדינגונגען. דיא אידען זיינען צוריק אריינגע־ לאזען געווארען אין פראנקרייך אויף דער צייט פון צוועלף יאהר. דערביי איז סטיפולירט געווארען, אז אויב דער קעניג בעשליסט זיי ווידער ארויסצוטרייבען נאכדעם וויא דיא צוועלף יאהר וועלען זיך ענדיגען, מוז ער זיי ווארנען מיט א יאהר פריהער.

די אידען האבען זיך קוים צוריק בעזעצט אין פראנק־ רייך, זיי האבען נאך ניט אוספייעט צו אנווארעמען זייערע פיכס וויא עס איז געקומען דיא „גזרה פון דיא פאסטוכער“

(1320). א יונגער פאנאטישער גלח האט דערצעהלט, אז א טויב האט זיך איינמאל געזעצט אויף זיין קאפ און א צווייטען מאל אויף זיין פלייצע, וועלכע איז באלד פערוואנדעלט געווארען אין א וואונדער־שעהנע יונג־פרוי. די דאזיגע יונג־פרוי האט איהם געהייסען אנזאמלען א גרויסע ארמעע און וויעדער מאכען א הייליגען קרייץ־צוג צו בעפרייען ירושלים פון דיא „אונגלויביגע". עס האבען זיך ארום איהם צוזאמענגעקליבען ביז פיערציג טויזענד פאסטוכער, וועלכע האבען קדם כל אויסגעשאכטען הונדערטער און טויזענדער אידען. פערניכטענדיג קרוב פון הונדערט און צוואנציג אידישע קהלות.

א יאהר שפעטער איז פארגעקומען דיא „גזרה פון דיא קרעטציגע". דיא אונגליקליכע קרעטציגע, וועלכע פלעגען אין מיטעל־אלטער ווערען בעהאנדעלט נאך ערגער וויא זיי ווערען בעהאנדעלט איצטער, האבען אויס ראכע פערגיפטעט דיא ברינימער. און ווען מען האט איינעם פון די קרעטציגע גענומען אויפ'ן „פערהער", וואס האט דאמאלס געמיינט דיא שרעקליכסטע מאטערניסען און יסורים, האט ער ארויפגעווארפען דעם בלבול אויף דיא אידען. דיא אידען האבען זיי דאס אנגעלעהרענט צו טאהן. עס פערשטעהט זיך, אז מען האט דיא בעשולדיגונג גלייך אויפגעכאפט און אהן שום ווייטערע טענות האט מען די אידען געפונען שולדיג. מען האט שוין אויסגעטראכט אללערליי טעאריען און ערקלעהרונגען, ווארום די אידען האבען עס געטאן. פינף טויזענד אידען זיינען פערברענט געווארען אין יענע „גזרת המצורעים". פיעלע האט מען ארויסגעטריבען און אויף דיא איבערגעבליבענע אידישע קהלות האט מען ארויפגעלייגט שווערע געלד־בעשטראפונגען.

עס פערשטעהט זיך, אז אין אזעלכע שרעקליכע צייטען האט זיך דיא אידען פון פראנקרייך ניט געקענט לאכען. אויב דער אידישער געלעכטער איז אללע מאל געמישט מיט א טרעהר, איז ער דאמאלס בודאי געוועזן אזוי. דיא דאזיגע שווערע צייטען האבען אוועקגעלייגט זייער שטעמפעל אויף

דער דאמאַלסדיגער אידיש - פראנצויזישער ליטעראַטור. ניט בלויז לאָזען זיך יענע אונגליקען פיהלען אין דעם טיעף ערנסטען „בחינת עולם" פון בדרשי, וועלכער בעטראַכט דיא וועלט פאַר אַ יאמער־טהאַל און דעם לעבען פאַר אַן אַפּ־קומענים און אַן אונגליק, נאָר אפילו אין דעם אפּלאַכענדען „אבן־בחן" (פּרוביר שטיין) פון קלונימוס בן קלו־נימוס געפינט מען אויך דעם זעלבען טיעפען טרויער און שמערץ. ביי איהם געהט דער קרעכץ און דער געלעכטער, דער שפּאַס און דער ערנסט האַנד ביי האַנד. זיין שפּאַס איז אַ בייזער און אַ גיפטיגער, און זיין געלעכטער איז ווי פון איי־נעם וואָס ווערט געפיהרט צו דער תליה.

ווי בדרשי קלאָגט אויף קלונימוס בן־קלונימוס אויף דער נישטיגקייט פון דעם לעבען און דעם צער פון טויט. וואס טויג דער לעבען, ווען ער ענדיגט זיך מיט'ן טוידט ? וואָס טויג דעם מענשענס גרויסקייט און עשירות, ווען ער דאַרף פוילען אין דער ערד ? „די וואָס האָבען געשלאָפען אויף בעטען פון עלעפאַנט־ביין, האָבען די ערד אַלס זייער בעט; די וואס האָבען די בעסטע שפּייזען געגעסען, זיינען אַליין שפּייז פאַר דיא ווערים; די רייך גע־קליידעטע קריגען אַ בגד פון ווערים. די ליפּען וואָס האָבען פון זיך פּערל געשאָטען, דאַרפען קושען די ערד; די בע־ריהמטעסטע מענשען ווערען שטויב".

„צו האָסטו פאַרגעסען, דוא אַרעמער מענש, דעם ביי־טערען טאָג, ווען דיינע בעסטע פריינד נעהמען דיר אַרונטער פון דיין בעט, לייגען דיר אַוועק אויף דער ערד און טהוען דיר אַריין אין אַ ענגען אָרון ? דיינע הענד זיינען ניט געבונדען. דיינע פּיס זיינען ניט געקייטעט, אָבער דו בלייבסט דאָך בע־וועגלאָז.... און ווען זיי קעהרען זיך צוריק פון בית עולם, פאַנגט זיך אָן אַ רייסעריי וועגען דעם רויב. יעדער וויל אַלץ פאַר זיך. „דעם טאָג פון דיין טוידט האָבען זיי ביטערליך גע־שריען, און אויף מאָרגען פרעהען זיי זיך מיט זייער רויב. פון דרויסען טראָגען זיי שוואַרצען טרויער און פון אינוועניג ווייסען וואָל. זיי האָבען געוויינט איידער דוא ביזט גע־

שטאַרבען, ווייל דוא ביזט צו שפעט געשטאָרבען; נאָך דיין טוידט זיינען זיי פריילעך, ווייל דוא האָסט זיי א רייכע ירושה געלאָזען. זיי לייגען אוועק א גרויסען שטיין אויף דיין קבר, כדי דו זאָלסט שוין קיינמאָל ניט קענען צוריק ארויס־קריכען פון דאָרטען און אויפמאַהנען דיינע עשירות".

„הערט זיך צו, מיינע פריינד, די עצה איז גוט פאר מיר און פאר אייך. איך בין צו איהר געקומען דורך לאנגער ער־פאהרונג. אנטלויפט פון דער וועלט, וואו איינער זוכט דעם אנדערען איינצושלינגען; מיידט אוים דיא מענשען, וועלכע זיינען אלע פאלש און ליגנעריש... אנטלויפט פון די מענשען, ווי מען אנטלויפט פון א שלאנגען־נעסט, וויא פון א לייב אין וואלד. עס איז שוין בעסער זיך צו פערלאָזען אויף ווילדע חיות ווי אויף דעם מענשען. מיט גוטסקייט קען מען געווינען דיא ליעבע פון די חיות. איך האב געזעהען לייבען געפיהרט פון קינדער, אויך טיגערען, בערען און גיפטיגע שלאנגען. דיא מענשען זיינען ערגער, זיי זיינען פערפלוכט, מען קען זיך אויף זיי ניט פערלאָזען. וואָס מעהר גוטס איהר וועט זיי טהאָן, אלץ מעהר שלעכטס וועלען זיי אייך בעצאָהלען".

אָהן רחמנות רייסט קלונימוס בן קלוני־מוס ארונטער זיינע צייט־גענאָסען. זיי זיינען אלע שלעכט, ליגנער און בעריהמער. די רייכע האָבען שטיינערנע הערצער און בערויבען דיא אָרימע. זיי ווייסען ניט פון רחמנות און זיי ווייסען ניט פון יושר. מעג איינער זיין גראָב און אונוויסענד, קוים בעזיצט ער אָבער דיא בייטעל געלד, ערלויבט ער זיך חוצפה'דיג צו זאגען דעות ווענען אלץ.

ער מאַכט חוזק פון דיא יחסנים מיט זייערע לאנגע יחוס־בריעף, וועלכע האלטען זיך שטענדיג אין איין בעריה־מען מיט זייערע גרויסע עלטערען. „עס זיינען דאַ אזעלכע, וואָס שטאַמען פון דיא פרויען וואָס זיינען געפייניגט געוואָ־ריי דער בעלאגערונג פון ירושלים, און האלטען זיך פאר אָבּ־שטאַמונגען פון קעניגליכע הייזער. איינער שטאַמט פון עמלק, און בעריהמט זיך אז זיין פאָטער איז דער נביא גד און זיין מוטער מרים דיא נביאה"....

„און מאנכער בעריהמט זיך מיט זיין פרומקייט און נאטספארכטיגקייט, ווי ער טהוט קיינעם ניט בעשווינדלען, קיינעם ניט בערויבען און קיינעם'ס ניט פערלאנגען. גלויבט איהם ניט, ער איז א צבועק, ער וועט פון א נאקעטען די קליי־דער אויסטהאָן.... ער לייגט תפילין, אָבער אונטער די תפילין איז א פּארך; ער טראָגט ציצית, אָבער אין זיינע קליידער גע־פינט זיך דאָס בלוט פון אונשולדיגע ארעמע לייט; ער קלאפּט אָן מזוזות אויף זיין טהיר, און ביי זיין טהיר ליעגט די זינד. איינער געהט מיט דעם קאָפּ ארונטער, די אויגען אויף דער ערד, דעם רוקען אויסגעבויגען און זיעבען אונרייניגקייטען ליגען אין זיין הארצען".

„און איינער בעריהמט זיך מיט זיין דאָקטאָריע. ער דער־צעהלט וועגען זיך וואונדער. אַלע סודות זיינען פּאר איהם אָפען, ער וויים אַלע ביכער פון היפּאקראטוס און גאַלען און די ביכער פון אַלע אַנדערע חכמים און גע־לעהרטע. ער קען פּשוט מחיה מתים זיין, פון טויט לעבעדיג מאַכען. און דער גרויסער נארישער עולם, זעהענדיג דעם גרא־בען רינג אויפ'ן פינגער און דעם מאַנטעל פון פּורפּור־וואָל אויף זיינע פּלייצעס מיינט טאַקע, אז ער איז א גרויסער דאָק־טאָר.... און איצטער הערט זיך צו, מענשען, וויא אזוי ער איז זיך נוהג מיט זיינע פּאציענטען: ער קומט צום חולה, גיט בלויז א קוק אויף איהם און געפינט באלד אוים, אז ער איז א מסוכן:

„עס וואקסט איהם עפּעס אויף זיינע געהירען", זאָגט ער. „איהר פרעגט פון וואנען איך וויים, ניש־קשה, איך דער־קען עס אָן דעם דופּק און קוקענדיג אויף זיין „השתנה". אזעל־בע פּעללע זיינען ביי מיר קיין נייעס ניט; מיר זיינען דיא סימפּטאָמען גוט בעקאַנט. זייט מוחל, דערלאַנגט א פּופציגער, דאָס איז מיין פּרייז. וואָס דען, אומזיסט וועל איך היילען?"

און ווען דער דאָקטאָר קריגט בעצאָהלט געהמט ער זיך צו פערשרייבען זיינע רעצעפּטען. ער רופט אריין דעם אפּטיי־קער און דיקטירט איהם: נעהם אביסעל טריף־וואקס און עטליכע נעגעלעך, צורייב זיי גוט און לייג צו דעם צו ווילדען־

גראז און דערנער, א פערברענטע „ערלה“ און ביטערע ווארצ־לען, בלעטער פון אן אוילבערט בוים און דאס בלוט פון א גאר־טען־פייגעלע, קאלטע שאלעכץ און מילך פון אן עזעלין, דיא בליהונג פון א רויז און די שטויב פון לשון הרע, מיש עס אויס און זיפ אלץ דורך. דאס איז אן אויסגעצייכעטע רפואה, מיינע אן אייגענע ערפינדונג“.

דער דאקטאר בענוגענט זיך ניט מיט איין רעצעפט. ער שרייבט אן גאנצע דריי. א צווייטער רעצעפט בעשטעהט פון מאך, א שוף־בענדעל, דער צאהן פון א פוקס, דיא זאפט פון א פעלז, די נעגעל פון א טיגער, דעם שפיץ פון א זאנג און די מילך פון א הוהן. פאר דעם, וואס איז בעקאנט מיט דער גע־שיכטע פון דער מעדיצין און וויים וואס פאר א מינים רעצעפ־טען מען פלעגט דאמאלסט פערשרייבען, איז די לצנות פון ק ל ו נ י מ ו ס  ב ן  ק ל ו נ י מ ו ס  בשום אופן ניט אי־בערגעטריעבען.

די קרובים פון דעם חולה טהוען זייער בעסטעס דעם קראנקען צו רעטען, אבער אין מיטען נאכט שטארבט ער. „וואס קימערט עס דעם דאקטאר ? ער רייסט ניט קיין קריעה, ער זיצט ניט קיין שבעה, ער וויים ניט פון שלושים. ער האט זיין געלד, און וואס נאך דארף ער ? און דער דאזי־גער רויבער טהוט נאך ערגער, ער קומט צולויפען צו דיא קרובים און מאכט געוואלדען: „איהר האט איהם געטויי־טעט, ווייל איהר האט ניט געפאלגט מיינע ווערטער“. ווען איהר לייענט קלונימוס בן קלונימוס'עס בעשרייבונג פון דעם דאקטאר, מיינט איהר, אז איהר האט צו טהאן מיט א דאק־טאר פון צוואנציגסטען און ניט פון פיערצעהנטען יאהר־הונדערט.... אפנים, מענשען בייטען זיך ווענינ.

ניט וועניגער סארקאסטיש איז ער, ווען ער רעדט וועגען דיא פאעטען, וועלכע געהען ארום מיט פערריסענע נעזער, ווייל זיי איז געלונגען צו מאכען א שעהנעם פערז אדער א פאסענדען גראם. זיי מיינען, אז עטוואס אזעלכעס איז נאך קיינמאל ניט געווען. פילאזאפען, געלעהרטע, תלמודיסטען, וואס פאר א ווערטה האבען זיי לגבי איהם, דעם גראמען־

פלעכטער, און זיין גראם ? און אז ער קלייבט זיך אן א העפ־
טעלע פון די דאזיגע פוסטע מליצות, ווערען אלע אידישע
חכמים אין זיינע אויגען ווי דיא שאלעכץ פון קנאבעל. ער
טראגט זיך ארום מיט צעטעלעך פערשריעבען מיט שעהנע
מליצות, — ער דערצעהלט גיט וויפיעל בוים־אייל האט ער
אין דיא נעכט פערברויכט זיי ארומצופוטצען, — טראגט די
פערשריעבענע צעטעלעך מיט זיך אין די גאסען און לייענט
זיי פאר אלעמען פאר. „הערט זיך צו, הערט זיך צו“, רופט
ער אלע ווײלע צו זיינע צוהערער; „הערט ווי שעהן דאס איז,
וויא גרויס דאס איז, וויא טיעף דאס איז. וואס, ניין ? וויא
קומט איהר צו פערשטעהן אזעלכעס. ווי קומט איהר צו בע־
גרייפען אזעלכע טיעפע ענינים ?“ א מענש אהן חכמה און
אהן א מלאכה. ער האט זיך ארא‌פגעלאזען אין די טיעפע וואַ־
סערען און ארויסגעשלעפט א שטיקעל שערבעל.

קלונימוס בן קלונימוס שאנעוועט קיי־
נעם ניט. ער לאכט אפ פון די לומדים און די רבנים, וועלכע
זוכען זיך בלויז אויסצופיינען מיט זייער לומדות און מאכען
דערפון א קוואל פון פרנסה. זיי וויסען די תורה, אבער זיי
היטען איהר ניט. אז איינער זאגט כשר, מאכט דער אנדערער
מריפה; אז איינער זאגט מותר, זאגט דער אנדערער אסור.
„און זיי פערמעהרען דיא מחלוקות צווישען אידען, ביז וואנען
דיא תורה ווערט וויא צוויי“. ער לאכט אפ פון די מדקדקים
מיט זייער „דקדוק“; פון די אסטראלאגען און שטערנזעהער
מיט זייערע פאלשע נבואות; פון די געלעהרטע און פילאַ־
זאפען, וועלכע מיינען אז זיי וויסען שוין אלץ.

ער ערלויבט זיך אפילו צו ריידען סארקאסטיש וועגען
דער תורה. ער בעדויערט זיין שיקזאל, וואס ער איז געבארען
געווארען א מאנסביל און מוז טראגען אויף זיך א לאסט פון
דיא תרי"ג מצוות, אזעלכע שווערע מצוות. ער וואלט בעסער
געוואלט זיין א פרוי. וואס וואלט איהם דאן געפעהלט ? ער
וואלט בלויז געדארפט אבהיטען דריי קליינע מצוות און פער־
שפארען זיך צו פלאגען מיט'ן לערנען די תורה, דעם תלמוד,
די פוסקים און נאך די וויסענשאפטען דערצו. ער וואלט גע־

ווען א באלעבאסטע אין הויז, געפלוידערט נארישקייטען, דערצעהלט זיך מעשיות און בערעדט איינע דיא אנדערע. וואָל וואָלט איהם געפעהלט: זיין קלייד, זיין שפייז און אויך זיין „עונה" וואָלט ער געקראַגען....

„פאָטער אין הימעל, וואָס דוא האָסט געטהאָן ניסים צו אונזערע עלטערען אין וואסער און אין פייער, וואס האָט געמאכט אז אברהם'ס קאלך־אויווען זאָל ניט ברענען, וואָס האָט אין איהר מוטער'ס בויך געמאכט, אז ד י נ ה זאָל פון א זכר א נקבה ווערען *), וואָס האָט דעם שטעקען צום שלאנג געמאכט און דיא ריינע האנד איז קרעציג געוואָרען, וואָס האָט אויסגעטריקענט דעם ים און צושפאלטען דעם י ר ד ן, וואָס האָט פון פעלז א וואסער־קוואל געמאכט, איך בעט דיר: מאך מיר פון א זכר א נקבה... אָבער וואָס זאָל איך טהאָן, איך בין געבאָרען געוואָרען מיט א מום, וועלכער מוז שוין ביי מיר בלייבען"....

אינטערעסאנט איז זיין בעשרייבונג פון דיא אידישע ימים־טובים, וויא אזוי זיי פלעגען דאמאָלסט געפייערט ווערען. ער בעשרייבט חנוכה מיט די לאטקעס, וואָס מען פלעגט דאמאָלסט וויא איצטער באַקען. ער בעשרייבט פורים מיט דיא פורים־שפּיעלער און דיא מצוה פון שכור'ען **). ער בעשרייבט שבועות מיט דיא מילכיגע געריכטען און די אלערליי געבעקסען. דיא מנהגים זיינען דאמאָלסט געווען דיא זעלבע וואָס איצטער. ווענען ראש השנה דערצעהלט ער, אז די לצים בעגריסען זיך אויף אזא ארט: „צום נייען יאָהר מיט נייע פליגען", און דער אַנדערער ענטפערט: „צום נייען יאָהר מיט נייע פלויי".

* * *

דיא שפראך פון דעם „אבן־בוחן" איז ניט אזוי שעהן, ניט אזוי רייך און ניט אזוי ביבליש ריין ווי די שפראך פון

*) אזא תלמודישע לעגענדע.

**) וועגען פורים האט ער אויך אנגעשריבען א בעזונדערע „מסכת פורים", געשריבען אין דעם סטיל פון דעם תלמוד, וועלכע איז פון די בעסטע פאראָדיען אין דער גאנצער העברעאישער ליטעראטור.

דעם „פניני". ער האָט ליעב ארייַנצוברייַנגען תּלמודישע אויסדריקע און תּלמודישע שפּריך־ווערטלעך, וואָס האָבען אָפּט צווייזייטיגע בעדייטונגען. ער מאַכט פיעל געברויך פון וואָרט־שפּיעל, פון דונקעלע אָנצוהערעניסען, פון ריידען אויפ'ן וואונק, אזוי אז עס איז כמעט אונמעגליך איהם ווערטערליך צו איבערזעצען. אין זיין וויטץ און אין זיין הומאָר, זעהר אָפּט א בייזער און א גיפטיגער, האָט ער צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער מיטעל־אלטערליכער העברעאישער ליטעראַטור.

## IX.

די אידישע פילאזאפען פון דרום פראנקרייך. ר׳ יוסף אבן כספי. ר׳ משה נרבוני. דער „שווארצער טויט“ און די לאגע פון די אידען אין דרום פראנקרייך און שפאניען. דער פאבסט קלעמענט דער זעקסטער. די משומדים־עפידעמיע. דער משומד אבנר פון בורגאס. זיין „אגרת חגזרה“ און ר׳ משה נרבוני׳ס ענטפער „מאמר בבחירה“.

---

די אלע מורא׳דיגע צרות און די שוידערליכע רדיפות און גירושים וואס די אידען פון פראנקרייך האבען געהאט אויסצושטעהן האבען נאך ניט בעוויזען אין גאנצען צו אונטערדריקען און פערניכטען דעם גייסט פון פארשען און דעם דורשט נאך וויסען ביי די אידען. פונקט אזוי וועניג, אויב ניט נאך וועניגער, האבען געהאלפען די פערפאלגונגען פון אינוועניג. דער חרם וואס דער רשב״א און די איבריגע קנאים האבען ארויפגעלעגט אויף אלע די יעניגע וואס וועלען זיך אפגעבען מיט דער פילאזאפיע און די וויסענשאפטען האט ניט געבראכט די רעזולטאטען, וואס זיי האבען ערווארטעט. די אידישע יוגענד האט זיך ניט געלאזט איינשרעקען. אין די עטליכע צעהנדליג יאהר, צווישען די ענדע פון דרייצעהנטען ביז׳ן מיטען פון פיערצעהנטען יאהרהונדערט, האבען די אידען פון דרום פראנקרייך ארויסגעגעבען פון זיך א גאנצע רייהע פון גלענצענדע געלעהרטע, פילאזאפען און ביבעלערקלעהרער, וואס קענען זיך גאנץ גוט פערגלייכען מיט די אידישע געלעהרטע און פילאזאפען פון דער „גאלדענער שפאנישער עפאכע.

יוסף בן אבא מרי אבן כספי (קאספּי) איז געבאָרען געוואָרען אין ל'אַרזשענטיע אין לעצטען פערטעל פון דרייצעהנטען יאהרהונדערט און איז געשטאָרבען אין טאַראַסקאָן אין יאָהר 1340. פון זיין לעבען איז אונז וועניג בעקאַנט. ער איז געווען איינער פון די וואָס האָבען געליטען פון דער „גזרה פון די פּאַסטוכער". ער איז געצוואונגען געוואָרען צו פערלאָזען זיין געבורט־שטאָדט, און האָט א לאַנגע צייט געפיהרט דעם לעבען פון א וואַנדערער.

כספי איז ניט געווען קיין גרויסער תלמודיסט, אזוי דערצעהלט ער אַליין אין זיין צוואה צו זיין זוהן, און דאס איז וואהרשיינליך די אורזאַכע, וואָרום ער איז געבליבען כמעט אונבעקאַנט, כאָטש ער איז געווען איינער פון די פּרוכטבאַרסטע שרייבערס פון זיין צייט. דער שטודיום פון תלמוד און פּוסקים איז געווען אבסאָלוט נויטיג פאַר א אידישען געלעהרטען, אום ער זאָל קענען ווערען אַנערקענט און קריגען א נאַציאָנאַלע רעפּוטאַציע. די תורה האָט פערנומען דעם ערשטען פּלאַץ; נאָכהער ערשט איז געקומען די חכמה. דער רמב"ם אַליין וואָלט ניט געהאַט אזא בעדייטונג און וואָלט פיליכט אין גאַנצען פערגעסען געוואָרען, ווען ער זאָל ניט געווען זיין אזא גרויסער תלמודיסט.

כספי האָט אָנגעשריבען אריבער דרייסיג ספרים, די מעהרסטע פון וועלכע זיינען נאָך ניט געדרוקט געוואָרען און געפינען זיך אין מאַנוסקריפּטען אין די פערשיעדענע ביבליאָטהעקען. ער האָט געשריבען איבער גראַמאַטיק, ביבעל־ערקלעהרונג, פילאָזאָפיע און עטהיק. ער איז געווען א שטאַרקער אנהענגער פון רמב"ם און האָט געשריבען א פּירוש אויף דעם „מורה נבוכים". אָבער ער איז שוין געקומען אונטער דעם איינפלוס פון דעם גרויסען אַראַבישען פילאָזאָף אבן ראשד (אווערראָעס), וועלכער איז דאַמאָלס געווען דער אַנערקענטסטער אריסטאָטעליאַנער אין דער אַלגעמיינער פילאָזאָפישער וועלט. ביי די אידען פונקט אזוי גוט ווי ביי די קריסטען און די מאַהאָמעדאַנער. כספי ערלויבט זיך אין געוויסע פונקטען צו געהן ווייטער ווי דער רמב"ם, און

אין זיין פירוש אויף דעם „מורה נבוכים“ גיט ער אנצוהערע־
נים, אז די וועלט איז מעגליך אן אויביגע. דערפאר האט ער
געגען זיך ארויסגערופען די אונצופריעדענהייט אפילו פון
אזעלכע מענשען ווי ק ל ו נ י מ ו ס  ב ן  ק ל ו נ י מ ו ס,
ש מ ע ו ן  ד ו ר א ן  און  י צ ח ק  א ב ר ב נ ל.

ווי ביי אלע עכטע אריסטאטעליאנער פארנעהמט ביי
איהם דער שכל דעם מיטעל־פונקט; דער שכל, די דיינקונגס־
קראפט, איז דער העכסטער ריכטער און דער אליין־הערשער.
ער איז דער מקור פון אונזער גאנצער ערקענטניס. דער גאנ־
צער יוניווערזום איז א שכל'דיגע ערשיינונג אדער געשעהע־
נים. ווייל גאט אליין איז דער ריינסטער, טהעטיגסטער שכל.
דער אמת איז נאר דאס, וואס דער שכל געפינט פאר אמת.
דער שכל אנאליזירט די ערשיינונגען און די איינדריקע פון
דער אויסערער וועלט און קלייבט אויס דאס אמת'ע פון דעם
שיינבארען. ווען דער מענש פערטיעפט זיך מיט דעם „שכל
העיוני“, מיט זיין ריינער דיינקונגס־קראפט, „ברענגט ער
אריין גאט אין זיין קאפ“. ווייל „דער שכל איז גאט און גאט
איז דער שכל“.

די וויכטיגסטע יסודות אדער עיקרים פון דעם יודענטהום
זיינען פיער: 1) אז עס איז דא א גאט; 2) אז ער איז איינער;
3) אז מען דארף איהם ליעבען און 4) מורא האבען פאר איהם.
דאס מיינט אבער נית, אז מען דארף די אנדערע מצוות נית
אפהיטען. ווען איינער וויים די אלע פילאזאפישע און מאראלע
טעמים און כונות פון די מצוות איז אודאי גוט, אבער עס איז
רעכט אהן דעם אויך, דער עיקר איז זיי אפצוהיטען. ווען עס
האנדעלט זיך וועגען די פראקטישע געבאטע און פערבאטע
זאגט די תורה „ועשית“, דו זאלסט טהאן, ווייל דער עיקר איז
דער טהאן און נית דער פארוואס און פארוועז. דער טהאן אליין
האט גאן ערציהערישע בעדייטונג. עס ערעלט אויס דעם מענ־
שען און פלאנצט אין איהם איין גוטע מדות. בלויז ווען עס
האנדעלט זיך וועגען בעגריפען די גאטהייט שטעהט גע־
שריבען „וידעת“, און דו זאלסט וויסען. גאט'ס עקזיסטענץ,

הייסט עס, דארף בעווייזען ווערען על פי שכל. דער מענש דארף עס פערשטעהן. וועהרענד בנוגע די מצוות איז גענוג, אז מען זאל זיי טהאן.

א צווייטער בעדייטענדער פילאזאף פון יענער צייט איז געווען ר' משה בר' יהושע נרבוני (נאר־באני). ער איז געבוירען געווארען אין פערפיניאן ביים ענדע פון דרייצעהנטען יאהרהונדערט און איז געשטאר־בען בערך 1362. ער האט געשטודירט מעדיצין, פילאזאפיע און די וויסענשאפטען. פון זיין לעבען איז אונז גאנץ וועניג בעקאנט. פאר א געוויסע צייט האט ער זיך אויפגעהאלטען אין סערוועראַ, שפאניען, וואו איהם איז אויסגעקו־מען דורכצולעבען איינעם פון יענע שוידערליכע פאגראמען, ארגיען פון רויב און מארד, וועלכע די קריסטליכע פעלקער פון אלע מעריב אייראפעאישע לענדער האבען געמאכט געגען די שוואכע און שוצלאזע אידען. נרבוני איז געווען איי־נער פון די אנטרונענע, און ער האט בלויז פערלארען זיין פערמעגען און זיינע ביכער.

די אורזאכע פון די דאזיגע אויסשלאכטונגען און די וויל־דע בלוט־ארגיען איז געווען דער שווארצער טויט, „דער בייטש פון דער מענשהייט“. געקומען איז ער פון כינא, וואו ער איז געבוירען געווארען אין שמוץ און אין ארימקייט, און ער האט זיך פערברייט מיט דער שנעלקייט פון א בליץ. די מענשהייט איז ניט געווען פארבערייטעט און האט נאך ניט געוואוסט פון קיינע סאניטארע מאסרעגעלען. קיינער האט ניט געוואוסט די אורזאכע פון דער דאזיגער שרעקליכער קראנקהייט; קיינער האט ניט געוואוסט ווי איהר צו היילען, און קיינער האט ניט געוואוסט ווי איהר אבצוהאלטען. פריי און אונגעשטערט האט דער שרעקליכער טויט זיך פערשפרייט פון שטאדט צו שטאדט און פון לאנד צו לאנד. גאנצע שטעדט און גאנצע פראווינצען זיינען פערניכטעט געווארען. פינף און צוואנציג מיליאן מענשען, א פיערטע טהייל פון דער דאמאלס־דיגער מענשהייט, זיינען אומגעקומען. א שרעקליכע מורא

און נאָד אן ערגערע פערצווייפלונג איז בעפאלען דער מענשהייט. מענשען האָבען זיך פערלאָרען, און אין זייער פערצווייפלונג, אין זייער כעס און אין זייער הילפלאָזיגקייט זיינען זיי געווען פארטיג אלץ צו גלויבען און אלע שוידערליכקייטען צו בעגעהן.

די קרבנות פון דעם דאָזיגען מאכטלאָזען גרימצאָרען, פון דער דאָזיגער אונבעהאלפענער פערצווייפלונג זיינען, אין די קריסטליכע לענדער, געווען דיא אידען. אויך די מאָהאמעדאנער און די מאנגאלען האָבען געליטען פון דעם שווארצען טוידט ניט ווייניגער ווי די קריסטען. אָבער זיי איז ניט איינגעפאלען צו בעשולדיגען אין דעם די אידען. גאנץ אַנדערש איז עס געווען אין דיא קריסטליכע לענדער. יאָהר־הונדערטע לאנג האָט דיא קירכע און איהרע גייסטליכע געהאלטען אין איין העטצען און פריידיגען געגען די אידען. די אידען זיינען די מערדער פון דעם ערלייזער; די אידען זיינען פון גאָט אליין פערשאָלטען; די אידען זיינען ערגער ווי אפיקורסים; די אידען זיינען שותפים מיט דעם שטן; זיי זיינען מכשפים; די אידען מאָרדען קריסטליכע קינדער און געברויכען זייער בלוט אין די מצות; די אידען פערשוועכען די „הייליגע ברויט". א כלל, די אידען זיינען די ערגסטע פון די ערגסטע, קינדער פון דעם טייפעל, וועמען עס איז א מצוה צו פערניכטען. די דאָזיגע לעהרען האָבען געהאָט זייער ווירקונג, און ווען דער גרויסער אונגליק, דער שרעקליכער שווארצער טוידט, איז געקומען האָט מען אינסטיקטיוו גענומען זוכען די אורזאכע דערפון אין דעם אידען, וועלכער איז פון אימער דער קוואל פון אלע אונגליקען. דערצו האָט אויך געהאָלפען דער אומשטאנד, וואָס די אידען האָבען געליטען ווייניגער פון שווארצען טוידט ווי די קריסטליכע בעפעלקערונג. צו דאָס האָט זיך גענומען דערפון, וואָס די אידען האָבען דאן געפיהרט א מעסיגערען און א מאָראליש־ריינערען לעבען; צו איז עס געווען דערפאר, וואָס זיי זיינען בעסער געווען בעקאנט מיט היגיענישע כללים און זייערע שפייזען זיינען געווען ריינערע, איינפאכערע און געזינטערע; צו איז עס, ענדליך, גאר געקור־

מען דערפון, וואָס די אידען אלס שטענדיגע שטאָדט־מענשען, זייענדיג געצוואונגען צוליעב זייער פּאָליטישער און עקאָנאָמי־שער לאגע צו לעבען אין ענגשאפט, האָבען ביסלעכווייז זיך ערוואָרבען א מין אימיוניטעט געגען די אלע יעניגע עפּידעמי־שע קראנקהייטען, וואָס קומען ארויס און ענטוויקלען זיך אין ענגשאפט און אין שמוץ, — צו איז דאָס, יענעס אָדער אפשר אלע צוזאמען געווען די אורזאכע, וואָס די אידען האָבען ווע־ניגער געליטען פון שווארצען טוידט, קען מען ניט וויסען. דער פאקט איז אָבער, אז די שרעקליכע עפּידעמיע האָט געהאט וועניגער שליטה אויף די אידען.

די אידען זיינען אלזאָ די שולדיגע. זיי האָבען פערגיפ־טעט די טייכען, די קוואלען, די ברינימער, אפילו די לופט. זיי האָבען עס געטהאָן כדי ראָבע צו נעהמען פון די קריסטען. דאָס איז א קאָנספּיראציע פון די אידען צו פערניכטען די קריסטען פון אלע לענדער מיט איין קלאפּ, און אויף אזא אופן פּטור צו ווערען פון קריסטענטהום. די אידישע דאָקטאָרען פון שפּאניען, וועלכע זיינען בעקאנטע מיט מאגיק, כשוף און אלערליי „שווארצע קונצען“, האָבען עס פאבריצירט די גיפט, און דער „אינטערנאציאָנאלער יודענטהום“ האָט פערשפּרייט דעם דאָזיגען גיפט אין אלע קריסטליכע לענדער.

דער עולם האָט געגלויבט. דער עולם גלויבט אימער אין די ווילדעסטע מעשיות, אין אלערליי אונמעגליכקייטען, וואָס ווערען געזאָגט אויף זיינעם אַן אמת'ען אָדער אַן איינגערעד־טען שונא. פריהער דארף מען דעם עולם בלויז איינריידען, אז יענער און יענער איז זיין טוידטליכער שונא, דאַן וועט ער שוין אלץ גלויבען אויף איהם. ארגומענטירען, דעבאטירען, בעווייזען — דאָס זיינען אלץ ארויסגעוואָרפענע ארבייט. דער מענש איז ניט קיין ראציאָנאלע חיה, ער ווערט ניט געפיהרט און בעוועגט פון שכל. דער מענשליכער שכל איז בכלל בלויז א דינער צודעק אויף זיינע פּרימיטיווע חיה'שע אינסטינק־טען. דער מענשליכער שכל איז דער אינגסטער, דאָס הייסט דער שפּעטסטער, פון זיינע ערוואָרבענע פעהיגקייטען

און קומט א וועלכע־ניט־איז וועלט־ערשיטערענדע עראייגניס, ווערט דער שכל פערשטויסען ווי מעקענע פון א שטורם.

די אידען זיינען די טוידטליכע שונאים פון די קריסטען, אזוי האט מען כסדר געלערענט די קריסטען. מען האט עס איינגעפלאנצט אין זייערע הערצער פאר דורות־לאנג, פון זייער קינדרווייז אן. איז דען א וואונדער וואס די קריסטען האבען אליץ געגלויבט אויף די אידען? די אידען האבען פער־ניפטעט די וואסערען און די לופט, — ווער קען דען אין דעם צווייפלען? שטארבען דען ניט צעהנדליגע טויזענדע און מי־ליאנען פון דעם שווארצען טוידט? דארף מען דען נאך בע־סערע בעווייזע? אי וואס, די אידען אליין שטארבען דאך אויך דערפון און עס איז דאך אונמעגליך, אז זיי זאלען זיך אליין פערגיפטען? דאס איז א טענה פאר דער באבען. אין צייטען פון ווילדער אויפרעגונג הערט מען זיך ניט צו און מען קען זיך ניט צוהערען צו שכל'דיגע טענות.

מען מוז צוגעבען, אז די קריסטען האבען געזוכט צו בע־רוהיגען זייער געוויסען; זיי האבען געזוכט צו געפינען בע־ווייזע, אז די אידען זיינען ווירקליך די פערגיפטער, די פער־אורזאכער פון דעם שווארצען טוידט און זיי האבען די בע־ווייזע געקראגען. און געקראגען האבען זיי די דאזיגע „בע־ווייזע" דורך אזעלכע מיטלען, וואס מאכען אונז היינט אויפ־שוידערען, וואס מאכען, אז דאס בלוט זאל פערגליווערט ווע־רען אין די אדערען, אבער דאן, אין דעם שרעקליכען מיטעל־אלטער, זיינען אזעלכע מינים בעווייזע בעטראכט געווארען פאר געזעצליך. די בעווייזע זיינען ארויסגעצוואונגען געווא־רען פון די אונגליקליכע קרבנות דורך די שוידערליכסטע יסורים, דורך אונערהערטע און בעסטיאלישע מאטערניסען, אבער יענע מענשע האבען אין דעם קיין עולה ניט געזעהן. פאר זיי זיינען די דאזיגע מאטערניסען געווען א געוועהנליכער מיטעל, וואס איז געברויכט געווארען ארויסצוקריגען די נוי־טיגע בעווייזע אין אירגענד וועלכען פראצעס און בעשולדי־גונג, אפילו ווען עס האט זיך געהאנדעלט געגען קריסטען. דאס

איז דאָמאָלס געווען אזא מין געריכטליכער פּראָצעדור, וואָס איז פון אלעמען אנערקענט געוואָרען.

און די האָזיגע יסורים און מאַטערניסען האָט מען גענומען געברויכען געגען די בעשולדיגטע אידען. מען האָט זיי אזוי לאַנג און אזוי שרעקליך געמאַטערט ביז די אונגליקליכע געפּייניגטע האָבען אלץ מודה געווען, האָבען געזאָגט און האָבען געשוואָרען אויף אלץ וואָס מען האָט פון זיי געפאָדערט. זיי האָבען בעשולדיגט זייער גאָט, זייער רעליגיאָן, זייערע עלטערען, זייערע קינדער, אבי פּטור צו ווערען פון די יסורים, אבי וואָס גיכער צו בעפרייט ווערען פון די מאַטערניסען דורך דעם ערלייזענדען טוידט. זיי האָבען געזוכט דעם טוידט, זיי האָבען אין איהם געזעהן זייער ערלייזונג און זייער האָפנונג. א מענש קען ליידען דעם טוידט פאר זיינע אידעאלען, פאר זיין אמת, דאָס האָבען די הונדערט־טויזענדע אידישע קדושים בעוויזען; א מענש קען אָבער ניט ליידען יסורים און מאַטערניסען אָהן אן אויפהער צוליעב זיינע איבערצייגונגען, און נאָך אזעלכע מאַטערניסען ווי מען האָט דאָמאָלס געברויכט. דאָס האָבען אפילו די אידען ניט געקענט.

קוים האָט מען די נויטיגע „בעווייזע“ געקראָגען, האָבען זיך אָנגעפאנגען די אויסשלאכטונגען פון די אידען. די דאָזיגע ארבייט איז געפיהרט געוואָרען סיסטעמאַטיש און גרינדליך. די צאָהל פון די אידישע קרבנות, וואָס זיינען פערברענט און אויסגעשאָכטען געוואָרען, איז אונגעהויער. די, וואָס זיינען געבליבען פון שווארצען טוידט, האָט דער פייער און שווערד פערניכטעט. אומזיסט האָט דער פּאפּסט קלעמענט דער זעקסטער גענומען די אידען אונטער זיין שוטץ; אומזיסט האָט ער אַפּעלירט צו דער קריסטליכער וועלט און אומזיסט האָט ער אָנגעגעבען אלערליי ארגומענטען צו בעווייזען די אונשולד פון די אידען. דאָס האָט ניט געהאָלפען; ארגומענטען העלפען איבערהויפּט ניט אין אזעלכע צייטען. דער טייוועל האָט געבוירען א קינד, וועלכען דער טאַטע אליין האָט מעהר ניט געקענט קאָנטראָלירען. דעם פּאַפּסט'ס ארויסטריט האָט אָבער דאָך געהאַט א געוויסע ווירקונג אויף דער

קריסטליכער בעפעלקערונג פון דרום־פראנקרייך*) און שפא־ניען. דארטען זיינען די רדיפות און די פערפאלגונגען ווייט נים געווען אזוי שרעקליך ווי אין דער „הייליגער רוימישער אימפעריע“, וועלכע האט אין זיך איינגעשלאסען גאנץ מעריב־אייראפא.

די לאגע פון די אידען אין דרום־פראנקרייך און אין שפאניען איז געווען עטוואס בעסער ווי אין די אנדערע אייראפעאישע לענדער. זי איז נים געווען אזוי האפנונגסלאז, אבער זי איז געווען שלעכט גענוג. דער אידישער לעבען איז אויך דארטען נים געווען זיכער און זיי האבען אויך דארטען געהאט אויסצושטעהן אלערליי בעגרענצונגען און בעליידיגונגען. דאס האט געפיהרט דערצו, וואס מאנכע פון די שוואכערע אין גייסט, וועלכע האבען מעהר נים געקענט אריבערטראגען די צרות, האבען פערלאזען זייער פאלק און זיין גלויבען און זיינען אריבערגעגאנגען צום שונא. דאס זיינען על פי רוב געווען מענשען, וואס האבען געקראגען א וויסענשאפטליכע און פילאזאפישע ערציהונג און האבען וועניג געהאלטען פון אירגענד וועלכער רעליגיאן. זיי האבען נים געהאט פאר וואס צו קעמפפען און צוליעב וואס צו ליידען און האבען געזוכט פטור צו ווערען פון זייערע צרות דורך דעם טובל'ען זיך אין די „הייליגע וואסער“. זיי האבען אנגענומען די נייע רעליגיאן נים אויס איבערצייגונג, נאר צוליעב פערזענליכע נוצען און צוועקען.

דער וויכטיגסטער צווישען די דאזיגע משומדים־פערראטהער, וועלכע זיינען שפעטער אויך געווארען מוסרים און ביטערע שונאים פון זייער פאלק, איז געווען א ב נ ר פון ב ו ר ג א ס. דער דאזיגער א ב נ ר איז געווען א בעדייטענדער תלמודיסט און פילאזאף. ר' מ ש ה נ ר ב ו נ י זאגט וועגען איהם, אז ער איז געווען א „חכם מהמיוחדים שבדורו“,

*) דער פאבסט איז דאן געווען אין „גלות“, און האט זיך אויפגעהאלטען אין א ו ו י נ א ן, דרום פראנקרייך. זיין איינפלוס איז דאהום דארטען און אין שפאניען געווען שטארקער ווי אין די אנדערע אייראפעאישע לענדער.

איינער פון די גרעסטע געלעהרטע פון זיין צייט. נאָך זיין טויפען זיך האָט ער געביטען זיין נאָמען אויף א ל פ אָ נ ז אָ און ער איז בעקאַנט אלס אלפאָנזאָ פון בורגאס אָדער אלפאָנזאָ פון ו ו א ל א ד אָ ל י ד, אין לעצטען פּלאַץ איז ער געוואָרען דער הויפּט־פּריעסטער פון דער דאָרטיגער קירכע.

די ערשטע צייט האָט ער זיך א פּנים געשעהמט מיט זיין טהאט און ער האָט זיך געזוכט צו פערענטפערען. ער האָט אָנגעשריבען א פּאַמפלעט אונטער דעם נאָמען „אגרת הגזרה“, דער בריעף וועגען דעם אונפערמיידליכען. אין דעם דאָזיגען פּאַמפלעט זוכט ער צו בעווייזען, אז ער איז אייגענטליך ניט שולדיג אין זיין טהאט. מענשען זיינען ניט פריי, זיי האָבען ניט קיין פרייען ווילען, אלץ איז פון פאָראויס בעשטימט און איינגעאָרדענט, אלץ איז על פּי גזרה. מענשליכע טהאטען זייען ניט אבהענגיג פון איהם, זיי זיינען אורזאכען פון פאָלגען, רינגעלעך אין א לאַנגע קייט. ער האָט אויף זיי קיין דעה ניט, ער קען זיי ניט קאָנטראָלירען, און ער דאַרף דארום ניט געהאַלטען ווערען פעראנטוואָרטליך פאר זיי. אומזיסט איז דער מענשליכער שטרעבען, ווארים „זיי זיינען ווי פיש אין א שלעכטע נעץ און ווי פויגעלאך אין א פאַסטקע“. דער מענש קען ניט ענטרינען פון זיין מזל.

עס פערשטעהט זיך, אז די דאָזיגע זאָנדערבארע פערטהיידיגונג פון דעם משומד האָט געקענט ארויסרופען בלויז שפּאָט און פעראכטונג צווישען זיינע פריהערדיגע חברים און גלויבענס־גענאָסען. זיי האָבען זיך ניט געשעהמט איהם צו זאָגען, וואָס זיי דענקען וועגען איהם און זיין טהאָט, אז ער האָט צוליעב א בעסערען מאָהלצייט פערראטהען זיין פאָלק. דאָס האָט איהם נאָך מעהר אויפגערייצט און ער האָט אָנגעפאנגען ארויסצוטרעטען אלס אָפענער בעשולדיגער און מוסר פון אידען און אידעשקייט.

ר׳ משה נ ר ב ו נ י איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט געפונען פאר נויטיג צו בעקעמפּפען א ב נ ר׳ס לעהרען פון דעטערמיניזם, ריכטיגער, פאטאַליזם, אויף׳ן טעאָרעטישען באָדען. ער האָט אָנגעשריבען א פּאַמפלעט אונטער דעם נאָמען

„מאמר בבחירה", אן אבהאנדלונג וועגען דעם פרייען ווילען. אלע פאסירונגען, טענה'עט ער, זיינען טאקע פאלגען פון אורזאכען, אבער זיי, די פאלגען, זיינען ניט שטענדיג אונפערמיידליכע. ווען א געגענשטאנד ברענט איז אין דעם שולדיג א פייער; דער פייער איז די סבה פון ברענען. אבער דער געגענשטאנד מוז ניט ברענען, ווען מען לייגט איהם ניט אריין אין פייער אדער ווען מען צינדט איהם ניט אן. דער מענשליכער ווילען גופא איז איינע פון די אורזאכען, וואס רופען ארויס פאלגען.

א חוץ דעם „מאמר בבחירה" האט ר' משה נ ר ב ו נ י אנגעשריבען א פירוש אויף דעם „מורה נבוכים" און פיעלע אנדערע ספרים. אין זיין פילאזאפיע איז נרבוני א קאנזעקווענטער אריסטאטעליאנער, ווי דער אריסטאטעליאניזם איז אויסגעטייטשט געווארען פון אבן־ר א ש ד.

דער וויכטיגסטער און בעדייטענדסטער פון אלע אידישע פילאזאפען אין דרום־פראנקרייך, איינער פון די גרעסטע וואס דאס אידישע פאלק האט פון זיך ארויסגעגעבען אין מיטעלאלטער, איז ר' ל ו י ב ן ג ר ש ו ן אדער גערסאנידעס (דער רלב"ג).

## X.

רבי לוי בן גרשון (דער רלב״ג). זיינע וויסענשאפטליכע, מאטהעמאטישע און אסטראנאמישע ספרים. זיינע פירושים אויף דער ביבעל. זיין פילאזאפישער ספר „מלחמות ה׳״. זיין בעציהונג צו די פריהערדיגע פילאזאפען און זיין אונערשראקענהייט. זיין מיינונג וועגען אונשטערבליכקייט. זיין מיינונג וועגען גאט׳ס וויסען און דעם מענשליכען פרייען ווילען. וואס מיינט השגחה? איז די וועלט א בעשאפענע אדער אן אייביגע? איז זי בעשאפען פון גאר נישט אדער פון א עטוואס?

---

רבי לוי בן גרשון (דער רלב״ג), אויך בעקאנט אלס לעאן דע באגנאלס און מאגיסטער לעא העברייאוס, איז געבארען געווארען אין באגנאלס אין יאהר 1288 און איז געשטארבען אין יאהר 1344.

ער האט אפגעשטאמט פון אן אנגעזעהענע און לומדישע פאמיליע, זיין זיידע פון זיין מוטער׳ס צד איז געוועזען דער רמב״ן, און ער האט נאך אין זיינע יונגע יאהרען געקראגען א גרינדליכע אידיש־תלמודישע ערציהונג. ער איז געוועזען איינער פון די בעקאנטעסטע תלמודיסטען פון דרום־פראנקרייך אין זיין צייט. זיינער א אינגערער צייט־גענאסע, ר׳ יצחק דע לאטטעס, שרייבט וועגען איהם: „אונזער גרויסער „נשיא״, ר׳ לוי בן גרשון, איז געוועזען דער מחבר פון פיעל וויכטיגע ספרים. ער האט געשריעבען פירושים איבער דעם תנ״ך און דעם תלמוד. אין אלע צווייגען פון דער וויסענשאפט, איבערהויפט אין לאגיק, פיזיק, פילאזאפיע, מאטהע־

מאַטיק און מעדיציז האָט ער צו זיך קיין גלייכען ניט" (שערי ציון).

צוזאמען מיט זיין אידישער בילדונג האָט ער אויך אָנגעפאנגען צו שטודירען דיא וויסענשאפטען און די פילאָזאָפיע, ווען ער איז נאָך געווען גאנץ יונג, ניט קימערענדיג זיך וועגען דעם פערבאָט פון רשב"א, וועלכער האָט ארויפגעלעגט א חרם אויף אַלע וואָס וועלען לערנען פילאָזאָפיע איידער זיי ווערען פינף און צוואנציג יאָהר אַלט. צו דרייסיג יאָהר האָט ער שוין אנגעפאנגען שרייבען זיין בעריהמטען ספר „מלחמות ה'" (די קריעג פון גאָט), וואו ער צייגט ארוים ניט בלויז א טיפען און גרינדליכען קענען פון דער פילאָזאָפיע, נאָר אויך א ברייטע און אַן אלזייטיגע בעקאנטשאפט מיט די וויסענשאפטען פון יענער צייט.

כאָטש ער איז געווען א גרויסער תלמודיסט, האָט ער זיך פון דעסטוועגען ניט אָפּגעגעבען מיט רבנות. זיין חיונה האָט ער געצויגען פון דער מעדיציניטער פּראַפעסיע. עס ווערט בעהויפּטעט, אז ער איז געווען דער דאָקטאָר פון דעם פּאַפּסט קלעמענט דעם זעקסטען, וועלכער איז געווען א גרויסער פערעהרער פון דעם אידישען געלעהרטען. דער פּאַפּסט האָט זאָגאר געלאָזען איבערזעטצען אין לאטייניש א טהייל פון דעם רלב"ג'ס ווערק איבער אסטראָנאָמיע. יענעם טהייל וואו ער בעשרייבט זיין ערפינדונג פון אן אינסטרומענט צו מאַכען אסטראָנאָמישע השבונות.

דער רלב"ג איז דער מחבר פון פיעלע וויכטיגע ספרים איבער פערשיעדענע געגענשטענדע. ער האָט געשריבען פּרושים אויפ'ן „חומש", אויף די „נביאים ראשונים" און די „כתובים". זיינע ערקלעהרונגען אויף דער ביבעל טראָגען גאנץ אָפט א פילאָזאָפישען כאראקטער; ער זוכט ארייצוברינגען זיינע פילאָזאָפישע מיינונגען אין דעם טעקסט פון דער ביבעל, און ווען עס איז איהם נויטהיג טייטשט ער אויס דעם טעקסט אויף אַן אַללעגארישען שטייגער. ער געהט אָבער ניט אזוי ווייט וויא דיא אנדערע אַללעגאריסטען פון זיין צייט: ער האַלט זיך שטרייננ אַן פּראָסטען פּשט, וואו עס

האנדעלט זיך וועגען די מצוות אָדער וועגען ערצעהלונגען פון היסטאָרישע פּאַסירונגען.

פון זיינע תלמודישע שריפטען דערמאָנט ער א פּירוש אויף דער מסכת „ברכות", וועלכע איז אבער פערפאַלען גע־וואָרען. ער האָט אויך געשריעבען איבער די „דרייצעהן מדות" (מעטהאָדען) פון ר׳ ישמעאל און ערקלעהרונגען אויף מאַנכע „אגדות" פון דעם תלמוד.

א חוץ זיינע ספרים איבער אידישע ענינים האָט ער אָנ־געשריעבען 1) אן אבהאנדלונג איבער לאָגיק, ספר ההקש הישר; 2) אן אבהאנדלונג איבער אלגעברא (מעשה חושב); 3) א אָבהאנדלונג איבער געאָמעטריע; 4) אן אבהאנדלונג איבער אסטראלאָגיע אין 5) אן אָבהאַנדלונג איבער אסטראָ־נאָמיע, וועלכע איז לכתחלה געוועזן א טהייל פון זיין ספר „מלחמות ה'" איבער פילאָזאָפיע.

אלע זיינע ספרים, סאי איבער דער ביבעל און סאי וועגען די וויסענשאַפטען און פילאָזאָפיע, האָט ער געשריעבען אין העברעאיש, כאָטש ער האָט, ווי עס ווייזט אויס, אויך געקענט אראביש און לאטייניש. זיין שפּראַך איז קלאָהר און פּשוט אָהן שום מליצות. אין דער הקדמה פון זיין ספר „מלחמות ה'" רעדט ער וועגען דעם, ווי עס איז נויטהיג פאר א שרייבער צו זיין סיסטעמאַטיש און צו אויסהיטען זיך פון מליצות: „עס איז קלאָהר, אז דער שרייבער שרייבט ניט פאר זיך, נור צו בעלעהרען אנדערע. און דערפאר דאַרף ער זיך אנשטרענגען צו סיסטעמאַטיזירען זיינע געדאַנקען אויף אזא אופן, אז זיי זאָלען זיין פערשטענדליך פאר דעם לעזער... דער־פאר דאַרף ער אָנפאַנגען פון די לייכטערע און אריבערגעהן צו דיא שווערערע... די שרייבער וואָס טהוען ניט אזוי, וואָס מאַ־כען זייערע געדאַנקען אונפערשטענדליך ענטוועדער צוליעב זייער שלעכטער סיסטעם אָדער דורך זייער שווערער שפּראַך, דערגרייכען ניט דעם ציעל, וואָס יעדער שרייבער שטעלט זיך. ניט בלויז העלפען זיי ניט דעם לעזער, נאָר זיי צומומלען איהם נאָך מעהר... מאַנכעס מאָל טהוען עס די דאָזיגע מחברים מיט א כיון. ווען זיי זיינען זיך משער, אז זייער שרייבערי־

האָט פעהלערען און איז שוואך, געברויכען זיי שווערע ווער־מער אדער שעהנע אויסדריקע, כדי איינצושרעקען דעם לעזער און דערמיט צו פערדעקען זייערע פעהלערען און זייער שוואכ־קייט... דאָס איז די סבה, וואָס מיר בענוטצען זיך ניט מיט שעהנע מליצות און מיט אַ שווערען לשון" *).

די קורצקייט און די פשוט'קייט פון דער שפראך מאַכט אָבער דעם „מלחמות ה'" בשום אופן ניט פאַר אנגענאהמע אָדער אפילו פאַר לייכטע לעזע־שטאָף. פון אלע העברעאישע ביכער איבער פילאָזאָפיע, וואָס זיינען געשריעבען געוואָרען אין מיטעל־אלטער, איז דער „מלחמות ה'" דער שווערסטער. אין דעם איז שולדיג זיין מעטהאָדע. דער רלב"ג שרייבט אויף דעם זעלבען שטייגער ווי די אַלע פּראָפעסאָרען פון פילאָ־זאָפיע (סכאָלאַסטיקער) אין מיטעל־אלטער האבען געשרי־בען: ער לאָזט זיך אריין אין האאר־שפּאלטענדע לאָגישע פייערווערק, וואָס פערטונקלען גאנץ אָפט דעם ענין אנשטאדט איהם קלעהרער צו מאַכען.

ער איז אַ שטריינגער לאָגיקער און אַ קאַלטער מאַטהע־מאַטיקער. ער האָט ליעב צו בעהאַנדלען אַ פראגע פון אלערליי מעגליכע זייטען און ווינקלען, ניט אויסלאָזענדיג קיין איינ־צעלהייט, קיין קנייטש. ער ברייננט די אלע מיינונגען, וואָס געפינען זיך איבער אַ בעשטימטע פראַגע, די אַלע „דאַפירס" און די אלע „דאגעגענס", אנאַליזירט און צוגליעדערט זיי דאַן מיט אַ שטריינגער לאָגיק, ציינט ארויס זייערע שוואכקייטען

*) „כי המחבר הלא מבואר שלא יחבר לעצמו, אבל להשפיע לזולתו. ולזה ראוי לו שישים השתדלותו לסדר דבריו בדרך יגיע בה המעיין אל תכלית הכונה בספר ההוא, ומפני זה יתויב לו שיתחיל הלמוד בקל... אבל המחברים אשר לא ינהגו כמו זה המנהג אלא שהם מוסיפים העלם והסתר בדבריהם מצד סדורם או עומק לשונם... הם מפסידים הכונה אשר בעבורת יחבר כל מחבר, כי הם לא די שלא יועילו למעיין, אלא שיוסיפו על מבוכתו מבוכה... ואולם לפעמים יהיה זה לתחבולה מן המחבר: וזה כי כשערו במום מאמריו או בחולשתם, יתקן להם לשונות עמוקים וצחים ויחבר להם עוד ענינים יבהילו המעיין הבהלה חזקה, עד שיסתיר זה ממנו מה שבמאמרים ההם מן המום או מן החולשה... ולזאת הסבה לא השתמשנו בו במליצות נאות ובלשונות עמוקים".

און וויא זיי זיינען זיך איינע די אנדערע סותר, און קומט דאן ארוים מיט זיין מיינונג. גאנץ אפט שיידעט זיך זיין אייגענע מיינונג אונטער פון דער מיינונג, וועלכע ער בעקעמפפט בלויז אין אז עדעלע, קוים בעמערקבארע רייז־לאגישע שאטירונג, וועלכע אפילו דער אויפמערקזאמער לעזער קען קוים כאפען. על פי רוב זוכט ער צו צופיהרען די אלע בעווייזע, פאר די „דאפירם" און פאר די „דאגעגענס", צו א לאגישע פארמולע, צו א סיללאגיזם, אדער צו א מאטעמאטישע אקסיאמע. דער גאנצער געבוי ווייזט דאן אוים, ווי אן ענטפער אויף א גע־אמעטרישע פראבלעם. און איהם קומט אפט אוים צו ווידער־האלען זיינע הנחות און די פועל־יוצא'ס, וואס דאס פערמא־טערט אויך דעם לעזער. ווען איהר נעהמט נאך דערצו אין אנבעטראכט, אז דער ר ל ב"ג, פונקט ווי אלע מעטאפיזיקער, בעהאנדעלט ב עג ר י ע פ ע אזוי ווי זיי וואלטען געוועזן ווירקליכקייטען, לאגישע פארמולער, ווי זיי וואלטען געוועזן פאקטישע טהאטזאכען, פאנגט אייך אן צו פערדריסען, וואס אזוי פיעל שארפזין, אזוי פיעל חריפות, איז פערוועגדעט גע־ווארען אויף זאכען, וואס האבען סוף כל סוף קיין ממשות נים.

דער ר ל ב"ג איז דער אונערשראקענסטער פון אלע אי־דעשע מיטעל־אלטערליכע פילאזאפען. ער בעהאנדעלט די פראגען, וועלכע אינטערעסירען איהם ניט ווי א טעאלאג, נאר ווי א פילאזאף. דאס מיינט בשום אופן ניט, אז דער רלב"ג ערלויבט זיך צו האבען אנדערע מיינונגען ווי די תורה, אדער אז ער איז ניט פרום געגוג. ער איז אבער אזוי טיעף איבער־צייגט אין דער אונפעהלבארקייט פון דעם מענשליכען שכל, אין דעם אבסאלוטען אמת פון די לאגישע פארמולען, אז ער איז זיכער, דאס קיין אנדערער אמת ווי דער אמת פון שכל איז ניטא, און אז די תורה, וועלכע איז אויך אמת, קען ניט זיין להיפוך פון דעם אמת פון שכל. „און דערפון איז קלאהר, אז אויב דער פילאזאפישער געדאנק וועט אונז ברענגען אין די דאזיגע ענינים צו מיינונגען, וואס ווייזען אוים אנדערש ווי דער פראסטער פשט פון דער תורה, וועלען מיר זיך צוליעב דעם ניט צוריקהאלטען פון צו זאגען דעם אמת. דאס הייסט

ניט זיין געגען דער תורה, ווייל די תורה צווינגט אונז ניט צו גלויבען אין ליגענס; פערקעהרט, זי פערפערטיגט אונז מיט אלע מעגליכקייטען צו בעגרייפען דעם אמת... און דעריבער זיינען מיר זיך נוהג פריהער פאר אלץ צו בעהאנדלען די דאָזיגע חקירות פון א ריין פילאָזאָפישען קוק. און דערנאָך ווערט אונז קלאָר, אז דאָס, צו וואָס מיר זיינען געקומען דורך דעם שכל, דורך דעם „עיון", וועגען די דאָזיגע ענינים איז טאָקע אויך די מיינונג פון דער תורה".*) דער רלב"ג געהט ווייטער ווי דער רמב"ם; ער זוכט ניט „אויסצוטייטשען" די תורה, אז זי זאָל זיך צופאַסען צו די פאָרשונגען פון מענשליכען פער־שטאַנד. ער לאָזט דעם שכל פריי און אונגעשטערט מהאַן זיין ארבייט, אַהן אירגענד וועלכע ריקזיכטען וועגען דער תורה. ער געפינט אָבער, אז די רעזולטאטען פון זיין פאָרשונג זיי־נען מסכים מיט די מיינונגען פון דער תורה...

דער רלב"ג איז ביי זיך א תקיף און איז זיכער אין זיינע אייגענע כוחות. איהם קימערט ניט, וואָס געגען איהם ווע־לען ארויסטרעטען מענשען, „וואָס האָבען זייערע מיינונגען געקראָגען בירושה פון אנדערע. מיט די מענשען פון דער דאָ־זיגער כתה האָבען ניט מיר וואָס צו רייעדן. פאר זיי איז גענוג דער גלויבען און זיי ווילען ניט וויסען." איהם קימערט אויך ניט, וואָס מאנכע פון די איינגעשראָקענע פילאָזאָפען וועלען עס בעטראכטען פאר א חוצפה פון זיין זייט, וואס ער נעהמט זיך אונטער צו פערענטפערען אזא פראגע ווי די וועלט־שעפפונג. זיי, די לעצטע, מיינען, אז מיט דעם שכל קען מען די דאָזיגע פראגע ניט פערענטפערען, בפרט ווען אפילו דער

*) „ולזה הוא מבואר שאם היה דרך העיון מביא אותנו באלו הענינים אל זולת מה שיראה מפשוטי התורה, לא היינו נמנעים מלפני התורה להגיד בהם האמת, כי אין זה חולק על התורה לפי האמת, כי אין נמוס יכריח אותנו להאמין הדברים הכוזבים, אבל היא מישרת אותנו בתלית מה שאפשר להשגת האמת... ולזה היה מנהגנו כאלו הדרושים לחקור בהם חקירה שלמה, תחילה מצד העיון, ואחר כך נתבאר לנו שמה שהביאנו אליו העיון בדבר דבר מאלו הדרושים הוא דעת תורתנו".

רמב"ם האָט איהר ערקלעהרט פאר א פראגע, וואָס שטעהט אויסערהאַלב די גרענצען פון דעם מענשליכען שכל. פאַר זיי איז דאָס גופא שוין א גענוגענדער בעווייז, אז מען קען די דאָזיגע פראגע איבערהויפּט ניט לייזען, ווארים אויב די לייזונג פון דער פראגע וואָלט געווען מעגליך, וואָלטען עס דאָך די קדמונים ניט אויפגעגעבען. „דאס", זאגט דער רלב"ג, „איז א שוואכע טענה. דערפון וואָס די „פריהערדיגע" האָבען ניט געוואוסט, איז נאָך ניט געדרונגען, אז די שפּעטערע קענען עס אויך ניט וויסען. די צייט און דער פּראָגרעס העלפען ארויסצוברענגען דעם אמת. אויב קיינער וואלט ניט געקענט וויסען מעהר ווי דאס וואס ער האָט געלערענט פון די פריהערדיגע, וואלט איבערהויפּט ניט מעגליך געווען קיין חכמה".

דער רלב"ג ווערט בעטראכט אלס דער טיעפסטער און קאָנזעקווענטעסטער אריטאָטעליאנער צווישען אידען. ער איז אָבער ווייט פון צו זיין א בלינדער חסיד פון אריסטאָטעלסען. ער איז א פאָלשטענדיג זעלבסטשטענדיגער דענקער און ער ערלויבט זיך צו האָבען זיינע אייגענע מיינונגען. ער טרעט ארויס געגען א ר י ס ט אָ ט ע ל ס ע ן מיט דער זעלבער שטאַרקייט און זעלבסטצוטרויען ווי געגען דעם ר מ ב"ם.

דער „מלחמות ה'" איז ניט קיין פאלשטענדיגע אבהאנדלונג איבער פילאָזאָפיע. ער שטעלט מיט זיך ניט פאָר א גאַנצע פילאָזאָפישע סיסטעם, ווי דאָס איז, צום ביישפּיעל, דער „מורה נבוכים". אזעלכע פילאָזאָפישע אָבהאַנדלונגען זיינען אין דעם רלב"ג'ס צייטען שוין געווען מעהרערע אין העברעאיש. דער רלב"ג בעשעפטיגט זיך דארום נאָר מיט אזעלכע פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, וואו ער האָט צו זאָגען עטוואָס נייעס. ער בעהאַנדעלט די יעניגע פראגען, וועלכע דער רמב"ם האט אין זיין „מורה נבוכים" ענטוועדער וועניג בעריהרט אָדער ער האָט זיי פערענטפערט אויף אזא אופן, וואָס איז געגען זיינע, דעם ר ל ב"ג'ס, אנזיכטען.

איינע פון די דאָזיגע פראגען איז די פראגע וועגען „השארת הנפש" (אונשטערבליכקייט). דער ערשטער קאפּיטעל פון „מלהמות ה'" בעהאַנדעלט די דאָזיגע פראגע.

אריסטאָטעלעס אַליין האָט זיך ניט גענוג קלאָר אויסגעשפּראָכען וועגען דעם „מהות" פון דעם מענשליכען שכל*) און וועגען זיין אונשטערבליכקייט. פון איין פּלאַץ קען מען ארויסדריינגען, אז דער שכל איז ניט מעהר ווי אן אייגענשאַפט פון קערפּער און שטעהט אין דער זעלבער בעציהונג צום קערפּער ווי די פאָרמע פון א זאַך צו איהר מאַטעריע, ווי די „צורה" צום „חומר". פון א זעלבסטשטענדיגער עקזיסטענץ פון שכל אויסערהאַלב דעם קערפּער קען גאָר קיין רייד ניט זיין, אזוי ווי עס קען ניט זיין די פאָרמע פון א זאַך אָהן דער זאַך. מיט דעם טויט פון קערפּער ווערט נאַטירליך אויך דער שכל פערשוואונדען. דאָס איז אייגענטליך אַ ריין מאַטעריאַליסטישער בעגריף פון שכל. אין א צווייטען פּלאַץ מאַכט אריסטאָטעלס א חלוק צווישען דעם מאַטעריעלען אדער דעם פּאַסיווען שכל, וואס עקזיסטירט בלויז אין מעגליכער עקזיסטענץ און דעם שכל וואס איז ארויס פון מעגליכען און ווירקליכען צושטאַנד, דער „טהעטיגער שכל", וועלכער איז אונשטערבליך.

די מפורשים פון אריסטאָטעלסען האָבען געזוכט צו פערענטפערען די דאָזיגע סתירה, יעדער אויף זיין אופן. דער רלב"ג ברענגט די מיינונגען פון אלכסנדר, טהעמיסטיאוס און אבן־ראשד. לויט אלכסנדר

*) אונטער דעם וואָרט „שכל" ווערט ביי די מיטעל־אַלטערליכע פילאָזאָפען פון די מערשיעדענע שולען פערשטאַנען די ספּעציעל מענשליכע פעהיגקייט זיך צו בילדען אלגעמיינע אידעען, אוניווערזאלס, אויף דעם סמך פון די איינצעלנע איינדריקע וואָס ער קריעגט דורך זייע חושים. די דאָזיגע פעהיגקייט, וואָס שיידט אונטער דעם מענשען פון די אנדערע חיות, זאָיז עס, לויט זיי, די מענשליכע נשמה, אזוי אז דער וואָרט „שכל" האָט דאָ די זעלבע בעדייטונג וואָס דאָס וואָרט נשמה.

גאָט איז ריינער שכל און דער גאַנצער אוניווערזום איז גאָט'ס אַ שכל'דיגער געדאַנק. די הימלישע קערפּערס זיינען לעבעדיגע וועזענס און יעדער פון זיי האָט אַ „שכל", וואָס איז אויף איהם ממונה. אונזער וועלט, די וועלט פון אונטער דער לבנה, די וועלט פון די פיער עלעמענטען, האָט אויך אַזאַ שכל, וועלכער הייסט „שכל הפועל".

איז דער שכל ניט מעהר ווי אן אייגענשאַפט פון דעם לעבעדיגען מענשליכען קערפּער. די אייגענשאַפט ווערט אַרויסגעררפען אין ווירקליכקייט דורך דער ווירקונג פון דעם וועלט־שכל, פון גאָט אַליין, וועלכער ווירקט אָבער בלויז, ווען דער מענש לעבט, ווען דער מענש בעזיצט די כלים, די חושים, צו בעגרייפען זאכען. מיט דעם טוידט ווערט דער מענשליכער שכל פערשוואונדען, ווייל עס ווערען פערשוואונדען די חושים. קיין אונשטערבליכקייט איז ניטאַ. לויט טהעמיסטיאוס קומט אויס, אַז דער שכל איז ניט בלויז אַן אייגענשאַפט פון קערפּער, נאָר אַ זעלבסטשטענדיגער „עטוואָס" וואָס געפינט זיך אין קערפּער, וואָס איז, אמת, פערבונדען מיט דעם קערפּער, אָבער וועלכער האָט אַ זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ. ער איז אייביג און אונשטערבליך. אבן־ראשד, לויט ווי דער רלב"ג פערשטעהט איהם, מאַכט א מין פשרה צווישען זיי. לויט איהם קומט אויס, אַז די דאָזיגע פּאָרבערייטונג אָדער אייגענשאַפט פון דעם קערפּער איז דער „שכל־הפועל" גופא (דער „שכל הפועל" איז דער אלגעמיינער שכל פון לעצטען „גלגל", פון „דער וועלט אונטער די לבנה"), וועלכער בעהעפטענדיג זיך מיט'ן גוף, רופט אַרויס די דאָזיגע אייגענשאַפט פון מעגליכקייט אין ווירקליכקייט *). דער מענשליכער שכל איז אַ טהייל פון דעם אַלגעמיינעם „שכל הפועל". נאָכ'ן טוידט ווערט דער מענשליכער שכל, אויב ער איז ענטוויקעלט, פעראייניגט מיט'ן שכל הפועל, און בלייבט אונשטערבליך, אָבער קיין אינדיווידועלע אונשטערבליכקייט איז ניטאַ.

דער רלב"ג צוגליעדערט די דאָזיגע מיינונגען, די אַלע „דאַפירס" און „דאַגעגענס", ווייזט אַרויס זייערע שוואַכקייטען און סתירות, און קומט צום שלוס, אַז קיינע פון זיי קען ניט אויסהאַלטען קיין גרינדליכע קריטיק. ער זאָגט דאַן אַרויס זיין אייגענע מיינונג:

דער שכל וואָס איז געבאָרען מיט דעם מענשען איז

*) „הוא יחשוב שזאת ההכנה הוא השכל הפועל בעצמו, אלא שמצד דבכותו בכנו הוא הכנה וימצא לו כוח על שישכיל מה שבכאן".

ניט מעהר ווי א פעהיגקייט אָדער אייגענשאַפט פון דעם מענשליכען קערפּער. די אור־מאַטעריע (חומר היולי), וואָס איז דער מאַטעריעלער יסוד פון אַלץ וואָס עקזיסטירט אונטער דער לבנה, האָט צווישען די איבריגע אויך די אייגענשאַפט אַרויסצוענטוויקלען פון זיך דעם שכל. מיר ווילען די דאָזי־גע אייגענשאַפט פון דער מאַטעריע אַ נאָמען געבען דער „אור־שכל“ (שכל ההיולאני). זי, די דאָזיגע פעהיגקייט, גע־פינט זיך אין אַ צושטאַנד פון מעגליכקייט („אין כוח“) און ווערט אונטער געוויסע אומשטענדען אַרויסגערופען אָדער אַרויסענטוויקעלט אין דער ווירקליכקייט (אין „פּועל“). בלויז ווען די אור־מאַטעריע בעזיצט שוין לעבענס־קראַפט (כוח החיוני) און פאַרשטעלונגס־קראַפט (כוח המדמה), בלויז דאַן קען זי זיך אויך ערווערבען די פעהיגקייט אַרויסצוברענגען פון זיך דעם שכל. ווארום ווען ניט, וואָלט דאָך אַלץ וואָס עק־זיסטירט און בעשטעהט פון מאַטעריע אויך געמוזט בעזיצען דעם שכל. מיר זיינען דארום געצוואונגען אָנצונעהמען, אַז בלויז די מאַטעריע, וואָס האָט דערגרייכט אַ געוויסע מדרגה, אַז בלויז זי איז פעהיג אַרויסצוענטוויקלען פון זיך דעם שכל, וועלכער געפינט זיך ביי איהר אין דער מעגליכקייט.

דער „שכל ההיולאני“ אָדער דער מאַטעריעלער שכל ווערט אַרויסגערופען פון כוח אין פּועל דורך דער ווירקונג פון דעם „שכל־הפּועל“. ער, דער „שכל־הפּועל“, איז די אורזאַכע און די קראַפט, וואָס רופט אַרויס די בעוועגונג אין דעם אור־שכל פון דער אור־מאַטעריע, ווען זי, די לעצטע, געפינט זיך אין דעם נויטיגען צושטאַנד, ווי עס איז שוין אויבען בעמערקט געוואָרען.

דער „שכל ההיולאני“ איז איינער און דער זעלבער ביי אַלע מענשען, ווייל, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, איז ער דאָך ניט מעהר ווי אַן אייגענשאַפט אין דער אַלגעמיינער אור־מאַ־טעריע. דער „שכל־הפּועל“ וויעדער, וואָס ווירקט אויף דעם שכל ההיולאני“, איז אויך איינער און דער זעלבער פאַר אַלע מענשען, ווייל ער איז דאָך דער אַ ל ג ע מ י י נ ע ר שכל פון דער ג אַ נ צ ע ר וועלט פון אונטער דער לבנה. דערפון

איז אָבער נאָך ניט גערדרונגנען, אז אַלע מענשען דארפען האָ־בען די זעלבע און גלייכע שכל'ען. דאָס ווענדעט זיך אָן דעם, אויף וויפיעל יעדער מענש בעזונדער זוכט צו בעפריעדיגען זיין פערלאנג נאָך וויסען און פאָרשען. וואס מעהר איינער לערענט און שטודירט, וואָס מעהר איינער פערטיעפט זיך אין אַלערליי פראגען, אלץ מעהר ענטוויקעלט ער ארויס זיין שכל, אלץ א גרעסערען, אלץ א שטאַרקערען, אלץ אָן אומפאסענדע־רען שכל ערוועררבט ער זיך. דער רל ב"ג רופט דאָ־רום אָן דעם מענשליכען אינדיווידועלען שכל, — „שכל הנקנה", דער ערוואָרבענער שכל.

דער „שכל הנקנה" איז אלזאָ ניט מעהר ווי דער סכום, דער סך־הכול, פון וויסען, וואָס דער מענש האָט זיך ערוואָר־בען אין פערלויף פון זיין לעבען. דאָס דאָזיגע וויסען, די דאָ־זיגע שכל'דיגע בעגריעפע, זיינען לויט דעם רל ב"ג ניט בלויז פארשטעלונגען, נאר ווירקליכקייטען. רוחניות'דיגע רעאַליטעט־טען, אויב מען קען זיך אזוי אויסדריקען, וועלכע קענען ניט ווערען פערשוואונדען מיט דעם מענשענ'ס טוידט. דער „שכל הנקנה" איז א רעזולטאַט פון דער ווירקונג פון דעם „שכל הפועל", וועלכער איז דורכאוים ווירקליכקייט, אונקער־פעדליך און אונשטערבליך; ער, דער „שכל הנקנה", מוז דאָ־רום אויך זיין אונקערפערליך און אונשטערבליך. ווען מען רעדט פון מענשליכער אונשטערבליכקייט, ווערט געמיינט די אונשטערבליכקייט פון דעם ערוואָרבענעם שכל. מען דארף אָבער וויסען, אז קיין נייע בעגריעפען, „מושכלות", קען זיך דער „שכל הנקנה" ניט ערווערבען נאָכ'ן טוידט, וויל עס פעהלען איהם דערצו די כלים. דער „שכל ההיולאני" שטארבט אָפּ מיט דעם מענשען.

די אלע שכל'דיגע בעגריעפע בלייבען לעבען נאָכ'ן טוידט ניט בלויז אלס איינצעלנע, יעדער בעזונדער, נאר זיי בילדען מיט זיך עטוואָס גאנצעס און הארמאָנישעס אין צוזאמענהאנג איינער מיט דעם אנדערען. ביין לעבען, צוליעב די שטערונ־גען פון גוף, איז אונזער וויסען נויטווענדיגערווייזע בע־גרענצט און ניט קלאָהר. מיר ווייסען די זאכען מצד זייערע

פּרטים און מיר קענען די אלע פּרטים ניט פערבינדען אין איין גאנצעם; מיר זעהען און פערשטעהען איינצעלנע ערשיינונגען, איינער מעהר, דער אנדערער וועניגער, אָבער מיר זעהען ניט די גאַנצקייט, די איינהייט, פון די איינצעל־ערשיינונגען. וועז פון מענשען בלייבט נאָר ריינער שכל, דער „שכל הנקנה". פערשווינדען די הינדערניסע מצד דער מאַטעריע, און ער קען זעהן די זאכען אין זייער גאנצקייט. אין דעם בעשטעהט דער מענשליכער גליק פון השארת הנפש. אויף אזוי ווייט און נור אויף אזוי ווייט ווערט דער שכל הנקנה בעהעפט מיט דעם „שכל הפּועל" אבער ער ווערט ניט פערשוואונדען אין איהם.

דער „שכל הנקנה„ ווערט ניט פערשוואונדען נאָד'ן טויט אין דעם „שכל הפּועל" אלס א טייל פון איהם, ווי דאָס ווילען האָבען אנדערע פילאָזאָפען. דער מענש קען אזא הויכע מדרגה ניט דערגרייכען. דערצו וואלט נויטיג געווען, אז ער זאָל וויסען און בעגרייפען אַלץ וואָס עס איז דאָ צו וויסען און בעגרייפען, אַלץ וואָס דער „שכל־הפּועל" בעגרייפט, אַלץ וואָס עס געפינט זיך אין דער וועלט פון אונטער דער לבנה. ער וואָלט געמוזט וויסען און פערשטעהן אלע נאַטירליכע ערשיינונגען, די מיליאָנען גרויסע און קליינע ערשיינונגען, ניט נאָר אַלס פּרטים, נאָר אויך אין זייער צוזאמענהאַנג איינער מיט דעם אנדערען. נאָר דאן וואָלט ער געקענט ווערען א י י נ ס מיט דעם „שכל הפּועל". דערצו, אויב מען זאָל אַננעהמען, אז דער אינדיווידועלער שכל פעראייניגט זיך מיט דעם „שכל־הפּועל", מוז ער דאָך פערלירען זיין אינדיווידואליטעט, און עס וואָלט דאן ניט געקענט זיין קיין חילוק צווישען איין שכל און דעם אנדערען, עס וואָלט ניט געווען קיין חלוק צווישען דעם פיעל ־ וויסענדען און דעם אונוויסענדען. עס וואָלט געמיינט, אז וויסען און אונוויסען איז איינס און דאָס זעלבע. עס וואָלט אויסגעקומען, אז דער „שכל־הפּועל", אין וועמען די אלע שכל'ען פעראייניגען זיך, איז אי וויסענד, אי אונוויסענד אין איינער און דער זעלבער צייט.

דער „שכל הנקנה" פיהרט. אלזאָ, א זעלבסטשטענדיגע, אינדיווידועלע עקזיסטענץ. יעדער מענש, אין אנדערע ווער־

מער, האָט אַן אינדיווידועלען שכל אָדער נשמה און איז אינ־דיווידועל אונשטערבליך. נאַטירליך, יעדער לויט זיין מדרגה נאָך, יעדער לויט דעם סכום פון וויסען און גוטע מעשים וואָס ער האָט זיך ערוואָרבען. יעדער האָט „עולם הבא“, כאָטש ניט אַלע גלייך.

* * *

איידער דער רלב“ג קומט צו דער פראגע פון „ידיעה און בחירה“ בעהאנדעלט ער די פראגע פון חלומות, וואהרזאגעריי און נבואה. געלעהרטער און פילאזאף וואס ער איז געווען, איז ער דאך בלויז א קינד פון זיין צייט און האט זיך ניט געקענט אין גאנצען בעפרייען פון די גלויבענס, וואס מיר אין אונזער שטאָלץ רופען „אבער־גלויבענס“, פון זיינע צייט־גענאָסען. ער גלויבט אין דער ווירקונג פון די הימלישע קערפערס אויף די פאסירונגען פון אונזער וועלט, און אויב די אסטראלאגען טרעפען ניט שטענ־דיג מיט זייערע פאראויסזאגונגען, איז עס „מחמת מיר זיינען אזוי ווייט פון יענע הימלישע קערפערס סאי אין דער מאַ־טעריע און סאי אין רוים“, אז מיר קענען זיי ניט בעגרייפען פאלשטענדיג מיט אונזערע חושים און מיר זיינען דארום ניט פעהיג אויסצושטודירען זייערע אייגענשאפטען. ער גלויבט אויך אין דער מעגליכקייט פון וואהרזאגעריי, און ער ווייס אפילו צו דערצעהלען פון חלומות וואס זיינען מקוים גע־ווארען. ווענען נבואה איז דאך שוין ניטאָ וואס צו רעדען, „ווארים אלע פעלקער זיינען אויף דעם מסכים“.

נו, וואס איז אלזא אזוינס נבואה? אויך דער רמב“ם בעהאנדעלט די דאזיגע פראגע. אבער ער, דער רמב“ם בעהאנדעלט איהר פון דער ריין־פסי־כאלאגישער זייט. פאר איהם איז די פראגע, וועלכע גייסטיגע פעהיגקייטען מוז א מענש בעזיצען, אום ער זאל ראוי זיין צו נבואה. ער קומט צום שלוס, אז א נביא קען זיין נאר אזא מענש, ביי וועמען דער שכל און די פאנ־טאזיע האבען דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון ענטוויקלונג.

דער רלב״ג גיט זיך אָפּ א חוץ מיט דער פּסיכאָלאָגישער זייט פון דער פראגע אויך מיט איהר פילאָזאָפישער זייט. ביי איהם איז די פראגע פון נבואה פערבונדען מיט דער פראגע פון פאָראויסבעשטימונג און דעם מענשליכען פרייען ווילען: ווי אזוי איז די נבואה און פאָראויסזאָגונג בכלל מעגליך, אויב מען זאָל אננעהמען, אז דער מענש האָט א פרייען ווילען? אויב דער נביא צי, להבדיל, דער וואהרזאגער, קען וויסען פון פאראויס, וואס עס וועט פּאסירען, דאן וועט עס דאָך הייסען, אז די פּאסירונגען זיינען פון פאראויס בעשטימט, אז זיי זיי־נען אונפערמיידליך, און אויב דאס איז אזוי, האָט דאָך דער מענש קיין פרייען ווילען ניט. און אויב א מענש האָט קיין פרייען ווילען ניט, טאָ וואס איז די פּעולה פון דעם נביא׳ס שטראפען און ווארנען?

עס איז קלאָהר, אז דער נביא קען ניט וויסען פאראויס אזעלכע פּאסירונגען, וואס זיינען ריינער צופאל. אונטער דעם וואָרט „צופאל" ווערט פערשטאנען א פּאסירונג וואס קען פארקומען אי אזוי אי אנדערש, און ביי א פּאסירונג וואָס קען זיין אי אזוי און אי אנדערש, איז דאָך ניט שייך ווי־סען, ווייל אונטער דעם וואָרט „וויסען" פערשטעהען מיר עטוואס בעשטימטעס, זיכערעס, אין וואס עס קען קיין ספק ניט זיין, וואו עס איז ניטאָ קיין צווייערליי מעגליכקייטען. „וויסען און מעגליכקייט" זיינען א תרתי דסתרי, א סתירה אין זיך גופא, וואס שליסען אויס איינע די אַנדערע.

ווי קען, אלזאָ זיין אי נבואה און אי פרייער ווילען, און וואס פאר א זינן האָט נבואה, אויב קיין פרייער ווילען איז ניטאָ? ווי קריכט מען דאָ ארויס פון דעם פּלאָנטער?

דער ר ל ב ״ג זאָגט ארויס א געדאנק, וועלכער וואָלט געקלונגען העכסט מאָדערנע, ווען ער וואָלט איהם ארויסגעזאָגט אין מאָדערנע ווערטער און אין א מאָדערנע טערמינאָלאָגיע: די וועלט און איהרע פּאסירונגען, קליינע ווי גרויסע, ווערען רעגיערט דורך אייביגע, פעסטגעשטעלטע געזעטצע; זיי זיינען אונפערמיידליכע פאלגען פון אורזאכען.

קיינע צופעלע זיינען ניטאָ. אפילו אזעלכע פּאסירונגען, וועל־
כע ווייזען אונז אוים צו זיין ריין צופעליגע האָבען אויך אַ גע־
ווימען סדר און אָרדנונג. די מענשליכע האַנדלונגען ווערען
אויך רעגולירט פון די דאָזיגע אלגעמיינע געזעטצע. אָבער דער
מענש בעזיצט שכל, און דורך איהם קען ער אין געוויםע פעלע
דורכזעטצען זיין ווילען געגען דיא נאַטירליכע געזעטצע. דער
מענשליכער שכל, און דער פרייער ווילען אלס רעזולטאַט פון
איהם, זיינען גופא א טהייל פון דיא בעשטימענדע אורזאכען.
דער מענשליכער שכל גופא איז א טהייל פון דער יעניגער נאַ־
טור, וועלכער בעאיינפלוסט איהם אין זיינע האַנדלונגען.
אויף אזוי וויט וויא דער איינפלוס פון שכל ווירקט, און נור
אויף אזוי וויט, האָט דער מענש א פרייען ווילען. געברויכט
אָבער דער רלב"ג דיא שפראך און דיא טערמינאלאגיע פון די
מיטעלאלטערליכע פילאָזאָפען, און אָט ווי דער דאָזיגער גע־
דאנק קומט ארוים :

אַלע פּאסירונגען אויף דער וועלט ווערען רעגולירט פון
דיא הימעלשע קערפּערס, וועמעס איינפלום קען ניט אויסגע־
מיטען ווערען. דיא פּאסירונגען, וועלכע ווייזען אונז אוים
וויא צופעליגע זיינען אין דער אמת'ן אויך בעגרענעצט און
רעגולירט פון זיי, אפילו ווען איינער איז מזל'דיג און דער אנ־
דערער ניט איז אין דעם אויך פאראנען א סדר*). דער מענש
אָבער, זייענדיג בעשאנקען מיט'ן שכל וואס מאכט איהם פאר
אַ שותף מיט דיא הימעלשע וועזענס און בעזיטצענדיג א
פרייען ווילען קען קעמפּפען געגען זייער ווירקונג. די דאָזיגע
צופעליגע פּאסירונגען קענען דארום בעטראַכט ווערען פון
צוויי זייטען ; 1) זיי זיינען אונפערמיידליך מצד דער וויר־
קונג פון דיא הימעלשע קערפּערס און 2) זיי זיינען מעגליכע

*) ונאמר שכבר יראה במה שבקרי ובהזדמן שיש לו סדור מה, עד
שנבר ימצאו אישים רבים תרבינה הצלחות כל איש ואיש מהם המתחדשות
לו בקרי. והם האנשים הנקראים טובי המזל. וימצאו אנשים אחרים
תרבינה רעות כל איש ואיש מהם המתחדשות לו בקרי, והם האנשים
הנקראים רעי המזל. וזה ממה שיחייב שיהיה למה שבקרי הגבלה וסדור
באופן מה (מלחמות ה', מאמר ב', פרק ב').

מצד דעם מענשליכען שכל און פרייען ווילען. דער מענש איז טאקע דארום בעשאנקען געווארען מיט'ן שכל, כדי ער זאל זיך קענען בעפרייען פון דעם איינפלוס פון די הימעלשע הערפערם*).

דער נביא אדער וואהרזאגער קען פאראויס זאגען דיא פאסירונגען נאר אויף אזוי ווייט אויף וויפיעל זיי זיינען אב־הייניג און בעשטימט פון דעם איינפלוס פון די הימעלשע קערפערס. דער נביא קען אבער ניט פאראויסזאגען די פאסי־רונגען אויף וויפיעל זיי זיינען אבהייניג פון מענשליכען פרייען ווילען. דער נביא זעהט, למשל, אז אן אונגליק איז אונפערמיידליך אין א בעשטימטען לאנד אדער שטאדט, דאס הייסט אונפערמיידליך לויט די בעשטימונגען פון די הימעל־שע קערפערס. דער נביא ווארנט די מענשען פון דעם לאנד אדער פון דעם שטאדט, און די מענשען האבען דעם פרייען ווילען צו האנדלען אזוי, אז דער אונגליק זאל אויסגעמידען ווערען. דערפאר קען טרעפען. אז א נביא זאל נביאות זאגען וועגען דעם חורבן פון א לאנד אדער שטאדט, און די נביאות זאל ניט מקויים ווערען, ווי עס האט פאסירט מיט דעם נביא יונה און די שטאדט נינוה.

די פראגע איז איצטער, פון וועמען און ווי אזוי קריגט דער נביא זיינע ידיעות? דער נביא איז, לויט דעם רלב"ג, ניט מעהר ווי א מענש ביי וועמען דער שכל איז ענטוויקעלט צו דער העכסט־מעגליכער מדרגה. דאס איז נאך אבער וועניג. ער דארף דערצו נאך בעזיצען די פעהיגקייט צו קוקען אויף זאכען פון א רייז שכל'דיגען שטאנדפונקט, ניט ווערענדיג

*) ... הנה יחויב שיהיו אלו המקרים מוגבלים ומסודרים מצד אחד, ובלתי מוגבלים ומסודרים מצד אחר. ואולם הצד אשר הם מוגבלים ומסודרים... הם מצד הגרמיים השמימיים. ואולם הצד אשר הם בו אפשריים ובלתי מוגבלים ובלתי מסודרים הוא השכל והבחירה הנמצאים בנו, כי השכל והבחירה יש להם שיניעו אותנו אל זולת מה שהוא מוגבל מפאת הגרמים השמימיים... הנה השגיח השם יתברך בנו, כששם בנו שכל בעל תכלית, להגיענו אל זולת מה שהוא מוגבל מפאת הגרמים השמימיים. (מלחמות ה', מאמר ב', פרק ב').

בעאיינפלוסט פון די אנדערע גייסטיגע פעהיגקייטען. ווי צום ביישפּיעל פון דער פאנטאזיע. וואס מעהר ביי איינעם איז ענטוויקעלט דער שכל און וואס מעהר ער האט די פעהיגקייט „מתבודד צו זיין דעם שכל", דאס הייסט, צו זעהען זאכען נאר דורך דעם שכל, אלץ א גרעסערער נביא וועט ער זיין. ווי דער לעזער זעהט איז דער רלב"ג ניט מסכים מיט'ן רמב"ם, וועלכער זאגט אז דער נביא מוז אויך האבען אן ענט־וויקעלטע פאנטאזיע. לויט דעם רלב"ג איז עס גאר א שטערונג צו נבואה. דער נביא איז א מענש, ביי וועמען דער שכל שפּיעלט די איינציגע ראלע. דער נביא קען דארום ניט זיין קיין אונוויסענדער מענש, ער מוז שטודירען און דערפאר האבען טאקע די נביאים געהאט תלמידים. דער וואהרזאגער, דאגעגען, איז א מענש ביי וועמען די פאנטאזיע איז הויך ענטוויקעלט און זי שפּיעלט ביי איהם די הויפּטראלע. דער וואהרזאגער און חלומות־זעהער קענען זיין אונוויסענד, און עס וועט זיי ניט שטערען.

זייענדיג א מענש ביי וועמען דער שכל איז ענט־וויקעלט צו דער העכסטער מדרגה און אין דער זעלבער צייט בעזיצענדיג די פעהיגקייט צו קאנצענטרירען אלע גייסטיגע פעהיגקייטען אין דעם שכל, ווערט דער שכל פון דעם נביא בעהעפט מיט דעם „שכל הפועל", פון וועמען ער קריגט די השפעה און זיינע ידיעות. עס פערשטעהט זיך, אז ער קען פון דעם „שכל הפועל" ניט קריגען מעהר ידיעות ווי ער גופא, דער „שכל הפועל", וויים. און אזוי ווי דאס וויסען פון דעם „שכל הפועל" איז פאלקאמען, און אזוי ווי פאלקאמענער וויסען הייסט בעשטימטעס און זיכערעס און ניט עטוואס וואס איז אין ספק, קען דער „שכל הפועל" ניט וויסען זאכען וואס זיינען בלויז מעגליך. קען דארום דער נביא אויך ניט וויסען אזעלכע זאכען.

און פונקט ווי א מענש וואס בעזיצט וויסען האט א תשוקה מיטצוטיילען זיין וויסען צו די אנדערע מענשען, אזוי האט דער „שכל הפועל" א תשוקה צו זיין גנעדיג און מיט־טיילען זיין וויסען צו די מענשען וואס זיינען ראוי דערצו

דער „שכל הפועל" קריגט זיין וויסען פון די שכל'ען פון די העכערע וועלטען, וועלכע וויעדער קריגען זייער וויסען פון דעם וועלט-שכל, פון גאט אליין. דער העכערער שכל איז גנעדיג צום ניעדריגערען און טיילט איהם מיט א טייל פון זיין וויסען (מלחמות ה', מאמר ב', פרק ו').

* * *

איצטער קומט די פראגע וועגען גאט'ס וויסען. וועגען דעם זיינען דא מיינונגס-פערשיעדענהייטען. מאנכע ווילען אויסטייטשען אריסטאטעלס'עס מיינונג, אז גאט וויים איבערהויפט קיין זאך ניט, ניט די ערשיינונגען בדרך כלל און ניט די פרטים. גאט איז אין זיין וועזען אן אבסאלוטע איינהייט, און ער קען דארום ניט וויסען מעהרערע זאכען. אנדערע מיינען, אז גאט וויים די ערשיינונגען בדרך כלל, לויט ווי זיי מוזען פארקומען צוליעב זייער נאטור; ער וויים זיי אבער ניט מצד זייערע פרטים, וועלכע זיינען בלויז מעגליך און ניט נויטווענדיג.

דער רלב"ג ברענגט א גאנצע רייהע פון זייערע ארגומענטען, פון וועלכע דא וועלען געבראכט ווערען איינינע:

1) די פרטים פון די ערשיינונגען ווערען בעגריפען דורך דעם „שכל ההיולאני", דורך די חושים און דעם דמיון. גאט בעזיצט אבער ניט קיינע חושים און ער קען זיי דארום ניט וויסען. דער סיללאגיזם וועט זיין אזוי: גאט האט ניט קיין חושים; אלע וואס בעגרייפען איינצעל-ערשיינונגען מוזען האבען חושים; פאלגליך, גאט וויים ניט די איינצעל-ערשיינונגען.

2) איינצעל-ערשיינונגען קומען פאר אין דער צייט, וואס דאס מיינט ענדערונג און בעוועגונג. ביי גאט איז עס ניט שייך, פאלגליך קען ער ניט וויסען קיין איינצעל-ערשיינונגען.

3) אויב גאט וויים די איינצעל-ערשיינונגען מוזען מיר זאגען איינס פון די דריי: 1) אז ער פיהרט זיי אויף דעם בעסט-מעגליכען אופן; 2) אז ער האט ניט ביכולת זיי צו פיהרען אויף דעם בעסטען אופן; 3) אז ער קען זיי יע פיהרען

אויף דעם בעסטע אופן, נאר ער וויל ניט צוליעב קנאה אדער ניט־פערגינען. די ביידע לעצטע זיינען אויסגעשלאסען, ווייל ביי גאט איז ניט שייך ניט־קענען און ניט־פערגינען, זיי זיינען געגען דעם בעגריף פון דעם וועזען פון גאט. בלייבט ניט אנדערש ווי אנצונעהמען, אז גאט פיהרט זיי אויף דעם בעסט־מעגליכען אופן. דאס איז דאך אבער געגען דער ערפאהרונג, ווייל מיר זעהען ווי גרויסע עולות און אונרעכטען ווערען בעגאנגען, ווי די גוטע ליידען און די שלעכטע זיינען גליקליך. מוזען מיר דארום אננעהמען, אז גאט וויים איבערהויפט ניט די איינצעל־ערשיינונגען.

די וואס האלטען זיך אז די מיינונגען פון דער תורה בעהויפטען, אז גאט וויים אלץ, די כללים און די פרטים. זיי האבען אויך ארגומענטען, וועלכע זיינען גאנץ וויכטיגע: 1) גאט איז דאס פאלקאמענסטע, וואס מיר קענען זיך פארשטעלען. ווי איז אלזא מעגליך, אז ער זאל ניט וויסען? איז דען ניט אונוויסענהייט פון די גרעסטע חסרונות? 2) ווי אזוי קענען מיר זיך פארשטעלען, אז דער מייסטער פון א זאך זאל ניט וויסען זיין שעפפונג? דער קינסטלער וויים זיין שעפפונג סאי בדרך כלל און סאי בדרך פרט.

דער רמב״ם האלט זיך מיט דער מיינונג, אז גאט וויים אלץ, אלע פרטים. די טענות פון די פילאזאפען פערענטפערט ער דערמיט, וואס גאט׳ס וויסען איז אנדערש ווי אונזער וויסען. דער טעות פון די פילאזאפען, מיינט דער רמב״ם, בעשטעהט אין דעם, וואס זיי מישען צונויף אונזער מענשליכען וויסען מיט גאט׳ס וויסען, און דעריבער קומען זיי מיט זייערע טענות. דער אמת איז אבער, אז גאט׳ס וויסען איז אין גאנצען אנדערש ווי אונזערער, ער איז אנדערש אין דעם „ווי אזוי״ (איכות) און ניט בלויז אין דעם „וויפיעל״ (כמות). מיר געברויכען, אמת, דעם זעלבעןווארט פאר גאט׳ס און אונזער וויסען, אבער דאס איז דערפאר ווייל מיר האבען ניט אין דער מענשליכער שפראך קיין פאסענדערען ווארט. און ווייל די פילאזאפען מישען צונויף דעם געטליכען און דעם מענשליכען וויסען, מיינען זיי אז פונקט ווי מיר

קענען ניט בעגרייפען זאכען סיידען דורך אונזערע חושים. אזוי איז אויך מיט גאט; פונקט ווי מיר קענען ניט בעגרייפען דאס אונענדליכע. אזוי איז אויך מיט גאט; פונקט ווי מיר קענען ניט וויסען א זאך סיידען ווען זי האט שוין פאסירט און קענען ניט וויסען דעם אויסקום פון דעם מעגליכען אזוי אויך מיט גאט.

דער רלב"ג טרעט ארויס שארף געגען דעם רמב"ם, הויפטזעכליך פאר זיין בעהויפטונג, אז דאס וואס גאט וויים פון פאראויס, אז א בעשטימטע זאך וועט פאסירען, מיינט עס נאך ניט אז זי מוז פאסירען, ווייל גאט וויים דעם אויסקום פון דעם מעגליכען. ער בעשולדיגט דעם רמב"ם, אז ער בעהאנדעלט די פראגע ניט ווי א פילאזאף, נאר ווי א טעאלאג. „צוליעב דער תורה איז ער געצוואונגען געווארען אנצונעהמען אזא מיינונג". דער רלב"ג פרעגט: וואס מיינט דער רמב"ם מיט זיין בעהויפטונג, אז גאט וויים דעם אויסקום פון די מעגליכע פאסירונגען? מיינט ער צו זאגען, אז גאט וויים, דאס די מעגליכע פאסירונג וועט מסתמא פארקומען אזוי און ניט אנדערש, כאטש עס קען זיין אויך אנדערש, דאן איז עס בלויז א מיינונג און ניט קיין וויסען. אויב ער מיינט צו זאגען, אז גאט וויים אז א געוויסע פאסירונג וועט פאסירען אזוי און פונדעסטוועגען פאסירט זי אנדערש, דאן רופען מיר עס אונוויסען (סכלות) און ניט וויסען. אויב ער מיינט, אז גאט וויים דאס א בעשטימטע פאסירונג קען פאסירען אי אזוי אי אנדערש, דאן רופען מיר עס ספק און ניט וויסען. (מלחמות ה' מאמר ג' פרק ב'). דער רלב"ג טרעט ארויס בכלל געגען דעם רמב"ם'ס אטריבוטען־לעהרע. דער רמב"ם בעהויפטעט, אז די אלע „תוארים". וואס מירווענדען אן אויף גאט ווי חכם, גוטער, בארמהערציגער און אזוי ווייטער, דריקען ניט אויס דעם אמת'ען וועזען פון גאט. מיר געברויכען די דאזיגע ווערטער בלויז דערפאר, וואס מיר האבען קיין בעסערע ניט. אין דער אמת'ען האבען גאט'ס חכמה און אונזער חכמה, גאט'ס וויסען און אונזער וויסען, גאט'ס בארמהערציגקייט און אונזער בארמהערציגקייט קיין אינערליכען שייכות

ניט. זיי שיידען זיך אונטער אין מ י ן, און ניט בלויז אין מדרגה. דער רלב"ג פרעגט: אויב אזוי, קען מען דאָך זאָגען, אז גאָט איז א קערפּער און דערביי ערקלערען, אז קערפּער ביי גאָט איז אנדערש ווי ביי אונז? אויב גאָט'ס וויסען איז ניט אונזער וויסען איז דאָך גאָט'ס אונוויסען ניט אונזער אונוויסען, קענען מיר דאָך פּונקט אזוי זאָגען, אז גאָט איז אונוויסענד און דערביי ארויסגעהן מיט אַן ערקלערונג, אז גאָט'ס אונוויסען איז אנדערש ווי אונזערער. אויב אונזערע בעגריפע קענען ניט אנגעווענדעט ווערען אויף גאָט, קענען מיר דאָך איבערהויפּט ניט דענקען וועגען איהם און זיינע אַטריבוטען.

דער אמת איז, לויט דעם רלב"ג, אַז אונזער וויסען און גאָט'ס וויסען, אונזער חכמה און גאָט'ס חכמה זיינען די זעלבע אין מ י ן, אין זייער ע צ ם; זיי שיידען זיך בלויז אונטער אין דער מדרגה. גאָט'ס וויסען, גאָט'ס חכמה און גאָט'ס גוטסקייט זיינען אונענדליך העכער און גרעסער ווי אונזערער. גאָט איז דאָס פּאָלקאָמענסטע און דאָס בעסטע וואָס מיר קענען זיך פאָרשטעלען, און אַלץ וואָס איז גוט, קלוג און שעהן שרייבען מיר איהם צו אין דער העכסטער מדרגה.

אויב גאָט'ס וויסען איז דאָס העכסטע און דאָס פּאָלקאָמענסטע און שיידעט זיך ניט אונטער אין וועזען פון אונזער וויסען, איז קלאָר, אז ער קען ניט וויסען דאָס וואָס איז מעג־ליך אי אזוי און אי אנדערש, אז ער קען ניט וויסען די מעגלי־כע פּאַסירונגען. דאָרטען וואו עס איז דאָ דער פּאָלקאָמענ־סטער וויסען קען ניט זיין קיין רייד פון א מיינונג, א טעות אָדער א צווייפעל.

גאָט וויים אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין דעם גאנצען אוּ־ניווירזום מיט דעם העכסט־מעגליכען, העכסט־קלאָהרען, העכסט־אומפּאסענדען וויסען. ער מוז דאָס אַלעס וויסען, ווייל דער אוניווערזום איז דאָך א געטליכע מחשבה, און עס איז דאָך אונמעגליך, אז גאָט זאָל זיין אייגענע מחשבה ניט וויסען. ער וויים דיא אַלע זאכען לויט וויא זיי זיינען אייגגעאָרדענט

פון דיא נאטירליכע געזעטצע, אויף אזוי וויט וויא זיי זיינען אונפערמיידליך אין דעם אלגעמיינעם סדר פון די זאכען. ער ווייס אָבער ניט דיא מעגליכע פאסירונגען אויף וויפיעל זיי זיינען אבהייננגיג פון דעם מענשליכען פרייען ווילען. ער ווייס אלעס, די כללים און די פרטים; ער ווייס אויך וואָס עס וועט פאסירען אין פאל דער מענש וועט אויס־קלייבען צו האנדלען אזוי אָדער אנדערש; ער ווייס אָבער ניט וויא אזוי דער מענש וועט אויסקלייבען צו האנדלען. אין דעם איינ־אָרדנען פון דער וועלט האָט גאָט בעשאָנקען דעם מענשען מיט א פרייען ווילען, און ער האָט דיא ברירה צו האנדלען ווי ער וויל. דאָס, זאָגט דער רלב"ג, קען בשום אופן ניט בע־טראַכט ווערען אלס א פחת, אלס א פערמינערונג, פון גאָט'ס וויסען, ווייל ניט וויסען דאָס וואָס מען קען ניט וויסען הייסט ניט אונוויסען.

אין דער פראגע פון „ידיעה און בחירה", פון גאָט'ס וויסען און דעם מענשליכען פרייען ווילען, קומט דער רלב"ג צום שלום, אז דער מענש האָט א פאָלשטענדיגען פרייען ווילען בנוגע זיינע האנדלונגען, אויף וויפיעל זיי זיינען אבהייננגיג פון זיין פרייען ווילען, און אז אויף אזוי פיעל ווי דער מענש איז פריי ווייס גאָט ניט, וויא זיין, דעם מענשען'ס, אויס־וואהל וועט זיין.

עס פערשטעהט זיך, אז דער רלב"ג געפינט דאָס זיין מיינונג איז איבערא‏יינשטימענד מיט דער מיינונג פון דער תורה בנוגע דער דאָזיגער פראגע. ער מיינט, און ניט מיט אונרעכט, אז דיא גאנצע תורה בעגרינדעט זיך אויפ'ן געדאנק דאָס עס געפינען זיך האנדלונגען, וואָס זיינען ניט אונפער־מיידליך נאָר מעגליך, און אז זיי זיינען אבהייננגיג פון דעם מענשליכען פרייען ווילען. ווען אלץ וואָלט געווען אונפער־מיידליך, פון פאָראויס בעשטימט, וואָס פאר א זינן וואָלטען געהאט דיא פערזאגען און דיא פערבאָטען? גאָט ווייס, וואָס עס וועט פאסירען אין פאל דער מענש וועט אויסקלייי־בען דאָס גוטע אָדער דאָס שלעכטע, אָבער ער ווייס ניט וויא

ער וועט אויסקלייבען. ער לערנט איהם דערפאר ווי אויס־צוקלייבען און ווארנט איהם דורך דיא נביאים, אז ער זאָל אויסקלייבען דאָס גוטע.

* * *

איצט קומט דער רלב״ג צו דער פראגע וועגען גאָט׳ס השגחה, ער ברייננט 1) דיא מיינונג פון אריס־טאטעלעס, אז גאָט׳ס השגחה בעציהט זיך בלויז אויף דעם מין אָבער נים אויף דעם יחיד; 2) דיא מיינונג וויא דאָס רוב פערשטעהן דיא תורה, אז גאָט׳ס השגחה איז אויף יעדער יחיד, און 3) די מיינונג פון רמב״ם, אז גאָט׳ס השגחה בעציהט זיך בכלל אויף דעם גאנצען מין מענשען. נאָר די איינצעלנע גליקליכע, וועמעס שכל׳ען עס קענען זיך בעהעפטען מיט׳ן „שכל הפועל״, שטעהען אונטער א ספע־ציעלע אינדיווידועלע השגחה. דעם רלב״ג׳ס מיינונג איז נוטה צום רמב״ם׳ס.

בעטראכטען מיר דיא נאטור, זעהען מיר ווי יעדע זאך געפינט זיך אין א בעשטימטען סדר און אָרדנונג, אין דעם בעסטען סדר און אָרדנונג. אין דער לעבעדיגער וועלט איז אלעם איינגעריכטעט צום בעסטען פון דיא אלע פערשיעדענע ברואים, אז יעדער פון זיי זאָל אם בעסטען קענען פארטזע־צען און ענטוויקלען זיין מין. יעדער לעבעדיגער וועזען ווערט בעשאפען מיט ספּעציעלע ארגאנען, וועלכע פּאסען זיך פאר איהם אם בעסטען און האָבען דיא עובדא איהם צו פערהיטען פון שאדען. איין מין חיה בעזיצט הערנער, דער צווייטער מין קאָפּיטעס, דער דריטער שטארקע צייהנער און קינבאקען, כדי זיי זאלען האָבען מיט וואס זיך צו שיצען פון זייערע שונאים אָדער צו קריגען זייער נאהרונג. אנדערע מינים חיות בעזיטצען אינסטינקטען, וועלכע ווארנען זיי פון געפאהר, וויא א שעפּסעלע וואָס אנטלויפט פון א וואָלף, כאָטש זי האָט איהם פריהער קיינמאָל ניט געזעהן. פויגלען ווייסען אינ־סטינקטיוו זיך צו בעהאלטען פון רויב־פויגלען. ווינטער פלי־הען זיי, די פויגלען אין די ווארעמע געגענדען; זומער־

קעהרען זיי זיך צוריק אין דיא קעלטערע געגענדען. קורץ, יעדער מין פון דיא חיות האט זיך זיינע ספעציעלע ארגאנען און אינסטינקטען, וואס פאסען זיך פאר איהם אם בעסטען איהם אויסצוהיטען פון געפאהר. אין דעם, אין דעם דאזיגען וואונדערבארען סדר און ארדנונג, דריקט זיך אוים די געטליכע השגחה. די דאזיגע השגחה איז פערשפרייט אויף דעם מין בכלל.

בעטראכטען מיר דיא נאטור גענויער, וועלען מיר אויסגעפינען, אז וואס העכער א בעשטימטער מין שטעהט אויף דער מדרגה פון זיין ענטוויקלונג, אלץ פיעלפאכער און פערשיעדענארטיגער זיינען זיינע ארגאנען און אינסטינקטען, וואס פערהיטען איהם פון שלעכטס און שאדען. אין אנדערע ווערטער וועט עס הייסען, אז דער העכערען מין קריגט א גרעסערע השגחה. אבער דאס איז ניט דערפאר, ווייל גאט איז בעסער צו איין מין וויא צום אנדערען, גאט איז צו אלעמען גלייך גוט, ווארים גאט'ס גוטסקייט איז גרענצלאז. דאס נעהמט זיך דערפון, וואס דער העכערער מין חיה, טאקע צוליעב דעם וואס ער געפינט זיך אויף א העכערע מדרגה, איז מעהר פעהיג מקבל צו זיין דיא השפעה פון דער געטליכער השגחה.

דער מין מענש שטעהט אויף דיא העכסטע מדרגה פון אלע אנדערע מינים חיות, און ער בעזיצט דארום דיא בעסטע וואפע געגען שאדען און שלעכטס, ער בעזיצט דעם שכל. זייענדיג דיא העכסטע חיה, קריגט ער דיא גרעסטע השגחה.

כל זמן דער מענש געפינט זיך אויף א ניעדריגע מדרגה פון דער ענטוויקלונג, כל זמן זיין שכל איז ניט גענוג שטארק ארויסענטוויקעלט, קריגט ער ניט קיין אינדיווידועלע השגחה. ער בעקומט בלויז די דאזיגע השגחה, וואס דער גאנצער מין מענש בכלל, אלס מין, קריגט. קוים האט אבער איינער ארויסענטוויקעלט זיין שכל צו א זעהר הויבער מדרגה, קריגט ער א אינדיווידועלע השגחה און ניט בלויז דיא השגחה פון דעם מין. דער הויך־ענטוויקעלטער מענש איז פשוט מעהר פעהיג מקבל צו זיין די געטליכע השפעה. זיין שכל קען זיך, אזוי צו זאגען, בעהעפטען מיט דעם „שכל הפועל", און דורך דעם גופא קען

ער בעסער בעגרייפען דיא שלעכטע פאָלגען, וואָס געוויסע האנדלונגען זיינע וועלען ארויסרופען, און ער וועט אזוי ניט האנדלען. אין אנדערע ווערטער, ער קריגט מ מ י ל א און אלס א פ ו ע ל י ו צ א פון זיין ענטוויקעלטען שכל א אינדיווידועלע השגחה. דיא השגחה פון גאָט אויף דעם מענ־שען איז אלזאָ א דאָפּעלטע: אן אלגעמיינע השגחה אויף דעם גאנצען מ י ן מענש בכלל און א אינדיווידועלע השגחה אויף דיא יחידים, וואָס דערהויבען זיך אויף דער נויטהיגער מדרגה. יעדער איינער קען זיך אָבער דורך לערנען, דורך פאר־שען, דורך שטודירען און דורך גוטע מעשים דערהויבען צו יע־נער מדרגה.

דיא פראגע בלייבט אָבער, וויא קומט עס וואָס מיר זעהן אָפט וויא שלעכטע מענשען לעבען אין וואוילטאָג און גוטע ליידען ? וויא קומט עס, וואָס מאנכע שלעכטע ליידען און מאנכע זיינען גליקליך ? ווי קומט עס ענדליך, וואָס אויך צווישען דיא גוטע געפינען זיך סאי אזעלכע וואָס ליידען און סאי אזעלכע וואָס ליידען ניט ? איז דען דאָס אלעס ניט ריינער צופאל ? ווי קען עס שטימען מיט דעם בעגריף פון השגחה ?

דער רלב״ג געפינט אויף דעם א תירוץ, וואָס איז אין פאָלשטענדיגער הארמאָניע מיט זיין פילאָזאָפיע. ער טהיילט איין דעם מענשען אין דעם מענשען אלס חיה, מיט אלע זיינע ניעדעריגערע בעדירפניסע און אינסטינקטען, און אין דעם מענשען אלס מענש, אלס שכל׳דיגער וועזען. אלס חיה איז דער מענש אונטערוואָרפען די אויביגע פעסטגעשטעלטע געזעטצע פון דער נאַטור, וועמעס פאָלגען עס זיינען אונפערמיידליך. אלס חיה בעשטעהען דיא מענשליכע פערגעניגענס אין גוט עסען, און גוט שלאָפען, אין עשירות, און דעריבער איז אין דעם ניט שייך קיין ספּעציעלע השגחה. דאָס ווערט רעגולירט פון דיא הימעלשע קערפּערס, און דארום קענען זיין סאי גוטע מענשען וואָס ליידען און סאי גוטע מענשען וואָס זיינען גליק־ליך, סאי שלעכטע מענשען וואָס ליידען און סאי שלעכטע

מענשען וואָס זיינען גליקליך. אין דעם איז ניטאָ קיין סדר, ווייל אין דעם איז ניטאָ קיין ספּעציעלע השגחה.

אלס מענש, אלס שכל'דיגער וועזען, בעשטעהען די מענשליכע פערגעניגענס און דער מענשליכער גליק אין וויסען און אין ערווערבען זיך שכל'דיגע בעגריפע, „מושכלות". בנוגע דעם קען שוין ניט פּאסירען, אז דער מענש וואָס לערנט, שטודירט און פאָרשט זאָל זיך ניט ערווערבען קיין שכל'דיגע בעגריפע, וועהרענד דער וואָס טהוט עס ניט זאָל זיך יע ערוואָרבען. אין בעצוג צום ריין מענשליכען גליק, צו ריין מענשליכע פערגעניגענס, אין בעצוג פון ערווערבען זיך שכל'דיגע בעגריפע, קריגט יעדערער ווי ער פערדיענט. אין דעם איז דאָ בעשטראפונג און בעצאָהלונג, און אלץ געהט אין א סדר און אין אַן אָרדנונג, דורך השגחה *).

* * *

דער רלב"ג איז ניט צופריעדען מיט דעם אריסטאָטעלשען בעוויז פון גאָט'ס עקזיסטענץ; ער געפינט אין איהם חסרונות. דער אריסטאָטעל'ישער בעוויז איז, ווי עס איז שוין אונז בעקאַנט, צום ערשטען אריינגעבראַכט געוואָרען אין דער אידישער פילאָזאָפישער ליטעראַטור דורך אבן־דאוד און שפּעטער פון רמב"ם. בקיצור

*) אלא שכבר נראה במעט עיון כי הגמול והעונש האמתיים אינו באלו הטובות והרעות המורגשות. וזה שהגמול והעונש הנמצא לאדם במה שהוא אדם ראוי שיהיו בטובות האנושיות, לא בטובות והרעות אשר אינן אנושיות. ובחיות הענין כן, יהיו הטובות האנושיות בקנין הצלחת הנפש, כי הוא לאדם במה שהוא אדם, לא בקנין הערב במזונות ודברים המורגשים לפי שהזון וההרגש אינן לאדם במה שהוא אדם. והיו גם כן הרעות האנושיות בהעדר הצלחת הנפש, רצוני לאמר שיבצר ממנה שלמותה לא באלו הטובות והרעות המורגשות והמסודרות מהגרמיים. ולפי שקנין ההצלחה הנפשיית נמשך בעצמות לפעולות הטובות והישרות, והעדרו נמשך לפעולות המגונות; הוא מבואר שהגמול והעונש האמתי, והוא הטוב והרע הנמצא באדם במה שהוא אדם, הולך בסדר וישר לא יפגל ממנה דבר. מלחמות ה', מאמר ד', פרק ו').

איז דער דאָזיגער בעוויז אזוי: יעדער זאך וואס בעוועגט זיך מוז האָבען א בעוועגער; דער בעוועגער מוז האָבען א צווייטען בעוועגער; דער צווייטער א דריטען און אזוי כסדר ביז דער אונענדליכקייט, וואס דאס איז ראָך אונמעגליך. מיר מוזען דארום סוף כל סוף דערגרייכען מיט אונזער שכל צו א פונקט, וואס איז דער אָנפאנג פון דער גאנצער רייהע פון בעוועגונגען, דאָס הייסט פון א בעוועגער, וועלכער ווערט אליין ניט בעוועגט. דיעזער בעוועגער קען ניט זיין קיין קערפער, ווייל א קערפער קען זיך ניט בעוועגען אָהן א בעוועגער; ער מוז זיין אייביג און אונענדליך, ווייל אויב ניט, וואלט ער ניט געקענט ארויסרופען די אייביגע און אונענדליכע בעוועגונגען פון די הימעלשע קערפערס; ער קען ניט זיין קיין קערפערליכע קראפט, ווייל א קערפער מוז זיין ענדליך און דאס וואס איז ענדליך קען ניט פראָדוצירען קיין אונענדליכע קראפט. יענער בעוועגער, וואס איז דער אָנפאנג פון אלע בעוועגונגען, קען אלזאָ ניט זיין ניט קיין קערפער, ניט קיין קערפערליכע קראפט, מוז זיין אייביג און אונענדליך. אין אנדערע ווערטער: דער דאָזיגער אונבעוועגטער בעוועגער איז גאָט.

דער רלב"ג ארגומענט־ירט: ס'איז ניטאָ קיין אורזאכע פאר וואס עס זאָל ניט מעגליך זיין, אז א פשוט'ע קערפערליכע קראפט זאָל ניט ארויסרופען אן אייביגע בעוועגונג. עס איז אמת, מיר דאָ, אויף דער ערד, זעהען, אז יעדע בעוועגונג מוז געבראכט ווערען צו א שטיל־שטאנד, אויב זי ווערט ניט שטענדיג בעוועגט. אבער, טענה'ט ער, מען קען ניט ברענגען קיין ראיה פון דיא בעוועגונגען אויף אונזער ערד אויף דיא בעוועגונגען פון דיא הימלי־שע קערפערס. דאָ, אויף דער ערד, ווערט די בעוועגונג געשטערט דורך אנדערע פיזישע קרעפטען: זי דארף ארבייטען געגען דער ווידערשטאנדס־קראפט פון דער לופט, פון דער צוציהונגס־קראפט און אזוי ווייטער. ווען מיר זאָלען זיך אָבער קענען פארשטעלען א צושטאנד, וואו די דאָזיגע הינדערנים וואָלטען ניט געווען, וואלט יעדער קערפער, וואס

איז איינמאל דורך וועלכע ניט איז אורזאכע געבראכט גע־ווארען אין בעוועגונג, שטענדיג און אייביג געבליבען אין דעם צושטאנד פון בעוועגונג. דער ר ל ב " ג בעווייזט דארטען אויף א מאטעמאטישען אופן דעם וואויל־בעקאנטען פיזישען געזעץ, אז יעדער קערפער וואס איז איינמאל גע־בראכט געווארען אין בעוועגונג, וועט שטענדיג פארטזעצען זיין בעוועגונג, סיידען ער וועט אפגעשטעלט ווערען פון אן אנדער קראפט.

אויב דאס איז אזוי, ארגומענטירט דער ר ל ב " ג, איז ניטא קיין אורזאכע, ווארום די הימעלשע קערפערס, וועל־כע זיינען ניט געמאכט פון די פיער עלעמענטען, וועלכע דארפען ניט איבערקומען דעם ווידערשטאנד פון דער לופט, וועלכע ווערען ניט געצויגען דורך דער צוציהונגס־קראפט צום צענטער פון דער ערד, פאר וואס זיי זאלען זיך ניט בעוועגען אויביג אפילו ווען זיי האבען געקראגען דעם ערשטען שטויס צו זייער בעוועגונג פון א ריין פ י ז י ש ע ר קראפט, וועלכע מוז ניט דוקא זיין אונענדליך. דער אריסטאטעלשער בעווייז פון די בעוועגונג קען בשום אופן ניט בעווייזען, אז די בע־וועגענדע קראפט מוז דוקא זיין אן אונענדליכע און א אונ־קערפערליכע, אז זי מוז דוקא זיין א געטליכע; אז די קראפט איז דוקא א ש כ ל ' ד י ג ע.

דער רלב"ג בעגרינדעט דארום זיין בעוייז פון דער עק־זיסטענץ פון גאט אויף דער פלאנמעסיגקייט און צוועקמעס־סיגקייט אין דער נאטור:

יעדע פיזישע ערשיינונג מוז האבען אן אורזאכע. די וועלט, וועלכע איז א פיזישע ערשיינונג, מוז דארום האבען אן אורזאכע.

די אורזאכע קען ענטוועדער זיין א בלינדע ריין מעכא־נישע קראפט, וואס ווירקט על פי מקרה, דורד'ן צופאל, אהן א סדר און אהן א כונה אדער א שכל'דיגע קראפט, וואס האט א פלאן און א סדר אין איהר טהעטיגקייט. בעטראכטען מיר די וועלט און איהרע ערשיינונגען, אנפאנגענדיג פון די קלענ־

סטע און ענדיגענדיג מיט די גרעסטע, זעהט מען אין זיי א פּלאן און א שכל, א צוועקמעסיגקייט און א כונה. אלץ איז איינגעארדענט אויף'ן בעסטען מעגליכען אופן. די טויטע און די לעבעדיגע נאטור, אונזער ערד און די גאנצע פּלאנעטען־סיסטעם, אלץ פיהרט זיך מיט א סדר, אלץ איז צום בעסטען. און דאס שליסט דארום אויס די מעגליכקייט פון א ריינעם צופאל. אויב די וועלט וואלט געווען א רעזולטאט פון דער צופעליגער טהעטיגקייט פון א ריין מעכאנישער קראפט, וואלט זי, די וועלט, ניט ארויסגעצייגט אזא מין פאלקאמענהייט. די פאלקאמענהייט פון דער וועלט בעווייזט אז זי איז די פאלגע פון א פּלאנמעסיגער טהעטיגקייט, די ארבייט פון א שכל. א קראפט וואס וואלט ארבייטען בלויז צופעליג, מעכאניש, אהן א שכל, וואלט נאר אין א קליינעם טהייל פון די פעלע גע־קענט ארויסברענגען פאלקאמענע רעזולטאטען. די פאלקא־מענהייט וואלט געווען א צופעליגע אבער ניט קיין שטענדיגע ערשיינונג.*)

די פראגע איז איצטער: איז די דאזיגע שכל'דיגע קראפט אן אפּגעזונדערטער כח אויסערהאלב דער וועלט אדער זי איז די אור־קראפט וואס ליעגט אין דער וועלט גופא, אלס א טהייל פון איהר און איז איינס מיט איהר? איז די דאזיגע קראפט א „שכל נבדל“, א בעזונדערע אינטעליגענץ, אדער ניט? צו איז אפשר ניט מעגליך צו בעטראכטען די וועלט אלס אן ארויסענטוויקלונג פון דער דאזיגער קראפט פונקט

*) והנה הפועל אשר לא יכון בו תכלית, הנה הגעת התכלית בו הוא מיוחס אל ההזדמן והקרי. והוא מבואר שהוא מן השקר שתהיה זאת ההויה הנפלאה מיוחסת אל ההזדמן והקרי, כי מה שזה דרכו לא יהיה מגיע בו השלמות אלא מעט, ובמעט מהזמן ובמעט מהדברים. ואולם זאת ההויה ימצא בה מהשלמות שיעור נפלא, והוא גם כן בהרבה מהדברים ותמיד, ולזה הוא מבואר שאי אפשר בה שתהיה מפועל לא יכון בה תכלית. ובהיות הענין כן, הנה לא תשאר אלא שתהיה זאת הפעולה מפועל מכון בה התכלית אשר בעבודה היתה, ולזה היה שתתישר כל ההויה אל תכלית היותר שלם (מלחמות ה', מאמר ה', חלק ג', פרק ד').

ווי די חיות און די צמחים ענטוויקלען זיך ארויס פון דער זריעה? צי זאל מען אפשר דעם גאנצען אוניווערזום בע־טראכטען ווי א געבארען־ווערען פון דער אור־וועלט־זריעה אין וועלכער אלץ איז שוין געווען בכוח (אין דער מעגליכ־קייט) און איז נאכדעם ארויס בפועל (אין דער ווירקליכ־קייט)? דער גאנצער אוניווערזום איז געווען, אויב מען קען זיך אזוי אויסדריקען, ווי אן איי. וואס איז נאך ניט אויסגע־בריהט געווארען. וואו אלץ איז שוין אבער געווען, פון אויבען, אין כוח. אפילו די דאזיגע שכל'דיגע קראפט, וואס מען זעהט ארויס אין דער פלאנמעסיגקייט פון דער וועלט איז שוין גע־לעגען אין דער וועלט־איי גופא.

דער רלב"ג ארגומענטירט טיעף און אויספיהרליך דיא דאזיגע פראגע, און קומט נאך א לאנגע רייהע פון ארגומענטען צום שלום, אז דיא שכל'דיגע קראפט קען ניט ליגען אין דער וועלט־זריעה גופא. אויב אפילו מען זאל אננעהמען, אז אזא וועלט־זריעה האט באמת עקזיסטירט. ער בעווייזט, אז דיא שכל'דיגע קראפט, וואס ווירקט אין דער דאזיגער היפאטעטי־שער וועלט־זריעה וואלט געמוזט זיין אויסערהאלב איהר. ער געפינט, אז ניט בלויז וואלט יענע קראפט געדארפט זיין אויסערהאלב דער היפאטעטישער וועלט־זריעה, נאר אז דיא קראפט וואס ליגט אין דיא זריעה פון דיא צמחים און די חיות מוז אויך זיין געטליך און אויסערהאלב דער זריעה ניט אין איהר. ער מיינט, אז יענע וואונדערבארע קראפט, וואס ליעגט אין דעם קערענדיל פון דיא צמחים, וואס מאכט מעגליך, אז פון דעם קערענדיל זאל ווערען א גאנצער בוים; אז יענע וואונדערבארע, אונזיכטבארע קראפט, וואס מאכט מעגליך, אז פון דאס ביסעל פליסיגקייט זאל זיך קענען ארויס־ענטוויקלען א חיה אדער א מענש, אז דיא דאזיגע קראפט ליעגט ניט אין דער זריעה גופא, נאר זיא איז א געטליכע. דיא זריעה איז בלויז דיא מאטעריע אויף וועלכער דיא געט־ליכע קראפט ווירקט, דיא כלי דורך וועלכע דיא דאזיגע קראפט ארבייט. ער זעהט אין דער ערשיינונג פון פרוכטבארקייט א געטליכע קראפט. ער זוכט צו בעווייזען, אז אויף אן אנדער

אופן קען דיא דאָזיגע ערשיינונג ניט פערשטאַנען און ער־קלערט ווערען. ער זעהט דיא ווירקונג פון דער געטליכער קראַפט אין דעם, וואס אין דעם טראָפּען פון דער מענשליכער זריעה ליגט שוין בכח דער גאַנצער צוקונפטיגער מענש, מיט אַלע זיינע אָרגאַנען, געפיהלען און שכל.

ניט קיין בלינדע מעכאַנישע קראַפט, נאָר א בעוואוסטע, שכל'דיגע קראַפט איז דיא אורזאַכע פון דעם אוניווערזום. דאָס זעהט מען דערפון, וואס דיא וועלט האָט א סדר און אַן אָרדנונג, א ציעל און א תכלית. א זאַך וואס איז בעשאַפען געוואָרען, האָט א ציעל און א תכלית; א זאַך וואס איז אייביג האָט ניט קיין ציעל און קיין תכלית. קוים זעהט מען אין דער וועלט א ציעל און א תכלית, איז עס א סימן אַז זי איז בעשאַ־פען געוואָרען, אַז זי עקזיסטירט ניט פון אייביג.

עס זיינען דאָ שטאַרקע ארגומענטען דאַפיר, אַז דיא וועלט איז אַן אייביגע. דער ר ל ב " ג ברייננט דיא אַלע ארגומענטען און נאָך א גרינדליכען קריטישען אַנאַליז קומט ער צום שלום, אַז זיי זיינען ניט גענוג צו בעגריגדען דיא אייביגקייט פון דער וועלט. איינע פון דיא פעהלערען, וואס דיא אַלע פילאָזאָפען, וועלכע גלויבען אין דער אייביגקייט פון דער וועלט בעגעהן, בעשטעהט אין דעם, וואס זיי אורטהיילען פון א טהייל אויף'ן גאַנצען, פון פרט אויף'ן כלל. זיי ווענדען אַן דיא געזעצע פון אונזער ערד, וועלכע איז בלויז א טהייל פון דער אוניווערזום אויף דעם גאַנצען אוניווערזום. דאָס מוז ברייננען צו טעות'ן און צו פאַלשע אויספיהרונגען. דער ר ל ב " ג אילוסטרירט דעם דאָזיגען געדאַנקען אויף'ן פאַל־גענדען אופן: מיר ווייסען אַלע, אַז א מענש קען ניט לעבען סיידען ער האָט פערדייאונגס־אָרגאַנען. דורך וועלכע ער קריגט זיין נאַהרונג. אויף'ן גרונד פון דעם קענען מיר קומען צום שלום, אַז דער מענש האָט עקזיסטירט איידער ער האָט עקזיסטירט. דער געדאַנקען־גאַנג וועט זיין אַזוי: 1) א מענש מוז האָבען א מאָגען, א לעבער, א האַרצען, כדי ער זאָל קענען לעבען; 2) דער מאָגען, דער לעבער, דאָס האַרץ קענען ניט עקזיסטירען אַליין אָהן דעם מענשען; 3) פאָלג־

ליך. דער מענש האט געמוזט עקזיסטירען איידער ער האט עקזיסטירט. דאס איז אבער אן אונזינן. און דער טעות נעהמט זיך דערפון, וואס מיר אורטהיילען פון דעם מענשען'ס נאהרונגס-ארגאנען, וועלכע זיינען בלויז א טהייל פון דעם מענשען, אויף דעם גאנצען מענשען. מיר אורטהיילען פון געוויסע טהיילען פון מענשליכען קערפער, וויא דער מענש איז איצטער אויף א צייט ווען ער איז נאך ניט געווען אזוי וויא איצטער. אין דעם איצטיגען צושטאנד פון זיין, מוז דער מענש האבען זיינע פערדייאונגס־ארגאנען וויא זיי זיינען איצטער; אין דעם פראצעס פון ווערען, איז דער דאזיגער כלל ניט גילטיג, ווייל אלע ארגאנען האלטען אין ווערען און דאן איז נאך ניט נויטהיג דער מאגען. דער לעבער און דאס הארץ וויא זיי זיינען איצטער. (מלחמות ה', מאמר ו', חלק א', פרק ד').

דאס זעלבע איז בנוגע דער וועלט־ווערען. דער גאנצער אוניווערזום דארף בעטראכט ווערען וויא איין גאנצעס, און דיא געזעצע וואס זיינען גילטיג אויף געוויסע טהיילען פון איהם קענען ניט אנגעווענדעט ווערען אויף איהם אין גאנצען. דער פראצעס פון ווערען בנוגע דעם אוניווערזום בכלל קען ניט פערגליכען ווערען מיט דעם צושטאנד פון זיין בנוגע געוויסע טהיילען פון איהם. דער רלב"ג בעמערקט, אז אויך דער רמב"ם האט זיך שוין בענוצט מיט דעם דאזיגען ארגומענט, אבער ביים רמב"ם איז ער מעהר אלגעמיין. דער רמב"ם מיינט, אז דיא נאטירליכע געזעצע פון איצטער, נאכדעם וויא דיא וועלט איז שוין בעשאפען געווארען, קענען ניט אנגעווענדעט ווערען אויף פריהער, ווען דיא וועלט איז נאך ניט געווען. דער רלב"ג מיינט, אז די געזעצע מעגען זיין איינע און דיא זעלבע, אבער אז מען קען ניט אנווענדען דיא געזעצע פון א פרט, פון א טהייל, אויף'ן כלל, אויף'ן גאנצען.

די וועלט איז אלזא א בעשאפענע. זי איז בעשאפען געווארען פון א שכל'דיגער קראפט, וואס שטעהט

אויסערהאלב דער וועלט, און וואס האט געהאט דערביי א שכל און א כונה. מאנכע זיינען מיט דער מיינונג, אז עס זיינען בעשאפען געווארען און חרוב געווארען וועלטען איינע נאך דער אנדערער און אז די וועלט איז בשום אופן ניט די ערשטע. די זעלבע שאפענדע קראפט האלט אין איין שאפען, און די וועלט מוז אונטערגעהן, ווייל מאטעריע איז אונטערווארפען דעם פראצעס פון צופאלען און אונטערגאנג. אנדערע זיינען מיט דער מיינונג, אז די וועלט איז שטענדיג אין א צושטאנד פון ו ו ע ר ע ן, ניט פון ז י י ן: דאס מיינט, די וועלט איז ניט איינמאל פאר אלע מאל בעשאפען געווארען אויף אייביג, נאר אז זי וועט יעדע מינוט פון דאס ניי בעשאפען, זי איז אן אונאויפהערליכער פראצעס פון ווערען. זי איז געגליכען צו א פליסענדען טייך, וואו דאס וואסער וואס מיר זעהען אין דעם איצטיגען מאמענט איז ניט דאס זעלבע וואס מיר האבען געזעהן מיט א מאמענט פריהער. דעם ר ל ב"ג'ס מיינונג איז, אז די וועלט איז די ערשטע און אז זי איז בעשאפען געווארען איינמאל פאר אלע מאל: זי געפינט זיך שטענדיג אין א צושטאנד פון ז י י ן און ניט פון ו ו ע ר ע ן. ער מיינט, אז א צושטאנד פון ו ו ע ר ע ן הייסט זיין און ניט זיין אין איין און דער זעלבער צייט, וואס דאס איז אן אונמעגליכקייט.

די וועלט איז א בעשאפענע. די פראגע, ווארום זי איז ניט בעשאפען געווארען פריהער, געפינט דער ר ל ב"ג פאר ניט וויכטיג. איינמאל האט זי דאך געמוזט בעשאפען ווערען, און ווען מיר זאלען זיך פארשטעלען, אז זי וואלט בעשאפען געווארען מיט מיליאנען יאהרען פריהער, וואלט דאך נאך אלץ געבליבען דיזעלבע פראגע: פאר וואס איז זי ניט בעשאפען געווארען נאך פריהער.

דער ר ל ב"ג זוכט צו בעגרינדען זיין מיינונג, אז די וועלט איז בעשאפען געווארען. ער ברייננט פערשיעדענע ראיות אויף דעם. איינע פון די דאזיגע ראיות איז, אז ווען די וועלט וואלט געווען אייביג און דער מענש וואלט געווען פון אייביג, וואלט שוין דער מענש געדארפט דערגרייכען א פיעל העכערע מדרגה פון קולטור און וויסען.

די וועלט איז בעשאפען געווארען און זי האט דארום אן אנפאנג, אבער דערפון איז נאך ניט געדרונגען, אז זי מוז האבען אן ענדע. זי איז ע נ ד ל י ך בנוגע איהר אנפאנג, אבער זי איז אונענדליך בנוגע איהר ענדע. זי קען צושטערט ווערען, אויב גאט וועט אזוי וועלען, אבער זי מוז ניט צושטערט ווערען.

איז די וועלט בעשאפען געווארען פון ע ט וו א ס אדער פון ג א ר נ י ש ט? דער ר ל ב"ג ברייננט ארגומענטען געגען די דאזיגע ביידע השערות. זיי זיינען ביידע אונמעגליך. פון גארנישט קען ניט ווערען עטוואס, און די וועלט האט דארום ניט געקענט ווערען פון גארנישט. ע איז אבער אויך אונמעגליך אנצונעהמען די השערה, אז עטוואס האט עקזיסטירט פון אייביג, איידער די וועלט איז בעשאפען געווארען, א חוץ גאט. דאס וואלט געמיינט, אז עס איז דא עטוואס געטליכעס א חוץ גאט. דער ר ל ב"ג געהט זיך פערנאנדער מיט דעם ר מ ב"ם און די אנדערע אידישע פילאזאפען, וואס האבען בעהויפטעט, אז די וועלט איז בעשאפען געווארען פון גארנישט. ער מאט אזא מין פשרה: עס האט זיך געפונען א מין עטוואס, אן אור־מאטעריע, וואס האט ניט געהאט קיין שום פארם און קיין שום בעוועגונג. מאטעריע אהן פארם און אהן בעוועגונג געפינט זיך ניט אין ווירקליכער עקזיסטענץ, וויל מאטעריע עקזיסטירט דאן, ווען זי האט פארמע און בעוועגונג. הייסט עס, אז מען קען ניט זאגען, אז די אור־מאטעריע האט עקזיסטירט צוזאמען מיט גאט, וויל זי האט ניט געהאט קיין פארמע און האט ניט עקזיסטירט אין ווירקליכער עקזיסטענץ. דער חילוק צווישען זיין, דעם ר ל ב"ג'ס, מיינונג, און די פלאטאנישע טעאריע פון מאטעריע בעשטעהט אין דעם, ווי דער ר ל ב"ג גופא ערקלערט, וואס לויט פלאטא האט די מאטעריע געהאט בעוועגונג און פאלגליך פארמע, וועהרענד לויט דעם ר ל ב"ג

איז די מאַטעריע פאַרמלאָז און בעגונגסלאָז*). די אנוועגדונגען וואָס ווערען געמאַכט געגען פּלאַטאָ'ס טעאָריע זיינען דאַרום ניט גילטיג געגען דעם רבל"ג'ס מיינונג.

אין דעם לעצטען קאַפּיטעל פון זיין ווערק זוכט דער רלב"ג צו בעווייזען, אז זיינע מיינונגען זיינען איין־פערשטענדניס מיט די מיינונגען פון דער תורה.

* * *

דער ר ל ב"ג איז געווען דער גרעסטער און מען קען איהם אויך רעכענען פאַר דעם לעצטען פון די אידישע פילאָזאָפען אין דרום פראַנקרייך. די אידישע קולטור אין פראַנקרייך, סאַי די תלמודישע פון צפון פראַנקרייך, סאַי די פילאָזאָפישע און וויסענשאַפטליכע פון דרום־פראַנקרייך, איז מיט געוואַלט איבערגעריסען געוואָרען דורך די שוידערליכע רדיפות און די מעהרערע גירושים. דער לעצטער גירוש איז פאָרגעקומען אונטער דער הערשאַפט פון מ ש אָ ר ל ס דעם זעקסטען ביים ענדע פון פערצעהנטען יאָהרהונדערט. פראַנקרייך האָט ארויסגעטריבען די אידען פון יעדען נייען פראָווינץ, וואָס זי האָט אַנגעקסירט. פאַר קנאַפּע דריי הונדערט יאָהר זיינען כמעט ניט געווען קיינע אידען אין פראַנקרייך. ערשט ביים ענדע פון זיעבצעהנטען יאָהרהונדערט, ווען ל ו א י ס דער פערצעהנטער האָט פערכאַפּט ע ל ז א ס, וואו עס האָט זיך געפונען א בעדייטענדע אידישע בעפעלקערונג, האָבען זיך פון דאָס ניי אנגעפאַנגען צו בעווייזען אידען אין פראַנקרייך. לכתחילה האָט לואיס געהאַט בדעה אין גאַנצען ארויסצוטרייבען די אי־

*) ...כדי מפני שכבר היה מחויב בזאת ההויה אשר התבאר חיובה במופתים רבים, שתהיה אם יש מיש אם יש מאין, וכבר התבאר שאי אפשר שתהיה באחד מאלו הפנים, הנה לא ישאר אלא שתהיה יש מאין מצד, ויש מיש מצד. והנה זאת החלוקה היא אשר נעלמת מהקדמונים. ואולם היותה יש מיש היא שתהיה מגשם; ואולם היותה יש מאין שתהיה מגשם נעדר כל צורה... וזה כי מה שיתחייב מהספק לאפלטון... הוא מפני מה שהיה מניח לזה הגשם תנועות מה. (מלחמות ה', מאמר ו', חלק א', פרק י"ז).

דען פון על זאס, אבער ער איז שפּעטער געוואָרען וױיכער און האט זיי דארטען געלאָזען וואוינען. פאר וואס זיי האבען איהם געדארפט גאנץ פיין בעצאָהלען.

מיט דער ענדע פון פערצעהנטען יאהרהונדערט ענדיגט זיך די אידישע קולטור אין פראנקרייך ביז דער נייעסטער צייט.

# די אידען אין איטאַליען.

## XI.

די אידען פון איטאַליען. ר׳ ש ב ת י ד אָ נ אָ ל א, און זיין צייט. דער „קליינער יוסיפון״ און זיין מחבר. דער תנא „דבי אליהו״. ר׳ נתן בר׳ יהיאל פון רוים און דער „ערוך״. ר׳ הלל בן שמואל פון וועראנא. ר׳ זרחיה אבן־חן.

אידישע קהלות, גרעסערע און קלענערע, האבען זיך שוין געהאט געפונען אין פערשיעדענע שטעדט פון איטאַליען לאנג איידער די צושטערונג פון דעם צווייטען בית המקדש. כל זמן די אידען האבען געהאט זייער אייגען לאנד און זייערע אייגענע מלוכה זיינען זיי בעהאַנדעלט געוואָרען ניט ערגער ווי די בירגער פון אירגענד וועלכען אנדערען לאנד, וואס איז געשטאנען אין פריינדליכע בעציהונגען מיט דער רוימישער אימפּעריע. ווען די אידען האבען פערלאָרען זייער זעלבסט־שטענדיגקייט און ארץ ישראל איז ערקלעהרט געוואָרען אלס א רוימישע פּראָווינץ, האָט זיך נאטירליך זייער לאגע געענדערט צום ערגערען. זיי זיינען בעהאנדעלט געוואָרען ווי די אונטערטהאַנען פון א בעזיעגטען לאנד. די אידישע לאגע איז געוואָרען נאָך ערגער נאָך דער גרויסער רעוואָלוציע פון די אידען געגען די רוימער, וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט דער פאלשטענדיגער פערניכטונג פון דעם אידישען מלוכה־לעבען.

פון דער קולטורעלער און ליטעראַרישער טהעטיגקייט פון די איטאַליעניש אידען אין דער צייט פון וועלכער דאַ ווערט גערעדט, וויסען מיר כמעט גאָר נישט. עס איז אָבער אַנצונעהמען, אז די אידען האָבען אַנגעפיהרט אַ גאַנץ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר די לעהרען פון יודענטהום, און אז זיי זיינען געוויסער מאָסען געווען אין דעם ערפאָלגרייך. דאס איז צו דרינגען דערפון, וואס מאַנכע פון די רוימישע אימפּעראַטאָרס האָבען געפונען פאַר נויטיג אַנצונעהמען שטרענגע מאָסרעגעלען ניט בלויז געגען די אידישע פּראָפּאַגאַנדיסטען, נאָר אויך געגען די יעניגע רוימישע אַריסטאָקראַטען, וואס זיינען בשתיקה אריבערגעגאַנגען אָדער האָבען אַרויסגעצייגט צופיעל פריינדשאַפט צום יודענטהום.

ווען דאס קריסטענטהום איז אין פיערטען יאהרהונדערט געוואָרען די אַנערקענטע שטאַאַטס-רעליגיאָן, איז די אידישע לאַגע געוואָרען נאָך ערגער. די פערפאָלגטע קריסטליכע רעליגיאָן איז אַליין געוואָרען אַ פערפאָלגעריז, און האָט אין דעם אריבערגעשטייגט אַלע אַנדערע און פריהערדיגע רעליגיאָנען. מען מוז אָבער צוגעבען, אז אפילו אונטער דער קריסטליכער הערשאַפט איז די לאַגע פון די אידען אין איטאַליען צו יענער צייט נאָך געווען ערטרעגליך אין פערגלייך צו זייער לאַגע אין די שפּעטערע יאהרהונדערטע אין די אַנדערע קריסטליכע לענדער.

שוין אין אַכטען יאהרהונדערט האָבען זיך אין איטאַליען געפונען אידישע ישיבות, וואו דער באַבילאָנישער תלמוד איז געשטודירט געוואָרען. ווי עס ווייזט אויס, זיינען שוין דאַמאָלס די איטאַליענישע אידען געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון די „גאונים" און די גרויסע ישיבות פון בבל, כאָטש עס איז ניט אין גאַנצען קלאָהר ווי אַזוי די דאָזיגע פערבינדונג איז פאָרגעקומען. לויט ווי עס ווערט דערצעהלט אין פערשיעדענע קוועלען, זאָל ק א ר ל  ד ע ר  ג ר ו י ס ע ר האָבען אריבערגעבראַכט אַ אידיש-איטאַליענישען תלמודיסט, ק ל ו נ י מ ו ס  אָדער זיין זוהן  מ ש ה  פון  ל ו ק א,  קיין מאַינץ, וועלכער האָט דאָרטען געגרינדעט די ערשטע ישיבה.

אויף אזא אופן קומט אויס, אז אין איטאַליען איז געשטאַנען די וויעגעלע פון דעם תלמודישען שטודיום, וועלכער האָט זיך שפּעטער אַזוי שטאַרק ענטוויקעלט אין צפון־פראַנקרייך, עלזאַס און די ריינישע פּראָווינצען.

א חוץ תלמודיסטען האָבען זיך אין איטאַליען אויך גע־פונען אידישע געלעהרטע און דאָקטוירים, און גיעדעמאַן אין זיין ווערק: „די געשיכטע פון דער אידישער קולטור און ערציהונג אין די מערב־אייראָפּעאישע לענדער", ברענגט די נעמען פון אייניגע אידיש־איטאַליענישע געלעהרטע פון יענע צייט. דער אויבענדערמאַנטער ר' משה בר' קלונימוס פון לוקא איז אויך געווען א פּיטן און עס זיינען פון איהם גע־בליבען הימנען און תפילות.

דער ערשטער פון די אידיש־איטאַליענישע געלעהרטע און טאָקע אויך דער ערשטער העברעאישער שריפטשטעלער איבער וויסענשאַפטליכע ענינים אין אייראָפּא בכלל, איז געווען ר' שבתי דאָנאָלאָ, וועלכער איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 913 און איז געשטאָרבען מיט זיעבציג יאָהר שפּעטער.

ר' שבתי דאנאלא קען זיך נים פערגלייכען מיט די אידישע גדולים פון שפּאַניען צו אפילו מיט די דאָ־זיגע פון דרום פראַנקרייך. די ספרים וואָס זיינען געבליבען פון איהם האָבען בלויז א היסטאָרישען ווערטה.

ווען ער איז אלט געווען צוועלף יאָהר איז ער צוזאַמען מיט זיינע עלטערען געפאַנגען געוואָרען פון ים־רויבער. איהם האָט מען אויסגעלייזט, וועהרענד זיינע עלטערען זיינען פערר־פיהרט געוואָרען אין אפריקאַ, וואו מען האָט זיי פערקויפט אלס שקלאַפען.

דער יונגער דאנאלא האָט זיך גענומען צום שטודירען, אָבער דאַמאַלס איז עס נים געווען אזא לייכטע ארבייט. עס איז געווען שווער צו קריגען ביכער און נאָך שווערער צו קרי־גען רביים, וועלכע זאָלען פערשטעהן די ביכער. די קריסט־ליכע אייראָפּא איז דאַמאַלס געלעגען אין דער טיעפסטער אונ־וויסענהייט, און דאָס זעלבע קען אויך געזאָגט ווערען וועגען

די אייראפעאישע אידען. אט וואס דאנאלא דערצעהלט וועגען זיך: „איך האב זיך זעהר פיעל אנגעשטרענגט צו לערנען און צו פערשטעהן די חכמות פון מעדיצין און אסטראלאגיע. איך האב זיך איבערגעשריבען די ביכער פון די פארצייטיגע אידישע געלעהרטע וועגען דעם,*) אבער קיינער פון די אידישע חכמים האט זיי ניט פערשטאנען... די אידישע חכמים האבען פון די דאזיגע ביכער ניט געהאלטען, ווייל זיי האבען זיי ניט פערשטאנען... דארום האב איך בעשלאסען צו שטודירען און צו פארשען די חכמות פון די גריכען, פון די אראבער, פון די באביליאנער און די הינדוסען, יעדער אין זיין שריפט און אין זיין שפראך. און איך האב אויסגעפונען, אז זיי שטימען מיט די ביכער וואס זיינען געשריבען געווארען פון די אידישע חכמים וועגען די חכמות פון די שטערען און די מזלות".

ר' שבתי דאנאלא האט אנגעשריבען א פירוש אויף דעם ספר יצירה, אונטער דעם נאמען „חכמוני" אדער „תחכמני". פון דארטען איז צו זעהן, אז ער איז געווען בעקאנט מיט דער אראבישער פילאזאפיע. ער פיהרט דארטען דורך דעם געדאנק, אז דער מענש איז אן „עולם קטן", וועהרענד די גאנצע שעפפונג מיט גאט איז דער „עולם גדול". ער פיהרט דורך א פערגלייך צווישען די מענשליכע גליעדער און טהיילען פון דעם אוניווערזום. דעם קאפ, צום ביישפיעל, פערגלייכט ער צום הימעל; די אויגען צו די זונן און די לבנה און אזוי כסדר. ער ענדיגט זיין פאראלעל מיט די פאלגענדע ווערטער: „דאריבער איז דער וואס טויטעט א מענשען גלייך ווי ער וואלט חרוב געמאכט א גאנצע וועלט, ווייל דער מענש האט אין זיך אליין טהיילען פון דער שעפפונג און דעם רוחניותדיגען געשטאלט פון גאט".

דאנאלא האט אויך געשריבען ביכער איבער מע־

---

*) דערפון קען מען ארויסדרינגען, אז אין דאנאלא'ס צייטען איז שוין געווען א העברעאישע וויסענשאפטליכע ליטעראטור, וועלכע איז א פנים פערלארען געגאנגען.

דיציִן. זיינע מעדיציניִשע קענטניסע האָט ער געקראָגען פון גריכישע און סירישע קוועלען. פראַגמענטען פון זיין בוך איבער מעדיצין זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרען אין „ווירכאָוו'ס אַרכיוועז" דורך דעם בעקאַנטען געלעהרטען שטיינ־שניידער, אונטער דעם נאָמען: דאַנאָלאָ'ס פאַר־מאַקאָלאָגישע פראַגמענטען. דאָס איז אַ פּראַקטישע אבהאנדלונג ווי אזוי צו פערפערטיגען רפואות פון פערשיעדענע גראָזען און וואָרצלען.

דאַנאָלאָ איז ניט געווען דער איינציגער אידישער שרייבער אין איטאַליען אין יענער צייט. עס זיינען אויך געווען אנדערע, וועלכע האָבען אָבער ניט געלאָזען זייערע נעמען אויף זייערע ספרים. דער מנהג אנצוגעבען דיא נעמען פון בעריהמטע מענשען אויף דיא אייגענע ווערק איז, וויא עס ווייזט אויס, אויך געווען פערשפּרייט אין איטאַליען. איינער פון דיא דאָזיגע ווערק איז דער „קליינער יוסיפון", וועלכער איז לויט דער מיינונג פון גידעמאַן און אַנ־דערע פאָרשער פערפאַסט געוואָרען פון אַ איטאַליעניש־אידישען שרייבער אין מיטען פון צעהנטען יאָהר־הונדערט. דער נאָמען פון דעם פערפאַסער ווערט אנגעגעבען אַלס יוסף בן גוריון און פאַר אַ לאַנגע צייט האָבען פיעלע געגלויבט, אַז דאָס איז דער בעריהמטער אידישער היסטאָ־ריקער און גענעראַל יאָזעפוס פלאַוויאוס אָדער יוסף בן מתתיהו. דער דאָזיגער בוך, וועלכער גיט דיא היסטאָריע פון דעם אידישען פאָלק ביז דער צושטערונג פון צווייטען טעמפעל, איז פאַר פיעלע יאָהר־הונדערטע גע־ווען איינער פון דיא בעליעבטעסטע און פּאָפּולערסטע ביכער ביים אידישען פאָלק. ער איז אויך איבערזעצט געוואָרען אין אידיש און אונזערע מאַמעס און באָבעס פלעגען איהם ליי־ענען צוזאַמען מיט'ן „ספר הישר", „צאינה וראינה" און אַנ־דערע אַזעלכע ספרים.

ער איז געשריעבען אין אַ שעהנעם און לייכטען סטיל, און ווירקליכע היסטאָרישע פּאַסירונגען זיינען דאָרטען צו־זאַמענגעמישט מיט אַללערליי לעגענדען און מעשיות, וועלכע

האבען ניט קיין שום היסטארישען ווערטה אבער וועלכע מאכען דעם בוך פאר אנגענעהמע און אנציהענדע לעזער־שטאף.

אן אנדער וויכטיגער ספר פון בערך יענער צייט איז דער מדרש „תנא דבי אליהו“. ווער עס איז געווען דער אמת׳ער מחבר פון דעם דאזיגען מדרש איז ניט בעקאנט. ער איז געשריעבען אין א לייכטען און א רייכען העברייאיש, און איז פול מיט מאראלע לעהרען און גוטע עצות: „און דוא זאלסט ליעב האבען גאט דיין גאט, דאס מיינט דוא זאלסט גאט׳ס נאמען מאכען בעליעבט ביי דיא מענשען. דו זאלסט וויסען דיא תורה, לעהרנען דיא תורה, און עהרליך האנדלען מיט דיא מענשען, כדי זיי זאלען זאגען, וואויל איז יענעם וועלכער האט געלעהרענט דיא תורה, וויא שעהן זיינען זיינע מעשים, וויא גוט זיינען זיינע וועגען... אבער ווען א מענש לעהרענט תורה און האנדעלט ניט עהרליך מיט דיא לייטען, און איז ניט פריינדליך מיט דיא מענשען — וואס וועט מען אויף איהם זאגען? מען וועט זאגען, איהר זעהט יענעם למדן, וויא שלעכט עס זיינען זיינע מעשים, וויא מיאוס עס זיינען זיינע וועגען; ניין, מיר וועלען אונזערע קינדער ניט לעהרנען דיא תורה. קומט אוים, אז גאט׳ס נאמען ווערט צוליעב איהם פערשוועכט. דערפאר האבען דיא חכמים געזאגט, זאל זיך א מענש דערווייטערען פון גזלה, סאי פון א אידען, סאי פון א פרעמדען“.

„אט אזוי דארף זיך א מענש אויפפיהרען: בעשיידען ביי זיך אין הויז, פרום אין בית־המדרש, קלוג אין פרומקייט, קליגען זיך אין דער תורה, קלוג אין גוטע מעשים, שעהן און אנגענאהם פאר מענשען. מודה זיין אויפ׳ן אמת און דער־ווייטערען זיך פון ליגען. ליעב האבען גאט, צי ער איז צו איהם גוט אדער ניט; טרויערען אויף דעם כבוד פון גאט און דעם כבוד פון דעם פאלק ישראל, האפען און געלוסטען אז דער כבוד פון ירושלים, דער כבוד פון בית המקדש און דיא אידישע גאולה זאל וואס גיכער קומען“.

מיט אזעלכע און עהנליכע דרשות איז דער „תנא דבי אליהו" פול.

איינער פון דיא וויכטיגסטע ספרים, וואס דאס איטא־ליענישע יודענטהום האט פון זיך ארויסגעגעבען אין מיטעל־אלטער און וואס האט נאך ניט פערלארען זיין בעדייטונג און וויכטיגקייט ביז היינטיגען טאג, איז דער „הערוך" פון רבי נתן ב"ר יחיאל הרומי.

רבי נתן איז געבארען געווארען אין רוים בערך אין יאהר 1035, און איז געשטארבען אין יאהר 1106. זיין פאטער ר" יחיאל איז געווען א גרויסער תלמודיסט און א פיטן. זיינע ברידער זיינען אויך געווען בעריהמטע תלמודי־סטען. ער האט זיי אלעמען אריבערגעשטייגט ניט בלויז אין זיינע תלמודישע נאר אויך און הויפטזעכליך אין זיינע וועלט־ליכע קענטניסע.

אין זיינע יונגע יאהרען האט ער זיך אפגעגעבען מיט מסחר, אבער ער האט עס באלד אויפגעגעבען און האט זיך גענומען צום לעהרנען. זיינע רביים זיינען געווען זיין פא־טער און זיינע עלטערע ברידער, און שפעטער איז ער אויך געפאהרען אין פראנקרייך, וואו ער האט געלעהרענט ביי דעם בעריהמטען ר" משה הדרשן.

וויא לאנג ר" נתן האט געארבייט אויף דעם „הערוך" איז ניט בעקאנט. עס איז אויך ניט בעוואוסט, צי ער אליין האט דיא גאנצע ארבייט געטאהן אדער צי ער איז בלויז גע־ווען דער רעדאקטאר, וועלכער האט געהאט אונטער זיך א צאהל מיטארבייטער. עס לייגט זיך קוים אויפ'ן שכל, אז איין מענש זאל אליין קענען אויפטאהן אזא ארבייט. דערצו איז נויטהיג אן ענציקלאפעדישען וויססען. דער „ערוך" איז מעהר וויא א תלמודישער ווערטער־בוך, ער איז א מין ענ־ציקלאפעדיע פון דער תלמודישער ליטעראטור. אין איהם זעהט מען ארויס ניט בלויז דעם מחבר'ס אלזייטיגע און ברייטע קענטניסע פון דער תלמודישער ליטעראטור, פון דעם תלמוד און זיינע מפורשים, נאר אויך א געוואלדיגע קענט־ניססע פון שפראכען. א חוץ דיא אראמישע, פערזישע, אראַ־

בישע, גריכישע, לאטייניש שפראכען, האט דער מחבר — אדער דיא מחברים — אויך געקענט איטאליעניש און זאגאר מאנכע פון דיא סלאווישע שפראכען.

דיא בעדייטונג פון דעם הערוך פאר דעם שטודיום פון דעם תלמוד איז זעהר גרוים. ער ווערט פון מאנכע בעטראכט אלס בענייהע אזוי וויכטיג ווי די ווערק פון דעם „אלפס“ און „רש“י“. פאר דער וויססענשאפטליכער פאר־שונג פון דעם תלמוד און זיין שפראך איז ער אהן שום ספק פון דער גרעסטער בעדייטונג.

פון מאנכע פון זיינע ערקלעהרונגען איז צו זעהן, אז רבי נתן איז אויך בעקאנט געוועזן מיט דיא וויססענשאפטען פון זיין צייט און אז ער האט אויך געהאט א ידיעה וועגען מעדיצין.

אין דעם דרייצעהנטען יאהר־הונדערט זיינען דיא אי־טאליענישע אידען געקומען אין בעריהרונג און אונטער דעם איינפלוס פון זייערע ברידער אין שפאניען. א געוויסע צייט פריהער איז דער אבן־עזרא געוועזן אין איטאליען, וואו ער האט אנגעשריעבען מאנכע פון זיינע ווערקע.

אין דער צייט פון דער בענייאונג פון דער גרויסער מחלוקה וועגען רמב“ם און זיין „מורה נבוכים“, האט זיך אין איטאליען געפונען איינער פון די שטארקסטע אנהייג־גער און פארקעמפפער פון דעם רמב“ם. דאס איז געוועזן ר' הלל בן שמואל פון ווערא נא, וועלכער איז געבארען געווארען אין יאהר 1225 און איז געשטארבען אין 1295.

ר' הלל בן שמואל איז געוועזן איינער פון דיא בעדייי־טענדסטע תלמודיסטען פון זיין צייט אין איטאליען. זיין רבי אין תלמוד איז געוועזן ר' יונה גערא נדי, איינער פון די אנפיהרער פון דעם ערסטען קריעג געגען דעם רמב“ם, וועל־כער האט אבער שפעטער חרטה געקראגען אויף דעם. ר“ הלל אליין איז געוועזן זעהר פרום און דארום האט איהם קיינער ניט געקענט חושד זיין אין אפיקורסיש, ווען ער האט זיך אריינגעווארפען אין דעם קאמפף פאר דעם רמב“ם.

ר׳ הלל ווערט בעטראכט אלס איינער פון די וויכטיגסטע אידישע פילאזאפען אין מיטעל־אלטער, כאטש ער זאגט ניט ארויס קיינע נייע געדאנקען. זיין הויפט־ווערק אין זיין ספר „תגמולי הנפש״ (די בעצאהלונג פון דער נשמה), וואו ער בעהאנדעלט די פראגע פון אונשטערבליכקייט און בעצאהלונג און בעשטראפונג.

אין דעם דאזיגען ספר צייגט ר׳ הלל ארויס א ברייטע בעקאנטשאפט מיט דער אידיש־אראבישער פילאזאפיע בכלל און מיט דעם מורה נבוכים בפרט. אין זיינע אנזיכטען איז ער נוטה צום אריסטאטעליאניזם, כאטש ער איז ניט אין גאנצען פריי פון פלאטאנישע מיינונגען און אנזיכטען.

נאך א בעדייטענדע פערזענליכקייט האט אין יענער צייט געלעבט אין א י ט א ל י ע ן, דאס איז געווען ר׳ ז ר ח י ה א ב ן ־ ח ן. ער איז געווען א געבארענער פון ב א ר צ ע ל א נ א, שפאניען, אבער ער האט זיך בעזעצט אין ר ו י ם און האט דארטען פראקטיצירט אלס דאקטאר.

ר׳ ז ר ח י ה א ב ן ־ ח ן צייכענט זיך אויס מיט זיין שארפען קריטישען שכל און מיט זיין פרייען גייסט. אין זיינע פירושים וואס ער האט געשריעבען אויף „איוב״ און „משלי״ ערלויבט ער זיך ארויסצוטרעטען זעהר שארף געגען די פריהערדיגע קאמענטאטארס. וועגען ר מ ב״ן שרייבט ער: „דער ר מ ב״ן האט בלויז געוואוסט דעם תלמוד און האט קיין שום אהנונג ניט געהאט פון דער פילאזאפיע, דערפאר איז ער ארויסגעטראטען געגען דעם ר מ ב״ם. ער האט בעסער געדארפט שווייגען און ניט ריידען וועגען זאכען וואס ער ווייס ניט.״ ער רופט זיך אפ זעהר שארף אויך וועגען דעם א ב ן ־ ע ז ר א און דעם ר ד״ק.

ווי זיין פריינד ר׳ ה ל ל פון ו ו ע ר א נ א איז אויך זרחיה אבן־חן געווען א שטארקער אנהענגער פון רמב״ם בפרט און פון דער פילאזאפיע בכלל, אבער ער איז געווען פיעל פרייער אין זיינע אנזיכטען און מיינונגען ווי זיין פריינד. דאס האט געפיהרט צו א צוזאמענשטויס צווישען זיי ביידען אויף זייערע עלטערע יאהרען. אין דער צייט,

וואָס ר' הלל האָט געזוכט צו בעווייזען, אַז דעם רמב"ם'ס מיינונגען שטימען איין אין אַלע פּרטים מיט די מיינונגען פון די חכמי התלמוד און ער האָט אויף אַזאַ אופן געוואָלט כשר'ען דעם רמב"ם. האָט זיך ר' זרחיה אבן־חן דערפון אויסגעלאַכט. ער שרייבט צו זיין פריינד אין אַ בריעף: „ווען איינער האָלט זיך אָן די מיינונגען פון די פילאָזאָפען, זאָל ער זיי ניט צונויפמישען מיט די מיינונגען פון דעם תלמוד. דעם טעות האָט שוין געמאַכט דער רמב"ן, וועלכער איז אמת געווען אַ גרויסער תלמודישער גאון, אָבער ער האָט קיין אהנונג ניט געהאַט פון די וויסענשאַפטען און אַ פּשיטא שוין פון דער פילאָזאָפיע. און אויב דו ווילסט אויך געהן אויף דער דאָזיגער וועג, טאָ קעהר זיך צוריק צו דעם לאַנד פון דיינע עלטערען, רוף אַרויס דיינע מלאכים וואָס דאַרפען טבילה, וויקעל זיך איין אין טלית און תפילין און שטודיר דעם „ספר יצירה", דעם „בן־סירא" און נאָך אַזעלכע ספרים."

ר' זרחיה אבן־חן האָט געהאַט פיעלע תלמידים און אַנהענגער אין איטאַליען. דער וויכטיגסטער צווישען זיי איז געווען ר' עמנואל הרומי.



## XII.

**ר' עמאנועל הרומי און זיין צייט. די בעציהונגען צווישען די אידישע און די קריסטליכע געלעהרטע. יהודה רמאנא און ר' בנימין ב"ר משה. דער איינפלוס פון די אידיש־שפּאַנישע און פון די איטאַליענישע פּאָעטען אויף עמנועל'ען. עמנואל'ס פּאָרנאָגראַפישע ליעדער. זיינע ליעבע־ליעדער. זיינע תפלות. זיין „עדן ותופת" (גן־עדן און גהינום) אין פערגלייך מיט דאַנטע'ס „געטליכע קאָמעדיע".**

---

ר' עמנואל בן שלמה בן יקותיאל הרומי איז געבארען געווארען אין רוים אין יאָהר 1270 און איז געשטארבען אין פּערמאַ צווישען 1330 און 1335. ער האָט אפּגעשטאַמט פון א רייכער און אנגעזעהענער משפּחה, פון דער פּאַמיליע ציפּראַני, וועלכע האָט געשפּיעלט א גרויסע ראָלע אין דעם לעבען פון דער אידישער קהלה אין רוים.

עמנואל איז געבאָרען געוואָרען אין אַ גינסטיגער צייט. גינסטיג אין דעם קולטורעלען זינן. דער דרייצעהנטער און פיערצעהנטער יאהרהונדערט זיינען געווען די גלאַנץ־עפּאָכע פון דער אידיש־איטאַליענישער קולטור אין מיטעל־אלטער. די פּרישע ווינטען פון דער נייער צייט, וואס האָבען אָנגעפאַנגען בלאָזען איבער איטאַליען האָבען אויך ניט געלאָזען אונבעריהרט די איטאַליענישע אידען. די אידען פון איטאַליען האָבען צו יענער צייט פון זיך ארויסגעגעבען אַ גאַנצע רייהע פון געלעהרטע און אויפגעקלעהרטע מענשען, וועלכע האָבען געשפּיעלט ניט קיין קליינע ראָלע אין דער

אלגעמיינער ערוואכונג פון דער אויפלעבונגס־צייט. א חוץ זייערע אייגענע ספרים, האבען די דאזיגע אידישע געלעהרטע זיך אפגעגעבען מיט איבערזעצונגען פון אראביש און העברעאיש אין לאטייניש און איטאליעניש. זיי האבען געזוכט צו בעקאנען פון איין זייט די קריסטליכע וועלט מיט די ווערק פון די אראבישע און אידישע דיינקער, וועהרענד פון דער אנדערער זייט האבען זיי אויך געזוכט צו בעקאנען די אידען מיט די ווערק פון די קריסטליכע דענקער.

די בעציהונגען פון די דאזיגע אידישע געלעהרטע צו דער קריסטליכער אינטעליגענץ איז געווען א ברייטע און אן אלגעמיין־מענשליכע, אויב ניט קיין זעהר פריינדליכע. דאס זעלבע קען אויך געזאגט ווערען וועגען די בעציהונגען פון דער קריסטליכער אינטעליגענץ צו דער אידישער.ביידע צדדים זיינען ביי זיך געווען זיכער, אז נאר זיי זיינען אויף דער ריכטיגער וועג, וואס פיהרט גלייך אין גן־עדן אריין, אבער דאס האט זיי פון דעסטוועגען ניט געשטערט צו טאלערירען איינע די אנדערע און צו לערנען איינע פון די אנדערע. איבערהויפט איז עס געווען דער פאל מיט די אידישע געלעהרטע, וועמעס ליעבע צו דער וויסענשאפט איז געווען גרעסער ווי זייער קנאה פאר דעם גלויבען.

אינטערעסאנט אין דער דאזיגער בעציהונג זיינען די ווערטער פון יהודה ראמאנא אדער ר׳ יהודה הפלוסוף אין זיין הקדמה צו דיא „מאמרים“ וואו ער האט איבערזעצט אויסציגע פון די קריסטליכע פילאזאפען: אוגוסטין, אלבערט דער גרויסער, טהאמאס אקווינא און אנדערע. ער שרייבט: „אזוי ווי איך זעה, אז אונזער פאלק בעריהמט זיך מיט דער גרויסקייט פון זיין חכמה און בילדונג, און ער מיינט, דאס די אנדערע פעלקער בעזיצען ניט די אמת׳ע וויסענשאפט, געפין איך פאר נויטיג איבערצוזעצען פון זייערע אבהאנדלונגען איבער די וויסענשאפטען, כדי צו בעווייזען זייער חכמה און פערשטאנד. איך האב די דאזיגע אבהאנדלונגען ניט צוזאמענגעשטעלט אין א געהעריגען סדר, ווייל מיין הויפט אויפ־

גאבע איז געווען צו בעווייזען די פאלקאמענהייט פון זייערע געלעהרטע.“

דער דאזיגער יהודה ראמאנא איז געווען א איינגערער צייט־גענאָסע פון עמנואל׳ען. ער איז געבארען גע־ווארען אין יאהר 1292 און איז געשטארבען אין צווייטען העלפט פון פיערצעהנטען יאהרהונדערט. א חוץ איבערזע־צונגען האט ער אויך געשריעבען אָריגינעלע ספרים איבער פערשיעדענע ענינים. עמנואל זאגט וועגען איהם: „ער איז דער קרוין פון זיין צייט“. ער דערצעהלט אויך, אז ער האט פון איהם אלץ געלערענט.

אן אנדער גרויסער אידישער געלעהרטער פון יענער צייט אין רוים איז געווען ר׳ בנימין ב״ר משה, וועמען עמנואל בעצייכענט „אלס דער פאטער פון אלע מאטהעמא־טיקער“. דערצו האבען זיך דאמאלס אויך אויפגעהאלטען אין רוים די פראנצויזישע אידישע געלעהרטע און פּאָעטען ווי יעקב אנאטאלי און קלונימוס בן קלונימוס.

אזא איז געווען די צייט אין איטאליען, ווען עמנואל איז געבארען געווארען. עס פערשטעהט זיך, אז עמנואל האט א חוץ א גוטע אידישע ערציהונג פון ביבעל און תלמוד אויך גע־קראָגען א גרינדליכע וועלטליכע ערציהונג, שטודירענדיג פי־לאזאפיע, די וויסענשאפטען און מעדיציז, וועלכע איז דא־מאלס כמעט אין גאנצען געווען א אידישע חכמה און געלעגען אין אידישע הענד.

ווי עס ווייזט אויס האט זיך עמנואל אבגעגעבען מיט דער מעדיצינישער פּראַקטיק. אין איינע פון זיינע ליעדער דער־צעהלט ער פון א שפּאַס, וואס ער האט געהאט מיט א שטאָלצע פּאציענטין זיינע, וועלכע האט געוואלט שפּיעלען די ראָלע פון א צו גרויסער צנועה: „מען האט מיר איינגע־לאדען צו היילען א רייכע פרייליז, וועלכע איז שוין קראַנק געווען אכט טעג. איך האב איהר געטראָפען אין א שעהנע בעט אין זיידענס איינגעוויקעלט. איך האב איהר בעגריסט און געוואלט נעהמען איהר האנד צו טאַפּען דעם דופק. שטאָלץ האט זי איהר האנד איינגעוויקעלט אין א זיידענע טוך. דאס האט מיך פערדראסען, און איך האב בעשלאסען

פון איהר צו מאכען חוזק. וואס שווייגט איהר? האב איך אנגעפאנגען, די פריילין איז זעהר קראנק. ברייגנט אויף גיך די הערנער פון א וואלף, די זאפט פון א פעלז, א שטראהל פון דער לבנה, די מילך פון א יעהריגער הון, די אויג פון א פלעדער־מויז, די גאל פון א טויב, די פעדערען פון א רויטער ראב... קאכט דאס אלץ אב אין א וואקסענער כלי צוזאמען מיט א צווילינג פון א פעטען מויל־עזעל, פערשפרייט עס אויף דער פעל פון א מילב און לייגט עס אויף איהר בויך פאר א פלאסטער.... דאס איז א זיכערערע רפואה, וואס די גרעסטע דאקטוירים ראטהען".

פון זיין לעבען איז אונז גאנץ וועניג בעקאנט. פון מאנ־בע פון זיינע ליעדער איז צו זעהן, אז ער האט געפיהרט א רייכען, גליקליכען לעבען. ער האט געהאט א פרוי, וועלכע האט אויך אפגעשטאמט פון א רייכער פאמיליע און וועלכע ער האט זעהר ליעב געהאט. אין איינעם פון זיינע ליעדער מאלט ער זיין פרוי אין די שעהנסטע פארבען: „איהר האלז איז פון עלפאנט־ביין, איהרע אויגען טויבען, איהרע צייהנער קריסטאל גאנץ און ווייס. איהר מויל איז האניג, איהרע ליפען ראזען; ווען זי שמייכעלט בעווייזען זיך בלומען אויף איהר מויל, און ווען זי רעדט קלינגט עס ווי מוזיק"... אין א צווייטע ליעד ערקלעהרט ער, אז זיין פרוי האט איהם בעוועגט צו לערנען און צו שטודירען. ער האט ניט געקענט פערטראגען דעם געדאנק, אז אזא פרוי ווי זי איז זאל האבען אן אונוויסענדען מאן.

אויף זיינע עלטערע יאהרען האט זיך דאס רעדעל א דרעה געגעבען. עמנואל האט פערלארען זיין גאנצען פערמעגען און ער איז געצוואונגען געווארען צו פערלאזען זיין היים, וואנדערענדיג וויא א בעטלער איבער איטאליען. אין זיינע ליעדער בעקלאגט ער זיך אויף זיין ביטערען מזל, וואס זיינע פריינד האבען איהם פערלאזען און קיינער קימערט זיך וועגען איהם ניט. אונטער דעם יאך פון אלטקייט און ארעמ־קייט איז ער געצוואונגען צו וואנדערען איבער דער וועלט, זואו א טאג און וואו א נאכט, און יעדער מאכט פון איהם

חוזק. ער פערגלייכט זיין איצטיגע לאגע מיט דער לאגע פון זיין יוגענד. דאמאלס האבען איהם אלע גע'חנפ'עט, אלע האַבען איהם געגעבען כבוד, אלע האבען געזוכט זיין פריינד־שאפט. איצטער מיידען זיי איהם אוים, זיי אנטלויפען פון איהם, זידלען איהם, מאכען איהם צו שאנד און צו שפּאָט. „מענשען וועמעם עלטערען איך וואלט מיט מיינע הינט ניט געהאלטען", זיינען איצטער ארויסגעטראָטען געגען איהם. זיי רעכטפערטיגען זיין אונגליק, זיי זעהען אין דעם א שטראף פון גאָט פאר זייערע זינד, ווייל ער האט זיך ניט אויפגעפיהרט מאראליש:

. . . יאמרו עלי אישים עשירי גאוה זה תם, וזה ישר, וזה יודע;
ובעד חכם לב שללו הזמן, יאמרו אשר מוסר וחק פורע.

(אויף מענשען וואס זיינען שטאלץ מיט זייער רייכקייט, זאגען זיי ער איז עהרליך, גערעכט און קלוג; און אויף א חכם, וועמען דיא צייט האט בערויבט, זאגען זיי, אז ער איז זינדיג און אונמאראליש.)

. . . ודמיתי זמני אש, ומקריו לעצים, ואני השה לעולה,
ולו אבכה לקורותי יבישון דמעי כל יאור מצור ומצולה.
ולו באתי לספר דאבוני וקורותי אחבר בם מגלה.
ולכן אשמרה מחסום למו־פי ודומיה אלי נפשי תהלה.

(און איך פערגלייך מיין צייט צו א פייער, די פּאַסירונגען האלץ, און איך בין דער שעפּס פאר דעם קרבן. און זאל איך וויינען אויף מיינע אונגליקען, וועלען מיינע טרערען אלע טייכען אויסטריקענען. און זאל איך זיי אלע דערצעהלען, וועל איך גאנצע מגלות דארפען שרייבען, דארום וועל איך בעסער שווייגען.)

נאך דריי יאהר וואנדערען איז עמנואל אנגעקומען אין 1328 קיין פערמא. דארטען האט זיך געפונען א מעצענאט, וועלכער האט דעם וואנדערענדען פּאָעט אריינגע־נומען צו זיך אין הויז, האט איהם בעזאָרגט מיט אלעם נויטהיגען און האט איהם געגעבען די מעגליכקייט צוזאמענ־צוקלייבען אלע זיינע ליעדער און זיי צוזאמענשטעלען אין א בוך. דעם בוך האט עמנואל א נאמען געגעבען „מחברות" (העפטען).

אין גאנצען בעשטעהט דער בוך פון אכט און צוואנציג „מחברות", יעטווידע פון וועלכע דארף אייגענטליך בע־האנדלען א בעזונדערע טהעמא. אבער זיי קומען ארויס גע־מישט איינע אין די אנדערע. אין דער ערסטער, צום ביישפיעל, בעקלאגט ער זיך אויף דער צייט, וועלכע איז איהם געווען פאלש און האט איהם אזוי שלעכט בעהאנדעלט; אין דער צווייטער בעזינגט ער ער די שעהנע פרוי און פערשפאט די מיאוסע. אין דער דריטער רעדט ער וועגען לוסט און ליעבע, און אזוי כסדר. אבער ניט שטענדיג האלט ער זיך אן די טהעמא. אבער און ווידער קומט ער אין מיטען־דריינען אריין מיט זיינע ליעדער וועגען לוסט און ליעבע. ער איז הויפטזעכליך און פריהער פאר אלץ דער פאעט פון לוסט. ווי א קינד פון זיין צייט בעטראכט ער די ליעבע אלס זינדיג און די לוסט אלס א פערברעכען, אבער ער קען זיך פון זייער מאכט ניט בעפרייען. ער האט פיינט די פרוי אלס די קוואל פון זינד, אבער זיין ליעבע צו איהר שטייגט אריבער זיין שנאה.

אום די אלע ליעדער, וועלכע „זיינען געזונגען געווארען אין פערשיעדענע צייטען, אין דער יוגענד, אין די מיטעלע יאהרען און אויף דער עלטער" זאלען טראגען דעם כאראק־טער פון איין גאנצען בוך, זוכט זיי עמנואל צוזאמענ־צופלעכטען דורך צוויי־געשפרעכען און ערצעהלונגען, וועלכע זיינען ניט שטענדיג לויט אונזער געשמאק.

אין זיינע ליעדער איז עמנואל שטארק בעאיינ־פלוסט געווארען פון די אידיש־שפאנישע פאעטען, הויפטזעכ־ליך פון אלחריזי, אבער נאך מעהר איז ער בעאיינ־פלוסט געווארען פון די איטאליענישע פאעטען פון יענער צייט. ער אליין האט געשריבען איטאליענישע ליעדער אויך, און איינער פון זיינע צייט־גענאסען שטעלט איהם אין חברותא מיט דעם גרויסען איטאליענישען פאעט דאנטע, וועמעס פריינד ער איז געווען. פון די איטאליענישע פאעטען האט ער אויך איבערגענומען די וועג צו ריידען וועגען ליעבע און לוסט אין אזעלכע ווערטער און אויסדריקע, וועלכע דער־

מאָנען איינעם אָן די פּאַחאַבנע מעשה'לעך פון אַ ב אָ ק אַ־ט ש י ע . . . אין דער דאָזיגער הינזיכט איז ער ניט בלויז דער ערסטער, נאָר טאַקע אויך דער איינציגער צווישען די העברעאישע פּאָעטען, וואָס האָט זיך עטוואָס אַזעלכעס ערלויבט.

ע מ נ ו א ל איז אָבער אַ קינסטלער און אַן אונפּער־גלייכבאַרער מייסטער פון דער העברעאישער שפּראַך. ער פערשטעהט ווי אַזוי איבערצוגעבען זיין פּאָרנאָגראַפיע אין אַזעלכע ווערטער און אויסדריקע, אַז זי איז ניט אָבשטויסענד; זי קומט אַרויס שעהן און עלעגאַנט. זיינע אַלע ליעדער פון דעם דאָזיגען סאָרט זיינען געשריעבען אין אַ רייכען, אידיאָ־מאַטישען העברעאיש, פול מיט דונקעלע אַנצוהערעניסען און אַלערליי צווייזייטיגע אַנדייטונגען. און ווען איהר שטויסט זיך אָן וואָס ער מיינט, מוזט איהר אַ שמייכעל טהאָן. דאָ זיי־נען אַ פּאָאָר ביישפּיעלע:

אל תתמה, דוד, אל איש חיקי, אם לא קראתי בשלומו —
שונה טעמו, נגלה מומו, יען מלך אל־קום עמו...

אָדער

עֹפרת־חן, גפן פורחת, מפניך לבי נחת
הראיני נא את מראיך, כי על חשקך מראי משחת.
נדמה חשקך אל תוך קרבי ברד עם אש מתלקחת.
השמיעני, רעיה, קולך ופדיני מרדת שחת
הביאיני אל גן־עדנך, הגמיאיני רוקח מרקחת
ממגד שדים מעל ומתהום רובצת תחת . . .

ע מ נ ו א ל איז וויציג, שאַרף און בייסענד, אָבער זיינע וויצען און זיין סאַטירע איז זעהר אָפט אונמעגליך איבערצו־זעצען אין אַן אַנדער שפּראַך.

עמנואל האָט אָבער אויך פיעלע טיעף־לירישע ליעדער, וועלכע דערמאָנען איינעם אָן ה י י נ ע. ניט מיט אונרעכט ווערט ער פון מאַנכע, ווי פון ג ר ע ט ץ און אַנדערע פער־גליכען צו היינע. דאָ וועלען מיר ברייננען איינינע פון די דאָזיגע ליעדער אין אַ אידישער איבערזעצונג:

אך, ווי גוט איז מיר! מיין שעהנע
האָט מיך היינט צו זיך פערבעטען.
פון איהר וואלד די פרוכט פארשפראָכען —
ווי עס שרעקט מיין האַרץ פאר פריידען.

ביי זיהר לוסט ווען איך שטעה נאָהענט
קען נים טרעפען מיר קיין טבה.
וואס איז אונגליק, ווען זי שיינקט מיר
אלע זיסקייט פון איהר ליעבע?

זי אליין איז נאַר מיין גורל,
וואס מיין מזל טהוט בעשערען.
זי—מיין לוסט, מיין פרייד די העכסטע,
זאמעלפונקט פון מיין בעגעהרען.

ביי איהר ברוסט שווייגט יעדעס אונגליק,
איהרע לאָקעס שטייגט אלץ איבער.
געהמט, איהר פריינד, אייך שטעדט און לענדער,
מיר — איין קוש בלויז פון מיין ליעבער*).
(איבערזעצט פון אברהם רייזען).

## און האט איז א צווייטע ליעד פון דעם זעלבען מין:

איז עס מעגליך, ליעבסטע, אז די אויגען דיינע
זיינען גאר ארויף אין הימעלס-ליכט,
כ'זעה אין דיינע אויגען וואונדערליכען הימעל
און דעם טאג אויך זעה איך אין דיין העל געזיכט.

ס'הענגט מיין לעבען אויף א רינגעל פון דיין אויער—
זאל עס זיין די ארבייט פון א כשוף גאר?
און דערצו נאך, שעהנהייט, אויסער אויגען-שטערען
זעה איך דיינע צייהנער, ווי דער האגעל קלאר.

*) דער העברעאישער טעקסט פון די לעצטע צוויי שורות איז פאלגענדער:

יקחו רעי מצפה, גלעד
לי מעפרה מיץ־פה,גיל־עד

די ווערטער „מצפה" און „גלעד" זיינען נעמען פון ביבלישע שטעדט; אין דער צווייטער שורה איז „מיץ־פה" א קוש און „גיל־עד" אויביגע פרייד. דאס איז איינע פון די ווארט־שפיעלען אויף וועלכע עמנואל איז א מייסטער.

פרעג איך דיך, דו ליעבסטע, צי די אויגען דיינע
זיינען הימעלס־שטערען אין געפאנגענשאפט—זאג!
אדער דיינע אויגען זעהען אויס ווי שטערען
און דיין ליכטיג פנים—דער געשטאלט פון טאג.

(איבערזעצט פון אברהם רייזין.)

אין איינע פון זיינע ליעדער־ראָמאַנצען בעקלאָגט ער זיך אויף דעם עלטער: „דיא האַנד פון דעם עלטער האָט מיך גע־טראָפען, וואָס טויג מיר דיא ליעבע, וואָס זיינען פאַר מיר דיא שעהנהייטען? דיא פיילען פון עלטער האָבען דיא געט־ליכע ליעבע־פלאַמען פון מיין הארצען אויסגעלאָשען“. איצ־טער, אויף דעם עלטער, ווילען זיי, דיא שעהנהייטען, מעהר אויף איהם ניט קוקען, ווילען פון איהם ניט וויסען. גאַנץ אנדערש איז עס אבער געווען אין דיא יונגע יאָהרען. דאַ־מאָלס האָבען זיי איהם אַללע געליעבט: „ניט געווען קיין שעהנהייט, וואָס זאָל מיר ביישטעהן, ניט געווען קיין פעס־טונג וואָס איך האָב ניט געקענט בעצווינגען“.

אם תסתתר במסתרים, האנכי לא אראנה?
לו תחבא אל תוך הים, משם ידי תקחנה.
אם תגביה כנשר או בין כוכבים תשים קנה
או כעת במרום תמריא, משם ידי תורידנה.

(און ווען זיא פערבאָרגט זיך אין דיא געהיימסטע פלעט־צער, וועל איך איהר דען ניט זעהן? און ווען אפילו זיא בע־האַלט זיך אין ים, פון דאָרטען האָב איך איהר גענומען. הויך וויא אַן אדלער. אָדער צווישען דיא שטערען, אַז זיא פלעגט מאַכען איהר נעסט, און אפילו ווען אין הימעל זיא האָט גע־שוועבט, פון דאָרטען פלעג איך איהר אַרויסקריגען).

נאָך דער דאָזיגער הקדמה דערצעהלט ער איינע פון זיינע ליעבעס־ערפאַהרונגען:

איך בין אין א וועג מיר שפּאַצירען געגאַנגען
ביז וואַנען איך בין אין איהר גאָרטען פערגאַנגען!
דאָס האָט מיך מיין מזל געפיהרט צו בעגליקען,
דיא בלומען צו קלייבען, א רויז אויסצופליקען.

געזעהען האב איך דארטען, געשוועבט וויא אין לופטען,
א ליכטיגע שעהנהייט מיט אללערליי דופטען.
זיין קונסט האט דער שעפער אין איהר בלויז פערזאמעלט,
דיא וועלט האט דיא גאנצע פערגעסען ער דאמאלט.

ער האט אזא שעהנהייט געשאפען בלויז איינמאל,
א צווייטע אזעלכע געמאהלט האט ער קיינמאל.
און וויא אויף דער וועלט איז דיא שעהנהייט געקומען
דאן האבען דיא בערג אללע זינגען גענומען.

אזוי וויא דער כרמל איהר קאפ דער געקרוינטער
וויא מן איהרע ליפען נאך זיסער, בע'חנטער.
איהר שולטער — א לבנה, וואס פול אויפגעגאנגען,
איהר בויך איז אזוי וויא א בייט פרישע זאנגען.

דערצו איהרע באקען וויא בליהענדע פירות,
זיי האבען געלויכטען וויא שטראהלענדע מגורות.
דיא אויגען וויא שווערדען מיט בלענדענדע פינקעל
זיי האבען פערלויכטען זיין איטליכען ווינקעל.

מיין בליק איז געבליבען פערווירט און דערשראקען:
וואס מיינען דיא אויגען: זיי טרייבען צו לאקען?
וויא שווער צו בעשיידען — זיי רופען און טרייבען,
דאך האב איך געגלויבט זיי הייסען מיר בלייבען...

איך האב נימ פערשטאנען פון וואנען זאל שטאמען
אין הארצען דער פייער, ווער צינדט דארטען דיא פלאמען?
צי איז עס איהר לוסט בלויז, וואס האט מיך פערנומען
צי איז דאס פון הימעל א פייער געקומען.

געזאגט האב איך: שעהנהייט, דיין חן ווער קען צעהלען?
דוא האסט מיך פערוואונדעט און דוא קענסט מיך היילען.
ערבארעם זיך, ליעבסטע, און שיינק מיר א פיילכעל!...
זיא האט מיר געענטפערט מיט א שמייכלענדען מיילכעל:

„מיין פריינד קענסטו ווערען מיט צווייערליי וועגען,
און וועלכען וועג ווילסטו, וועל איך, זינגער, דיך פרעגען.
מיין קערפער אויף צווייען איהם וועל איך צוטהיילען
פון ביידע דיא טהיילען זאלסטו איינעם זיך וועהלען.

דער גארטיל וועט גרענעצען צווישען זיי ביידען
צי ווילסטו דעם אויבען, צי אונטען פאר פריידען?“

איך האב ניט געוואוסט וויא אזוי זיך צו נעהמען,
מיר האט זיך געדאכט, אז זיא וויל מיך פערשעהמען.

און ווײלע זיא מײנט כ'בין א זינדיגער שלעכטער
האב איך געענטפערט צו זײן דער גערעכטער
צוליעב דײן כבוד, אום דיך צו דערהויבען
וועל איך, א מײן שעהנהײט, בלויז נעהמען דעם אויבען.

זיא האט אויסגעהערט מיר מיט ליעבליכען שמייכעל:
וויא באלד דוא בעזיצט אזא'ן איידעלען שכל,
דא לייג איך מײן גארטיל אוועק גאר צו פיסען,
און זאלסט פון דיא ביידע מלוכות געניסען...
דאן בין איך מיט איהר אין איהר חדר אריין
געגעבען איהר פרוכט, געטרונקען איהר וויין.

אך, איצט איז דאס אלעס אוועק וויא א שאטען,
דיא מיידלעך דיא שעהנע זיי לאכען און שפאטען.
זיי ווילען מיך מעהר שוין ניט הערען געדיינקען,
און זייער ליעבע צו אנדערע זיי שיינקען.

דיא אפפער פון מיר איז זיי שוין דערווידער
מײן גוטסקייט צו זיי, זיי קעהרען נישט ווידער.
מײן אונגליק איז פרעמד זיי — וויא מ'וואלט זיי ניט מײנען,
און ווען איך זאל ניט שטארבען — זיי וועלען ניט וויינען.

און ווען איך זאל ווערען אין קנעכטשאפט געפאנגען
זיי וואלטען מיך אויסלייזען דאן ניט געגאנגען.
ווייל מײן גאלדענע האאר אויף דיא עלטערע יאהרען —
זיי זיינען אין זילבער פערוואנדעלט געווארען.

(איבערזעצט פון אברהם רייזין).

אזעלכע ליעדער פון לוסט און ליעבע זיינען געווען אין גאנצען ניי פאר דער העברייאישער ליטעראטור. עס איז אמת, עס איז געווען א צייט, לאנג צוריק, גאר אמאל, ווען דאס אידישע פאלק האט זיך ניט געשעהמט צו זינגען וועגען לוסט און ליעבע און עס האט פון זיך ארויסגעגעבען א „שיר־השירים", א גאנצע זאמלונג פון לוסט און ליעבעס־ליעדער, וועלכע קענען זיך גאנץ גוט פערגלייכען מיט דיא בעסטע אין דער וועלט־ליטעראטור. דאס איז געווען, ווען דאס אידעשע

פאלק איז נאר געווען יונג, מיט יונגע כוחות, מיט מוטה צום לעבען, ווען עס האט געפיהרט א געזונדען, נאטירליכען לעבען אין זיין אייגען היים אויף זיין אייגען לאנד. דיא שרעקליכע אידישע היסטאריע, דיא אויביגע צרות און רדיפות, דער שטענדיגער וואנדער־לעבען, דיא אונזיכערהייט מיט'ן מארגענדיגען טאג, האט פערוואנדעלט דיא העברייאישע מוזע אין א קלאג־ליעד. אין העברייאיש האט מען אנגעפאנגען צו שרייבען קנות, תפלות און סליחות. די ערד איז געווארען פאר דיא אידען א גהינום. האבען זיי זיך געווענדט צום הימעל. דיא העברייאישע ליעד האט געשטורעמט געגען דיא אונגערעכטיגקייטען פון דער וועלט, האט בעוויינט דעם צער און דיא צרות פון לעבען. האט געקלאגט אויף דער שכינה וואס איז אין גלות, אויף דעם בזיון פון דער תורה און אויף דעם לאנגען, ביטערען גלות פון פאלק ישראל. זיא האט געוויינט און ביטערע טרעהרען פערגאסען, בעטענדיג הילפע, ווארטענדיג אויף דער ישועה. זוכענדיג יושר און גערעכטיגקייט. זיא, דיא העברייאישע מוזע, האט געשוויגען וועגען לוסט און ליעבע, אזוי וויא זיא וואלט זיך געשעהמט מיט אזעלכע זינדיגע מחשבות. דער שיר השירים גופא, דיא ליעד פון דיא ליעדער, איז אויסגעטייטשט געווארען וויא א ליעבע צווישען דער שכינה און דעם פאלק ישראל, אלס א מין הייליגע, געטליכע ליעבע, וואס האט גאר קיין שייכות ניט מיט די פשוטע מענשליכע ליעבע. די פערפאלגטע און אונטערדריקטע גלות־קינדער האבען ניט געקענט פערשטעהן, וויא אזוי מען קען גאר זינגען וועגען דיא זינדיגע תאוה.

ביי מאנכע פון דיא אידיש־שפאנישע פאעטען וויא ביי משה אבן־עזרא, ר' יהודה הלוי און אלחריזי געפינט מען שוין ליעדער וועגען פשוט'ע מענשליכע ליעבע, אבער ביי זיי איז געווען א שטילע, צניעה'דיגע ליעד, וועלכע האט זיך געהיט פון נבול־פה, פון „גראבע" אנצוהערעניסען, פון חוצפה'דיגע אויסדריקע. וויא ר' עמנואל הרומי האט זיי געברויכט. ביי מאנכע פון דיא מקובלים געפינען זיך שוין עהנליכע עראטישע אויסדריקע, אבער זיי ווענדען עס אן

אויף דיא בעציהונגען צווישען דער שכינה און דעם פאלק ישראל, וועלכע ווערען פערגליכען צו א ליעבענדע פאארעל. זיי, דיא דאזיגע מקובלים, האבען געפונען אין אויסוועג פאר זייער עראטיק דורך דעם וואס זיי האבען איהר פערהייליגט...

עס פערשטעהט זיך, אז אזעלכע ליעדער וויא עמנואל הרומי'ס ליעבעס - ליעדער האבען גאר ביי פיעלע פון זיינע צייט-גענאסען ארויסגערופען אן אונצופריעדענהייט. זיי האבען אין דעם געזעהען ניט מעהר וויא פשוט'ע, שמוטציגע נבול-פה, וואס פאסט אפשר פאר גויעשקע ריטטער אבער בשום אופן ניט פאר א אידען. ער אליין דערצעהלט, אז מען האט איהם גערופען „קדש" (קאדייש—אויסגעלאסענער) און פושע (זינדיגער). דאס איז וואהרשיינליך אויך איינע פון דיא אורזאכען, ווארום ער איז געבליבען פערלאזען און אליין אויף זיינע עלטערע יאהרען, ווען ער איז געווארען פעראָרעמט. דער פאקט איז, אז מיט אן ערך הונדערט יאהר שפעטער האט דער מחבר פון „שולחן ערוך", ר' יוסף קארו, געפונען פאר נויטהיג ארייגצושטעלען א דין, אז מען טאר ניט לייענען דיא ליעדער פון עמנואל הרומי, „מחמת זיי זיינען מליצות און משלים פון פשוטע פלוידערייען און תאוה".

די דאזיגע בעציהונג צו עמנואל הרומי'ס ליעבעס-ליעדער איז טאקע אויך דיא אורזאכע, ווארום זיין פאעזיע האט געהאט אזא קליינעם איינפלוס אויף דער ווייטערער ענטוויקלונג פון דער העברייאישער פאעזיע און ווארום ער איז געבליבען כמעט אין גאנצען אונבעקאנט ביז דעם לעצטען יאהר-הונדערט, כאטש ער איז אהן צווייפעל איינער פון דיא גרעסטע אידעשע פאעטען אין מיטעל-אלטער.

עס וועט אבער זיין א גרויסער טעות און אן אונרעכט צום פאעט, אויב דער לעזער וועט בלייבען ביי דעם איינדרוק, אז מעהר וויא אזעלכע ליעבעס-ליעדער האט עמנואל הרומי ניט געשריבען. עמנואל הרומי איז געווען א גוטער איד און נאציאנאלען זינן און זאגאר א פרומער איד. זיין הארץ האט איהם געבלוטעט אויף דיא אידעשע צרות, און איז מעהרערע פון זיינע ליעדער דריקט ער אויס זיין צער וועגען דעם: „בע-

טראכט דיא פיין פון דיין ארעמען פאלק, וועלכער ווערט גע־טראטען אהן רחמנות; וויא אן איינזאמער פויגעל, פון זיין נעסט פערטריבען. וויא שטויב פערטרעבענט. קעהר אום דיין פאלק, וועלכער ווערט צווישען פעלקער ניט גערעכענט, קעהר איהם אום צוריק צו דיין וואהנונג".

ר' עמנואל הרומי איז דער מחבר פון אייניגע ריהרענדע תפלות. דיא פאלגענדע איז איינע פון זיי:

וואן דיין האנד האט מיך געטראפען
וועל איך, גאט, צו דיר אלץ האפען.
און פון דיר וועל איך ענטרינען
אום ביי דיר א הילף געפינען.

אין דיין טאג פול דונער בליצען
זול איך מיר ביי דיר צו שיצען.
אין ד י י ן צארן־טאג דעם שווארצען
לויכט דיין ליכט מיר אין מיין הארצען.
(איבערזעצט פון אברהם רייזין).

*   *   *

מיט דעם אנקומען פון דעם עלטער האט עמנואל הרומי אלץ מעהר און מעהר אנגעפאנגען טראכטען וועגען דער ניש־טיגקייט פון לעבען, וועלכער מוז זיך ענדיגען מיט דעם אונ־פערמיידליכען טוידט. זיין נשמה ווערט אזוי וויא דורכגע־דרונגען מיט דעם אויביגען וועלט־שמערץ. דיא אלטע, אלטע טענה: וואס טויג דער לעבען, ווען ער מוז זיך ענדיגען מיט דעם טוידט? ער קוקט אויפ'ן בית־עולם און בעטראכט דיא קברים: ..ווען איך בעטראכט דיא קברים, ווערט מיין הארץ צוגאנגען, בלייבט שטעהן פערגליווערט, איך דערמאן זיך אן דיא וואס ליגען דארטען, איך דערמאן זיך זייער לעבען. דארטען געפינען זיך חכמים, וואס האבען גע'שמט אויף דער וועלט, דארטען געפינען זיך אויך בהמות אין מענשליכען גע־שטאלט. דארטען געפינען זיך רשעים, דארטען געפינען זיך אויך צדיקים... דארטען געפינען זיך קליין און גרויס, און אללע לעבעדיגע געפינען דארטען זייער בעט. דארטען זיינען אללע גלייך, פירסטען און ארעמע. דער קנעכט איז פריי פון

זיין האר, און דער אויסגעמאַטערטער געפינט דאָרטען זיין רוה... מיין הארץ ווערט אין מיר פערווירט, ווען איך זעה עס; איך קען זיך מעהר ניט פרעהען, ווען איך זעה זייער בראָד. עס טהוט מיר וועה. וואָס העלפט דער פערלייקענען, איך מאַך יעדען טאָג דיא זעלבע רייזע וואָס זיי. דיא צייט פיהרט מיר און שפּאָט פון מיר וויא זיא האָט עס געטאָהן מיט זיי. איך וועל געהן אין גרוב ניט בעסער וויא זיי. דיא צייט וועט מיר מאַכען טרינקען גאַל און ביטערניס, ווי זיא האָט עס געטאָהן מיט זיי...

און אָט איז אַ צווייטע ליעד וועגען דער זעלבער טהעמאַ: „מיינע טעג זיינען שוין פאַריבער און פאַרגאַנגען. און מיין הארץ איז נאָך פערשטאָפּט און אומריין. דער טוידט דערנע־הענטערט זיך מיט יעדער מינוט, און דאָס הארץ וויל דערפון ניט וויססען. עס טראַכט וועגען פליהען אין דיא הימלען, און עס פערגעסט אַז עס מוז געהן אין גרוב. ער מיינט צו נאַרען דיא מענשען מיט זיין פאַלשקייט, און פערגעסט, אַז ער נאַרט זיך אַליין. וויא איינער וואָס וויל בלינד מאַכען זיין שונא און נעהמט זיך אַליין אַרויס אַן אויג...“

אין נאָך אַ ליעד לאָזט ער ריידען אַ טוידטען צו דיא לע־בעדיגע: „דוא, וואָס דו ליעגסט אויף אַ בעט פון העלפאַנט־ביין, ערוואַך אויב דוא שלאָפסט. זעה, דער וואָרם טרינקט מיין בלוט, און זיין צאָהן איז אין מיין פלייש. געדיינק, נעכ־טען בין איך וויא דוא געוועזן פעט, מאָרגען וועסטו וויא איך ליעגען אין גרוב. וואָס וועסטו זאָגען, ווען עס וועט קומען דער ביטערער טאָג. ווען דו וועסט זעהן ווי דער גהינום רויכערט“.

דער טוידט, דער גהינום און דער גן־עדן דאָס זיינען דיא טהעמאַן, וועלכע אינטערעסירען עמנואל הרומי אויף זיינע עלטערע יאָהרען. דער אַכט און צוואַנציגסטער טהייל פון זיין ווערק הייסט „התופת והעדן“, דער גהינום און דער גן־עדן, וואָס איז אין געוויסע הינזיכטען אַ נאָכאַהמונג פון זיין פריינד דאַנטע׳ס גרויסע ווערק „דיא געטליכע קאָמעדיע“.

* * *

ר' עמנואל הרומי האט אנגעפאנגען צו שרייבען זיין „גיהנום און גן־עדן" מיט אן ערך דרייסיג יאהר שפעטער וויא זיין פריינד דאנטע האט געשריעבען זיין „געטליכע קאמעדיע". דאנטע האט אנגעפאנגען שרייבען זיין ווערק אין דעם יאהר 1300, ווען ער איז נאך געווען א יונגער־מאן פון פינף און דרייסיג יאהר; עמנואל האט געשריעבען זיין ווערק בערך אין דעם יאהר 1331, ווען ער איז שוין געווען אן אלטער מאן פון אריבער זעכציג. עס קען דארום גאר קיין ספק ניט זיין, אז עמנואל איז געווען דער נאכאהמער פון דאנטע און ניט פערקעהרט.

דאנטע האט איינגעזעהן די טראגעדיע פון דעם מענש־ליכען לעבען, ווען ער איז נאך געווען יונג. ער פאנגט אן זיין ווערק מיט דער פאלגענדער הקדמה: „אויפ'ן מיטען וועג פון אונזער לעבען האב איך זיך געפונען אין א פינסטערען וואלד, ווייל איך האב פערלארען דעם גלייכען וועג". אין דעם פינסטערען וואלד פון דעם מענשליכען לעבען פיהלט ער זיך פערלארען, ארומגערינגעלט פון א טיגער, א לייב און א וואלף —סימבאלען פון די מענשליכע תאוות, שוואכקייטען און צווייפלען. עמנואל איז אין זיינע יונגע יאהרען געווען גאנץ ווייט פון אזעלכע פינסטערע מחשבות. דאמאלס האט ער געלעבט און געזונגען וועגען ליעבע און לוסט. ערסט אויף זיינע עלטערע יאהרען, ווען א אינגערער פריינד זיינער איז פלוצלינג געשטארבען, ערסט דאמאלס האט ער זיך דער־מאנט אן דעם טויט און וואס פאר א זינדיגען לעבען ער האט געפיהרט. ער פאנגט אן זיין ווערק מיט די פאלגענדע ווערטער: „נאכדעם ווי פון מיינע יאהרען זיינען זעכציג פער־גאנגען, און די שלוחים פון דעם טויט האבען זיך געאיילט צו מיר". און אזוי ווייטער.

ביידע, דאנטע און עמנואל הרומי, שרייבען וועגען דער זעלבער טהעמא, אבער זיי שרייבען וועגען איהר גאנץ אנדערש און פערשיעדען. עמנואל האט געבארגט ביי דאנטען זיין טהעמא און דא און דארטען אויך מאנכע אויסדריקע און

בילדער, אבער ניט מעהר. אין אלעם איבריגען זיינען זיי ווייט איינער פון דעם אנדערען ווי דער מזרח פון מערב. איינער, דאנטע, איז א פרומער, טיעף־גלויביגער, זאגאר א פערביסענער קריסט, וועלכער פערגינט קיינעם ניט דעם גן־עדן א חוץ זיינע איינענע קאטאליקען; ער בעזיצט א טיעף־רעליגיעזע און מיסטישע נאטור. דער צווייטער, עמנואל, איז אמת א גלויביגער און פרומער איד, אבער איהם פעהלט די פערביסענ־קייט און דער פאנאטיזם. ער געפינט אין זיין גן־עדן אויך א פלאץ פאר די פרומע גיט־אידען, פאר די „חסידי אומות העולם". ער איז ווייט ניט אזוי רעליגיעז און אויך ניט אזוי מיסטיש געניינט ווי זיין פריינד דאנטע.

דאנטע פילאזאפירט אין זיין „געטליכע קאמעדיע" און איז זיך מפלפל וועגען אלערליי קריסטליך־טעאלאגישע פראגען פון זיין צייט; עמנואל זוכט די דאזיגע טהעאלאגישע פראגען אויסצומיידען. דאנטע רעדט אין אלעגאריען און אין סימבאלען, עמנואל רעדט פשוט. דאנטע איז שרעקליך ערנסט און זיין שפראך איז שטענדיג פייערליך; עמנואל'ס שפראך איז לייכט און צייטענווייז שפאסהאפטיג. דאנטע'ס „קאמעדיע" איז א שוידערליכע טראגעדיע; עמנואל'ס „גיהנום און גן־עדן" איז אפט אן אמת'ע קאמעדיע: זיין הומאר און זיין סאטירע פערלאזען איהם קיינמאל ניט. ער ערלויבט זיך צו לצ'עווען אפילו ווען ער איז אין גהינום און צו מאכען שפאס אין גן־עדן.

דאנטע'ס גהינום איז דער קריסטליכער גהינום; עמנואל'ס איז דער אידישער. דאס קריסטענטום, וואס האט אין זיך איינגעזאפט צוזאמען מיט פיעלע פון די יסודות פון יודענטום אויך פיעלע פון די עלעמענטען פון הײדענטום, האט זיך אויסגעבילדעט א גהינום, וועלכער איז פיעל שרעקליכער ווי דער אידישער. צוזאמען מיט די שרעקענס פון אידישען גהינום האט דאס קריסטענטום אויך אריינגענומען די גהינום־פארשטעלונגען פון די הײדנישע פעלקער. דאנטע'ס גהינום איז דארום פיעל מורא'דיגער ווי עמנואל'ס. אין דער קריסטליכער רעליגיאן שפיעלט דער

גהינום איבערהויפּט אַ פיעל גרעסערע ראָלע וויא אין דער אידישער. דער גהינום איז כמעט דער וויכטיגסטער יסוד פון קריסטענטום, און שוין יעזוס אליין שרעקט מיט׳ן אייביגען פייער און מיט „ציין־קריצענים“.

דאַנטע האָט אויסגעקליבען אַלס זיין פיהרער אין די ביידע אבטיילונגען פון דעם קריסטליכען גהינום *) דעם רוימי־שען פּאָעט ווירגיל. פאַר אַ פיהרער אין גן־עדן האָט ער זיך געמוזט אויסקלייבען אַן אַנדערען, ווייל זיין קריסטליכע „ליעבע“ מיט זיין ווילדען פאַנאַטיזם האָבען איהם ניט דער־לאָזען, אַז ער זאָל ווירגיל׳ן, דעם נים־קריסט, אריינלאָזען אין גן־עדן. עמנואל הרומי קלייבט זיך אויס אַלס זיין פיהרער אין גהינום און אין גן־עדן דעם נביא דניאל.

און פּאַסירט האָט עס אַזוי: זייענדיג פערטיעפט אין טרויער, וואָס דער טויט פון זיין אינגערען פריינד האָט אין איהם ארויסגערופען, אַנפּאַנגענדיג צו טראַכטען וועגען זיין אייגענעם טויט און וועגען דעם זינדיגען לעבען וואָס ער האָט פערבראַכט, האָט ער זיך ביטער פאַנאַנדערגעוויינט. וואו איז דניאל און זיין חכמה? וואו איז ער וואָס וויים אַלע סודות? ווי גוט עס וואָלט געווען. ווען ער וואָלט געקומען און איהם דערצעהלט וויפיעל ער האָט נאָך צו לעבען און וואָס זיין חלק וועט זיין נאָכ׳ן טויט.

פּלוצלינג האָט עמנואל דערזעהן געגען איהם אַן אַלטען מאַן, וועמעס פּנים עס האָט געלויכטען זיעבען מאָל ווי די זון און ער האָט אויסגעוויזען ווי אַ מלאך פון הימעל. פון שרעק און פּחד איז עמנואל געפאַלען אויף זיין פּנים, האָט אַנגענו־

*) דער קריסטליכער גהינום האָט צוויי הויפּט־אבטיילונגען: 1) דער „אייביגער פייער“, וואו עס ברענען די נשמות פון די רשעים אָהן שום האָפנונג, אַז זיי וועלען ווען־עס־איז אויסגעלייזט ווערען פון זייערע יסורים; 2) דער „רייניגונגס־פּלאַץ“, וואו אַלע מענשליכע נשמות, אפילו פון די צדיקים, מוזען דורכגעהן, געלייטערט און גערייניגט ווערען איידער זיי זיינען זוכה אריינצוקומען אין גן־עדן.

מען דעם ברעג פון דעם מאַן'ס מאַנטעל און געקושט דיא שטויב פון זיינע פיס:

„זאג מיר, מיין הארר, ווער ביזטו און וואָס איז דיין נאָמען?"

„איך בין דניאל," האט דער מאן געענטפערט, „ווען דו האָסט גערופען. איך בין געקומען דיר צו ענטדעקען אלע סודות און דיר צו בעלעהרען. זאָג, וואָס איז דיין פערלאַנג, און מאַך עס גיך, ווייל איך קען זיך ניט פערזאמען."

„איך בעט דיר, מיין הארר, וויין מיר דעם גן־עדן און דעם גהינום, און בעוויין מיר דעם פּלאַץ, וואו איך וועל נאָך מיין טויט רוהען."

„דיין פערלאַנג זאָל געשעהן," האט דניאל געענטפערט, „וואו ווילסטו פריהער געהן?"

„פריהער וויל איך זעהן דעם גהינום, און דעם גן־עדן צום לעצטען."

און אַט פאַנגען זיי אַן זייער רייזע. עס איז אַ שווערער וועג. זיי געהען דורך אַלערליי קרומע, ענגע, צודרעהטע און פינסטערע וועגען. ער הערט נור דונערען און בליצען, און די קרעכצען און געשרייען פון די געמאַטערטע און געפייניגטע. עמנואל האַלט זיך פעסט אַן דעם ברעג פון דניאל'ס מאַנטעל. ענדליך קומען זיי צו אַ צובראָכענעם בריק, וועלכער ליעגט איבער אַ בייזען שטראָם, וואָס זוכט אַלעמען צו פערשלינגען. ביים ברעג פון בריק שטעהט אַ טויער און ביים טויער דער שאַרפער קלינג פון אַ זיך־דרעהענדען שווערד. דורך דעם דאָזיגען טויער, פאַרביי דעם שאַרפען שווערד מוזען אַלע זינדיגע נשמות דורכגעהן: „דער וואָס קומט דאָרטען אריין קומט אריין, אבער ארויסגעהן געהט קיינער."

זיי זיינען אריבער דעם בריק און אריין אין גהינום גופא. דאָרטען האט עמנואל דערזעהן אַ גרויסען פייער, וואָס ברענט ווי אַ טייך פון שוועבעל, וואו אַלע זינדיגע נשמות פּרעגלען זיך. יעדער זינדיגער האט זיין נאָמען אויסגעקריצט אויפ'ן שטערען. עמנואל רעכענט אויס אַ גאַנצען צעטעל פון ביבלישע נעמען, וועלכע זיינען בעקאַנט אַלס זינדיגע, וואָס ער

האט דערקענט אין גהינום. ער פערגעסט אבער אויך ניט אריינצורעכענען אין דעם צעטעל פון די זינדיגע נשמות פלאטא׳ן, אריסטאטעל׳סען, היפאקראטוס׳ען און אנדערע געלעהרטע און פילאזאפען, ווייל זיי זיינען געווען שטאלץ אויף זייער וויססענשאפט, און האבען פערלאזען דיא אמת׳ע וועג. אין דעם איז ער ניט פיעל בעסער פון דאנטע׳ן, וועלכער האט פאר זיי אויך קיין אנדער פלאץ ניט געפונען ווי דעם גהינום.

דאס אינטערעסאנטעסטע פון עמנואל׳ס גהינום פאנגט זיך אן, ווען ער בעשרייבט די יסורים פון מאנכע פון זיינע צייט־גענאסען. דארטען איז ער בייסיג און גאליג, און קריטיקירט אהן רחמנות די מדות פון זיין צייט.

געהענדיג אין גיהנום האט עמנואל דארטען דערקענט זיינעם א גוטען בעקאנטען. געווען אן אנגעזעהענער מענש און זעהר רייך, און איצטער בראט ער זיך אין גהינום. עמנואל האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט איהם מיט וואונדער געפרעגט: „ווי קומסטו, וואס איז געווען דער צירונג פון זיין דור, ווי קומסטו אהער?“ יענער דערצעהלט: „איך האב אלץ געקליבען און געקליבען רייכטימער. האב זיך אויסגעבויט א גרויסען פאלאסט, אויך גערטנער און וויין־גערטנער. מיינע צימערען האב איך מיט גאלד און זילבער בעפוצט. איצטער וואוינט אין זיי אן אנדערער. איך האב געלעבט גליקליך און פרעהליך, געגעסען די בעסטע שפייזען און די טייערסטע וויינען געטרונקען, פערגעסען די תורה און א רע פערבאטען, ניט געהאלפען דעם ארעמאן, ניט געשטיצט די אלמנה, ניט געהערט דעם געשריי פון יתום...“ ער דערצעהלט דאן, וואס ער בעטראכט פאר איינע פון די ערגסטע בעשטראפונגען: „דאס איז געווען מיט צוויי יאהר צוריק. צוויי מענשען זיינען אריינגעקומען און האבען ווי אויף די פליגלען פון אן אדלער מיר געבראכט אין אנקאנא אין מיין פאלאסט. איך האב זיך דערפרעהט. איך האב געמיינט, אט איז ענדליך געקומען א סוף צו מיינע פלאגען, אבער איך האב געהאט א ביטערען טעות: מיינע צרות האבען זיך ערסט

אַנגעפאַנגען. זיי האָבען מיר אַריינגעפיהרט אין דעם באָדע־צימער, וואָס איך האָב אַליין געבויט. דאָרטען האָב איך געזעהן. ווי מיין פרוי טהוט זיך אויס איהרע טייערסטע בגדים אום איהר קערפּער צו וואַשען. און איהר נייער מאַן איז געשטאַנען דערביי... וואָס איך האָב דאַמאַלס אויסגעליטען קען קיין מויל ניט אויסרעדען און קיין אויער ניט אויסהערען. פון מיינע אויגען האָבען אַנגעפאַנגען רינען די טרערען. „דו ווייסט, דאָס איז נאָך גאָרנישט"׳ האָבען די מענער מיט רציחה אויסגערופען. מיט געוואַלט האָבען זיי מיר אַריינגעשלעפּט אין שלאָפצימער. דאָרטען האָב איך דערזעהן אַן אויסגעפּוצט בעט, און אין איהר איז מיין ווייב געלעגען מיט איהר נייעם מאַן. פעט און זאַט, גליקליך און צופריעדען, מיט איהר לינקער האַנד אונטער איהר קאָפּ און מיט זיין רעכטער האַנד האַלזט ער איהר. און אַ שטימע האָט אויסגערופען: „אַ פרוי האָסטו פער'קנס'ט, און אַן אַנדערער וועט מיט איהר לעבען".

דאָס איז די שטראָף פאַר דעם האַרטהערציגען, וועלכער וויל פון זיינע עשירות ניט העלפען די אָרעמע און די געדריקטע. זיין רייכקייט פאַלט אַריין אין די הענד פון פרעמדע, און ניט כתם פרעמדע, נאָר אין די הענד פון זיין ווייב'ס געליעבטען.

עמנואל לאָזט קיינעם ניט דורך. ער רעכענט זיך דאָרטען אָפּ מיט די פאַנאַטיקער, וואָס ווילען ניט וויסען פון די חכמות און פערפאָלגען די פילאָזאָפיע; מיט די צבועקעס, וואָס שפּיעלען די ראָלע פון פרומאַקעס און טהוען אָב אין דער שטיל אַלע ניעדערטרעכטיגקייטען; מיט די פיינע בעלי בתים, וואָס קומען אין די שוהלען נאָר אום שבת און יום טוב, כדי צו קריגען כבוד; מיט די רבנים און לומדים, וואָס לערנען תורה כדי זיך אויסצופיינען און צו הערשען איבער דעם עולם. זיין „גהינום" איז אַ בייזע סאַטירע אויף דעם דאַמאָלסדיגען אידישען לעבען פון איטאַליען, וועלכע פּאַסט זיך נאָך ביז היינטיגען טאָג.

פון דאָרטען, דערצעהלט עמנואל, זיינען מיר געגאַנגען ווייטער, און מיר האָבען געטראָפען אַ געמיינדע פון בלינדע. איך האָב דערקענט צווישען זיי אַן ערך פון הונדערט און

צוואנציג. דאס זיינען געווען גרויסע לייטע און פיהרער פון זייער פאלק. דניאל האט מיר ערקלערט: אט די דאזיגע מענשען האבען געהאט אויגען און ניט געוואלט זעהן. זיי האבען ניט געוואלט וויסען פון די חכמות און די וויסענשאפ־טען, דערפאר דארפען זיי טאפען ביי טאג ווי אין דער פינסטערניס.

א פאסענדע שטראף קריעגט דער צבועק, וועלכער שפיעלט די ראלע פון א שעהנעם מענשען, פון א למדן און א פרומען, און טהוט אפ אין דער שטיל אלע געמיינהייטען און נבלות. עמנואל שילדערט איהם ווי „אן אלטען מאן, וואס זעהט אויס גרויס". אויף זיין קאפ א קרוין פון דערנער, אונטער זיין נאז „קטורת" פון מענשליכער צואה און א בייזע שלאנג האלט זיין „ערלה". ער ווערט געשמיסען מיט ריטער און דערנער, געשליידערט פון א הויכען טהורם און צושמעטערט אויף א פעלז. דא ברענט מען איהם אין פייער און דא צורייסען איהם בייזע וועלף, דא שיסט מען איהם מיט קופערנע פיילען און דא ווערט ער פערשלעפט פון טייכען פעך און שוועבעל.

ניט פיעל בעסער איז דער פלאץ פון די דאזיגע רבנים, וועלכע האבען זיך אבגעגעבען מיט דער תורה, כדי דערפון זייער פרנסה צו ציהען און זיך איבערין עולם צו גרויסען. „און אז מיר זיינען געגאנגען ווייטער, האבען מיר געזעהן מענשען וואס ליעגען אין דער פינסטערניס, זייער זון און לבנה שיינט מעהר פאר זיי ניט. אהן געשטאלט און אהן אויס־זעהן ליעגען זיי אין א פינסטערען ווינקעל, א ערניעדריגטע מלוכה, ארומגערינגעלט פון טויט־שרעקען. דאס זיינען די, וואס האבען געלערענט תורה, תלמוד, מדרשים און פירושים, כדי צו מאכען דערפון א האק צום גראבען, און קרוינען מיט וועלכע צו שטאלצירען.

עמנואל הרומי געפינט אויך א פלאץ אין גהינום פאר די זעלבסטמערדער: „און אז מיר זיינען געגאנגען ווייטער, האבען מיר געזעהן צארן, גרימצארן און צרות. מענשען זיינען געפיהרט געווארען דורך קאלד־אוויוענס און געזעגט געווארען מיט זעגען. זייערע פנים'ער ווי שווארץ־פערברענטע טעפ

פער׳חושכ׳ט, שרייען זיי און יאמערען פון צרות און יסורים. דאס איז דער פלאץ פאר די וואס זיינען בעגאנגען זעלבסט־מארד.

עמנואל פערלאזט דעם גהינום א ניעדערגעשלאגענער און צובראכענער. ער קען מעהר ניט צוקוקען די צרות און די יסורים פון די געפייניגטע און ער בעט דניאל׳ן, אז ער זאל איהם פון דארטען ארויספיהרען. ער פערשרייבט אלץ וואס ער האט אין גיהנום געזעהן, „כדי די קומענדע דורות זאלען זיך דערפון א מוסר ארויסנעהמען און ניט זינדיגען.“

פון גהינום פיהרט איהם דניאל אריין אין גן־עדן. עמנואל׳ס גן־עדן איז ווייט ניט אזוי אינטערעסאנט ווי זיין גיהנום. פאר עמנואל׳ס סאטירע איז דער גהינום א פאסענדערע טהעמא ווי דער גן־עדן. אין גהינום געפינט ער די אלע פערזאנען פון וועמען ער קען שפאטען און לאכען, אויף וואס ער האט בעזעסען אזא גרויסען טאלאנט. אין גן־עדן שווייגט זיי בייסענדע סאטירע, און ער איז דארטען עפעס ווי ניט ביי זיך אין דער היים.

אינטערעסאנט איז אבער דארטען איין שטעלע, וואו עמנואל ציינט זיך ארויס צו זיין פיעל טאלעראנטער ווי דאנטע: „און ווען מיר האבען אין די גאסען פון גן־עדן ארומשפאציערט, בעטראכטענדיג די גרויסקייט פון די חכמים, האב איך דערזעהן מענשען וואס זיינען פול געווען מיט שטאלץ און שעהנקייט, שעהנער ווי די זון און די לבנה. זיי זיינען ארומגעגאנגען אין דער וועלט פון די מלאכים. איך האב קיינעם פון זיי ניט דערקענט. איך האב געפרעגט, ווער זיי זיינען, און מיין פיהרער האט מיר געענטפערט: דאס זיינען די פרומע פון אנדערע פעלקער, וואס האבען זיך געשטארקט מיט זייער חכמה און שכל... זיי האבען מיט זייער שכל אויסגעפונען, ווער עס האט זיי בעשאפען, און וואס איז דער תכלית פון זייער זיין...“

עס פעהלט דארטען, אין עמנואל׳ס גן־עדן, אויך ניט דער אידישער קרעכץ אויף דעם לאנגען און ביטערען גלות: „מיר האבען דארטען געזעהן צעהן חופות פון „תכלת“ און פורפור־

וואָל געשטריקט, פון אינוועניג מיט גין־גאָלד אויסגעקלעפּט. מיט אַלע טייערע שטיינער בעהאַנגען, און פון סאַפּירען געשניטען. און דאָרטען זיינען געשטאַנען צעהן הויכע שטוהלען מיט גין־גאָלד געפּלאַסטערט, מיט גאָלד געקעסטעלט און מיט'ן בעסטען „תרשיש" אויסגעפּילט. דערביי זיינען געלעגען קרוינען, וועלכע האָבען פערשעהמט די זון מיט זייער ליכט. איך האָב געפרעגט: „צו וועמען בעלאַנגען די חופות, די שטוהלען און די קרוינען?" און דניאל האָט מיר געענט־פערט: דאָ זיצען די צעהן מאַרטירער פון דער מלוכה". „און וואו זיינען זיי איצטער, איך וואָלט זיי וועלען אַנקוקען." „זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען מיט דעם מלאך מיכאל; זיי קניען און בעטען פאַר דעם רבונו של עולם, אז ער זאל זעהן דעם צער פון דאָס ביסעלע וואָס איז געבליבען און ער זאָל זיי שיקען דעם ערלייזער. וואָרום זיי האָבען געזעהן די פּיין פון דעם אידישען פאָלק, וואָס איז זעהר פּירכטערליך. און זיי טהוען ניט שוויינען ביז גאָט'ס גנאָדע וועט זיך פון הימעל ניט ענטפּלעקען צו דערנעהנטערן די גאולה, צו אויפבויען ירושלים, אז זי זאָל ווערען צו ליב צווישען לענדער."

* * *

א חוץ פּאָעזיע האָט עמנואל אויך געשריעבען וועגען אַנדערע ענינים, הויפּטזעכליך פּירושים אויף געוויסע טיילען פון דער ביבעל, ווי משלי, איוב, תהלים און די מגילות. עמנואל האָלט זעהר שטאַרק פון זיינע פּירושים, ער מיינט אז זיי צו פערדאַנקען וועט ער זוכה זיין צו א שטוהל אין גן־עדן. ער דערצעהלט, אז ווען ער איז מיט דניאל'ן אריין אין גן־עדן האָט זיך דוד המלך דערפרעהט מיט איהם, האָט איהם געהאַלזט און געקושט, ווייל ער האָט געגעבען דעם ריכטיגען פּירוש. אזוי האָט זיך אויך מיט איהם דערפרעהט דער נביא יחזקאל און די אַנדערע נביאים.

זיינע פּירושים אויף דער ביבעל זיינען אבער פערהעלט־ניסמעסיג פון גאַנץ קליינער בעדייטונג. עמנואל האָט זיך געמאַכט אונשטערבליך ניט אַלס ביבעל־קריטיקער און ביבעל־ערקלערער, נאָר אַלס פּאָעט.

# די אידען אין דייטשלאַנד.

## XIII.

די קולטור פון די אידען אין דייטשלאַנד און די אידישע קולטור פון צפון פראנקרייך. דער פראַטעסט געגען די טרוקענע הלכות פון דעם תלמוד. דער ראציאנאליזם און דער מיסטיציזם. דער דייטשער מיסטיציזם און זיין איינפלוס אויף די אידען. די קרייטציגע און זייער איינפלוס אויף דעם גייסטיגען צושטאנד פון דער אייראָפּעאישער בעפעלקערונג. די גייסטיגע עפּידעמיען. אידישע און קריסטליכע אבערגלויבענס. ר' יהודה החסיד האַלט מעהר פון „עבודה“ ווי פון תורה. ר' יהודה החסיד אלס פּאָעט. ר' יהודה החסיד און זיינע תלמידים. דער „ספר חסידים“ און זיין קולטור־היסטארישע בעדייטונג.

---

דיא קולטור פון דיא אידען אין דייטשלאַנד אין מיטעל־אלטער איז כמעט אין אַלע פּרטים דיא זעלבע, וואָס דיא אידישע קולטור אין צפון־פראַנקרייך.ביידע זיינען זיי ווענינ בעאיינפלוסט געווארען פון דער פילאָזאָפיש־וויסענשאפטליכער קולטור, וואָס דיא אידען פון שפּאַניען האָבען ענטוויקעלט, — דיא אידען פון דייטש־לאַנד נאָך ווענינער וויא דיא אידען פון צפון־פּראַנקרייך. ביידע שטאַמען זיי אָפּ פון דעם זעלבען שורש, ציהען דיא זעלבע יניקה און ענטוויקלען זיך מעהר אָדער ווענינער אויף דעם זעלבען אופן און אין דער זעלבער ריכטונג. ר' קלונימוס פון לוקאַ, וועמען קארל דער גרויסער האָט אריבערגעבראַכט פון איטאַליען און וועלכער

איז געווען דער פאטער פון דעם תלמוד׳ישען שטודיום אין דיא מערב - אייראפעאישע לענדער א חוץ ש פ א נ י ע ן. דער דאזיגער ר׳ קלונימוס האט געעפענט זיין ערשטע ישיבה אין מ א י נ ץ, דייטשלאנד. רבינו ג ר ש ו ם „מאור הגולה“ האט געקראגען זיין תלמודישע ערציהונג אין פראנקרייך, פון דעם פראנצויזישען תלמודיסט ל ע א נ ט י ן, אבער זיין ישיבה, וועלכע האט געהאט אזא גרויסע בע־דייטונג, האט ער געעפענט אין דייטשלאנד, אין מאינץ. ר ש " י, אליין פון פראנקרייך, האט אבער געלערענט ביי דיא „חכמי לותיר“ (לאטהערינגען), וואס איז געווען א דייטשע פראווינץ. די „בעלי התוספות“, כאטש דאס רוב פון פראנקרייך, האבען צווישען זיך געצעהלט א היבשע ביסעל דייטשע תלמוד׳יסטען. אין זייער וועזען זיינען זיי, דיא דאזיגעביידע קולטורען געווען, איינע, — כמעט אויס־שליסליך א ביבליש - תלמוד׳ישע קולטור. דיא זעלבע ארט ערציהונג, דיא זעלבע חדרים און ישיבות די זעלבע מנהגים און תקנות, דיא זעלבע פרומקייט און די זעלבע בעגריפע וועגען גאט און דערגלייכען.

ביין ענדע פון דעם צוועלפטען און אין אנפאנג פון דעם דרייצעהנטען יאהר - הונדערט האט זיך ביי די דייטשע אידען אנגעפאנגען ארויסצוצייגען א נייגונג צום מיסטיציזם, א פערלאנג און א תשוקה צו קומען אין נעהענטערע בעצי־הונגען מיט גאט און מיט דיא אויבערשטע וועלטען. דער טרוקענער שטודיום פון דעם תלמוד, דיא אלע חריפות׳דיגע פלפולים וועגען דיא פערשיעדענע הלכות, האט אפשר געקענט בעפריעדיגען דעם מענשליכען שכל, אבער ער האט געלאזען כמעט אין גאנצען אונבעריהרט דאס מענשליכע הארץ: ער איז ניט געווען אימשטאנד איינצושטילען דעם דורשט פון דער מענלישכער נשמה, געבען אן אויסוועג צו איהר בייגקענים און זוכענעס, צו ערפילען איהר פערלאנג זיך צו פערליערען אין שעהנקייט און אין פאעזיע. דער שטודיום פון דעם תלמוד איז געווארען א ציעל פאר זיך, מען האט „געלערענט“ לשם דעם „לערנען“; מען האט זיך מפלפל

געווען צוליעב דעם פּלפּול. דאָס הארץ איז געבליעבען פּוסט און אונבעפריעדיגט. צוליעב דעם „לערנען" האָט מען פערנאכלעסיגט אפילו דעם „דאווגען", די תּפילות, ווען דער מענש וואַרפט פון זיך אראָפּ זיינע וואָכעדיגע קליידער און טהוט אָן זיינע בגדי שבת, קומט אריין אין אַ העכערע שטימונג און זוכט זיך צו פעראייניגען מיט זיין גאָט.

געגען דער דאָזיגער „פערשטיינערונג פון דעם הארצען" איז ארויסגעטראָטען ר' יהודה החסיד.

אזעלכע בעוועגונגען געגען דער פערשטיינערונג פון דעם הארצען, געגען דעם צו טרוקענעם און שטרענגען „ליגאַליזם", וואָס רויבט אוועק פון דער רעליגיאָן איהר רעליגיעזיטעט און פּאָעזיע, און מאַכט פון איהר בלויז אַ געזעץ־בוך, זיינען ניט קיין נייעס אין דער אידישער געשיכטע. דאָס איז דיא אייביגע מלחמה צווישען דעם שכל און דיא געפיהלען, צווישען דעם ראַציאָנאַליזם און מיסטיציזם, וועלכע דריקט זיך אויס אין פערשיעדענע עפּאָכען אויף פערשיעדענע וועגען, לויט דעם קולטורעלען און מאַטעריעלען מצב פון יענער צייט און יענעם לאַנד. אין דעם הויך־קולטורעלען, אין פילאָזאָפישען און וויסענשאַפטליכען זינן, יודעטהום פון שפּאַניען איז בעשאַפען געוואָרען אַלס פּראָטעסט געגען דער דאָזיגער טרוקענהייט פון „לערנען" דער „חובות הלבבות" פון רבינו בחיי, איינער פון דיא אינטערעסאַנטסטע ביכער איבער עטהיק און פילאָזאָפיע אין דער העברעאישער ליטעראַטור; אין דעם אונוויסענדען, אַבערגלויבישען יודענטהום פון דייטשלאַנד איז בעשאַפען געוואָרען, וויעדער אַלס פּראָטעסט געגען דער אויבענדערמאַהנטער טרוקענטקייט, דער „ספר חסידים" פון ר' יהודה החסיד, אַ בוך פון דער העכסטער עטהישער בעדייטונג, געמישט מיט אַלערליי ווילדע און משונה'דיגע אַבערגלויבענס.

דער מאָטיוו איז ביי ביידע מחברים געווען דער זעלבער, ביידע האָבען פּראָטעסטירט געגען דער זעלבער זאַך במעט מיט דיא זעלבינע ווערטער: „און ניט ווייל איך

האלט זיך פאר'ן גרעסטען חכם פון מיין דור, ווארום איך בין קליין אין מעשים און אין תורה. עס זיינען פאראנען גרעסערע לומדים און צדיקים פאר מיר, נאר פון זייער צופיעל חכמה זיינען זיי זיך מפלפל אין תלמוד אהן אן ענד", ערקלעהרט ר' יהודה החסיד אין דעם „ספר חסידים".

און פונקט וויא רבינו בחיי איז בעאיינפלוסט געווארען פון דיא אראביש-מאהאמעדאנישע מיסטיקער, אזוי איז ר' יהודה החסיד בעאיינפלוסט געווארען פון דיא דייטשע קריסטליכע מיסטיקער. „דאס איז געווען נאך די קרייצציגע. דער קריסטליכער עולם האט זיך געפיהלט ענטטוישט און פערבּיטערט. די קרייצציגע האבען געלאזען הינטער זיך ארימקייט און קראנקהייטען, קריעג צווישען דער קירכע און דעם שטאאט, א שנאה געגען דיא גייסטליכע, וואס האבען זיך אויפגעפיהרט זעהר מיאוס. דיא בעסערע עלעמענטען, דיא עדעלערע מענשען, זיינען געבליעבען אונצופריעדען מיט דער אפיציעלער רעליגיאן און האבען זיך אריינגעלאזען אין אלערליי פאנטאסטישע חלומות, האבען זיך בעשאפען אייגענע וועלטען, ריין פון שמוץ און פון שלעכטס. זיי האבען זיך געזוכט צו בעהעפטען מיט דיא אויבערשטע וועלטען. אם שטארקסטען איז דיא דאזיגע בעוועגונג געווען אין דיא רהיינישע פראווינצען און אין בייערן. וואו ר' יהודה החסיד האט געוואוינט (גיעדעמאן).

ריידענדיג וועגען דער ענגער פערוואנדשאפט, וואס האט עקזיסטירט צווישען דעם קריסטליכען און דעם אידישען מיסטיציזם פון דייטשלאנד אין דעם דרייצעהנטען יאהר-הונדערט, בעמערקט גיעדעמאן: „קיינמאל זיינען דיא דאזיגע ביידע רעליגיאנען ניט געשטאנען אזוי נאהענט איינע צו דיא אנדערע אין זייער גייסט וויא אין יענעם יאהר-הונדערט, כאטש דיא שנאה צווישען זיי איז דאמאלס געווען אם שטארקסטען און אין לעבען זיינען זיי געווען אם וויטסטען איינע פון דער אנדערער.

פון דיא קריסטליכע מיסטיקער האָבען אויך די אידישע זיך אויסגעלערענט צו פערגלייכען דיא בעציהונגען צווישען גאָט און דעם מענשען צו דיא בעציהונגען פון א געליעבטען און א געליעבטער. ביי דיא קריסטליכע מיסטיקער זיינען געווען פיעלע, הויפּטזעכליך צווישען דיא פרויען, וועלכע פלעגען בעטראַכטען י ע ז ו ס ע ן אלס זייער געטליכען חתן ניט בלויז אין גייסט נאָר טאַקע אין פלייש. זיי פלעגען אַזוי לאַנג זיך פערטיעפען אין זייערע ליעבעס-פאַנטאַזיען מיט יעזוס'ען ביז זיי פלעגען זיך אריינאַרביימען אין אַזא מין געשלעכטליכען עקסטאַז ווען זיי פלעגט זיך אויסדרוכטען. אז זיי זיינען געקומען מיט איהם אין נאָהענטער ק ע ר־פּ ע ר ל י כ ע ר בעריהרונג. ביי דיא אידישע מיסטיקער פון דער זעלבער צייט און אין דיא זעלבע לענדער איז עס אמת ניט געגאַנגען אַזוי וויימ, ווייל זיי האָבען ניט געהאַט קיין יעזוס'ען און אויך ניט קיין הייליגע יונגפרוי, אָבער אין גאַנצען ריין דערפון זיינען זיי ניט געווען. דיא ליעבע צו גאָט ווערט אויך ביי זיי, ביי דיא אידישע מיסטיקער, ניט זעלטען פערגליכען צו די ליעבע צו א פרוי, און גאַנץ אָפט אין ניט קיין איבריגס דעליקאַטע אויסדריקע און וואָרט־בילדער *).

די קרייצציגע האָבען אין גאַנצען צוטרייסעלט דעם גע־זעלשאַפטליכען בנין פון יענער צייט. בערך זיעבען מיליאָן נפשות זיינען אומגעקומען דורך די מלחמות, און דורך די קראַנקהייטען און הונגער וואָס זיי האָבען געבראַכט מיט זיך. גאַנצע שטעדט און פּראָווינצען זיינען חרוב געוואָרען, בלייבענדיג כמעט אָהן א בעפעלקערונג. דאָס האָט זיך אויך אָפּגערופען אויף דעם גייסטיגען צושטאַנד פון די מענשען. די מענשען האָבען פערלאָרען דעם גלייכגעוויכט פון זייער שכל, און עס האָבען אָנגעפאַנגען אויסצוברעכען גייסטיגע עפּידע־

*) ואותה השמחה כך עזה ומתגברת על לבבו. שאפילו בחור שהיה ימים רבים שלא בא לאשתו ויש לו תאוה מרובה ובשעה שזרעו יורה כחץ, זהו כאין נגד תגבורת תוקף שמחת אהבת ה'". (ספר חסידים).

מיען, וועלכע זיינען געוועזן אזוי אַנשטעקענד וויא אנדערע עפידעמישע קראַנקהייטען. מענשען פּלעגען ארומגעהן איבער די גאסען טאַנצען אין הייליגע התלהבות ביז וואנען זיי פלעגען פאלען אין אזא מין נכפה־צושטאַנד, וואס איז בעקאַנט אין דער מעדיצין אונטער דעם נאָמען „גרויס־היסטעריע". פּלעגען דאַן זעהן „זעהונגען", ריידען מיט מלאכים און זאָגען נביאות. און דיא דאָזיגע „הייליגע טענצער" פּלעגען וואנדרעווען פון שטאָדט צו שטאָדט און אויף אזא אופן פארשלעפּען די קראַנקהייט: די שוואַכזיניגע און די צאַרטע, די עפּילעפּטיקער און דיא היסטעריקער פלעגען זיך אויף זיי פערקוקען און זיי נאָכטהאָן. אויך צווישען די אידען האָבען זיך בעוויזען אזעלכע מינים „נביאים" און משוגעים, וועלכע פלעגען אריינפאלען אין דער נכפה, זעהען מלאכים און זאָגען נביאות. א אידישער פרומאק פון דעם דרייצעהנטען יאָהר־הונדערט, ר' משה תקו, בייזערט זיך אויף יענע „אפּיקורסים". „וואס ווילען זיך מאַכען פאר נביאים, רופען אויס די הייליגע נעמען, ביז די נשמה ווערט צושראָקען און דער גוף פאלט א פערמאַטערטער". ער ערקלעהרט ווייטער: ביי זיי ווערט דאַן די נשמה דער עיקר און זיי קענען זעהן אלץ פאראויס, ביז אין א ווייל ארום געהט פון זיי אוועק דער כוח פון דעם הייליגען שם, וואס זיי האָבען ארויסגערופען און זיי בלייבען צומישט" (ציטירט לויט גידעמאַן) ר' משה תקו, וועלכער איז אליין געוועזן ניט פיעל בעסער פון זיי, האָט ניט פערשטאַנען, אז דאָס איז אזא מין נערווען־קראַנקהייט.

אויך בנוגע די אלערליי מינים ארבערגלויבען, וויא דער גלויבען אין כשוף, שדים, רוחות, מזיקים, דבוקים, אין גוטע און שלעכטע מלאכים, אין פערשיעדענע סגולות און קמיעות, זיינען דיא אידען שטארק בעאיינפלוסט געוואָרען פון זייערע קריסטליכע שכנים. דאָס מיינט ניט צו זאָגען, אז דיא אידען האבען דערפון פריהער אין גאנצען ניט געוואוסט. דער גלויבען אין שדים, רוחות, מזיקים און מלאכים געפינט זיך נאָך אין תלמוד, און האָט זיך געפונען ביי אלע פעלקער אין אלע צייטען און אין אלע לענדער. אָבער די לעהרען וועגען שדים

און מלאכים וואָס געפינען זיך אין תלמוד זיינען גאַר נישט מיט גאַר נישט לגבי דיא משונה'דיגע לעהרען וועגען דיא דאָזיגע ענינים, וואָס מען געפינט אין דיא ספרים פון די אידיש־דייטשע מיסטיקער פון מיטעל־אלטער. דאָקטאָר ג י ד ע־מ א ן בעווייזט, אז דאָס רוב פון דיא נעמען פון דיא שדים און דיא ניט־גוטע, וואָס מען געפינט אין יענע ספרים זיינען גענומען פון לאַטייניש, דייטש און פראַנצויזיש. דאָס איז דער בעסטער בעווייז, אז א גרויסער טהייל פון די דאָזיגע אבער־גלויבענס און נארישע אמונות האָבען די אידען גענומען פון זייערע קריסטליכע שכנים. דאָקטאָר גידעמאַן ברייגנט אַן אינ־טערעסאַנטען פאַל פון א אידישער קמיע, וואָס איז געפונען געוואָרען אין מ י נ כ ע ן, וואו די „השבעה" (בעשווערונג) איז געמאַכט געוואָרען אין דעם נאָמען פון „אלאהי צעבאָאָת". דער אידישער פלאַגיאַטאָר פון דער קריסטליכער קמיע האָט ניט געוואוסט, אז „אלאהי צעבאָאָת" מיינט פשוט דער העב־רעאישער „אלהי צבאות", און ער האָט געמיינט, אז דאָס זיינען נעמען פון הייליגע מלאכים. גאַנץ אָפט האָט פּאַסירט, אז דיא קריסטען האָבען פריהער גענומען פון די אידען, געמאַכט „פערבעסערונגען" און הוספות אויף זייער שטייגער, און דיא אידען האָבען דערנאָך אַ־בערגענומען די כשרע מציאות פון דיא קריסטען. עס איז געווען א געגענזייטיגער אויסטויש פון אבערגלויבענס.

דאָס ערגסטע דערביי איז געווען, וואָס די אידישע מיס־טיקער — אין דעם ווידער זיינען דיא אידען ניט געווען קיין אויסנאַהמע — האָבען געזוכט זייערע אבערגלויבענס און נאַרישקייטען צו צוטשעפּען און אריינצוטייטשען אין דיא פּסוקים פון דער תורה, פּונקט ווי דאָס האָבען געטהאַן דיא אי־דישע פילאָזאָפען פון זייער זייט. ביידע, סאי דיא מיסטיקער און סאי דיא פילאָזאָפען, האָבען זיך ניט בענוגענט מיט דעם פּראָסטען זינן פון דיא ווערטער, דאָס איז געווען פאַר זיי ווע־ניג. זיי ביידע האָבען דאַרטען געזוכט אריינצוקוועטשען דורך אלערליי מיטלען זייערע אייגענע געדאַנקען און מיינונגען, — דיא ערשטע זייערע „נאַרישקייטען" און דיא לעצטע זייערע

כלומרשדיגע „חכמות“. ביידע האבען געגלויבט, אדער האבען זיך געמאכט גלויבענדיג, אז די תורה האט אין „איננערען זינן“, א פערבארגענע כונה; ביידע האבען געברויכט מעהר אדער ווייניגער די זעלבע מעטהאדען, כאטש זיי זיינען געקומען צו אנדערע אויספיהרונגען. און ביידע זיינען בעגאנגען די זעלבע עולה געגען דעם אמת'ען זינן פון פסוק, אויב ניט דעם זעלבען פערברעכען געגען דעם געזונדען מענשליכען פערשטאנד. דאס בעווייזט נאך אמאל, אויב אזא בעווייז איז נויטהיג, וואס פאר א קליינע בעדייטונג דער טוידטער „געשריעבענער ווארט“ האט ווען ער קומט אין צוזאמענשטויס מיט דיא מיינונגען און נייגונגען פון דעם לעבעדיגען מענשען. דער מענש געפינט שוין לייכט א וועג, וויא אויסצודריידלען און אויס'צופשט'לען דעם „געשריעבענעם ווארט“ אזוי וויא איהם ווילט זיך.

דורך דעם אבער וואס דיא אידישע מיסטיקער האבען די דאזיגע אלע נארישקייטען, אין וועלכען זיי האבען עהרליך און אויפריכטיג געגלויבט, געזוכט ארייגצוקוועטשען אין דעם מיין פון די פסוקים, דורך דעם זיינען זיי בעגאנגען א גרויסען פערברעך געגען דעם גאנצען אידישען פאלק. זיי איז דורך דעם געלונגען, פאר א לאנגע צייט ווענינגסטענס, ארויפצושטעמפלען אויף די דאזיגע נארישקייטען די חתימה פון הייליגקייט און אמת. פאר דיא גרויסע מאסען פון פאלק זיינען דיא דאזיגע ווילדקייטען באמת געווארען א מין צווייטע תורת משה, אין וואס מען מוז גלויבען. און דאס האט געפיהרט דערצו, וואס די קריסטען האבען שפעטער בעשולדיגט די אי־דען אין כשוף און אין אבערגלויבען, גאר פערגעסענדיג אז דאס זיינען געווען אריגינעל קריסטליכע פראדוקטען, וועלכע דיא אידען האבען פון זיי איינגעהאנדעלט.

* * *

ר' יהודה בר שמואל החסיד פון רע־גענסבורג קען בעטראכט ווערען אלס דער פאטער און גרינדער פון דער דאזיגער מיסטישער ריכטונג אין דייטש־לאנד. אין געוויסע הינזיכטען טראגט ער א שטארקע עהנליכ־

זייט צום בעש"ט, דער גרינדער פון דעם מאָדערנעם „חסידיזם". כאָטש ר' יהודה החסיד שיינט געווען צו זיין אַ גרעסערער למדן ווי דער לעצטער און אויך אַ פיעל גרעסערער פּאָעט. פון אַ צאַרטער און טיעף־פּאָעטישער נאַטור האָט ער זיך ניט געקענט בעפריעדיגען מיט דעם שטודיום פון דיא טרוקענע תלמודישע הלכות און די פּלפּולים. זיין נשמה האָט געבייינקט נאָך עטוואָס אַנדערס וויא פּלפּול, נאָך עטוואָס העכערעס. איהם האָט זיך געגלוסט צו בעהעפטען מיט דעם בורא, צו ווערען איינס מיט זיין שעפּפער. ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז מיט'ן „לערנען" אַליין קען ער דאָס ניט ערקייכען. דאָס וואָס ער האָט ניט געקענט דערגרייכען דורך „תורה", האָט ער געהאָפּט צו דערגרייכען דורך „עבודה", דורך תפלות און גוטע מעשים. ביי איהם איז דאָרום „עבודה" געשטאַנען אויף אַ פיעל העכערע מדרגה ווי דאָס לערנען פון תורה.

ר' יהודה החסיד איז אין גאַנצען עפּעס ווי אַ מין סוד. פון זיין לעבען ווייסען מיר כמעט גאָר נישט. אפילו ניט ווען ער איז געבאָרען געוואָרען. מיר ווייסען בלויז, אַז ער איז געשטאָרבען אין יאָהר 1217. ער האָט אַבגעשטאַמט פון אַ גרויסע פאַמיליע פון לומדים און צדיקים. זיין פאָטער איז אויך געווען אַ מיסטיק און מען פלעגט איהם רופען „דער חסיד", דער „הייליגער" און דער „נביא". זיין רבי אין תלמוד איז געווען ר' יצחק ב"ר שמואל, אַ תלמיד פון דעם רבינו תם.

אַרום זיין לעבען האָבען זיך אויסגעבילדעט אַ סך לעגענדען. ביז אַכטצעהן יאָהר זאָל ער געווען זיין אַ פּראָסטער בחור, וואָס האָט אפילו ניט געקענט דאַוונען. פּלוצלונג איז ער געוואָרען אַ בעל תשובה און אַ גרויסער צדיק. ער האָט אָנגעפאַנגען צו טהאָן ניסים און בעווייזען גרויסע מופתים. אליהו הנביא איז מיט איהם געוואָרען אַ גאַנצער מחותן, און איין מאָל האָט ער ביי איהם פערבראַכט ביים סדר.

ר' יהודה החסיד איז געווען איינער פון די גרעסטע און בעסטע רעליגיעזע פּאָעטען, וואָס די אידען פון פראַנקרייך און דייטשלאַנד האָבען פון זיך אַרויסגעגעבען. עס זיינען פון איהם

געבליעבען אייניגע פיוטים און תפילות, וועלכע קענען זיך רעד־
בענען צווישען די בעסטע. עס איז די מיינונג פון מאנכע פאר־
שער, אז ער איז אויך דער מחבר פון דעם בעריהמטען „שיר
היחוד" און „שיר הכבוד". אין דעם לעצטען ליעד געפינען זיך
אייניגע פערזען וואס דריקען אויס די גאנצע צארטקייט און
טיעפקייט פון זיין בייגקענדע נשמה:

נפשי חמדה בצל ידיך,
לדעת כל רז סודיך.
מדי דברי בכבודך,
הומה לבי אל דודיך.

(מיין הארץ גלוסט צו זיין אין דעם שאטען פון דיינע
הענד, אום צו וויסען אלע דיינע פערבארגענע סודות, ווען איך
רייד פון דיין כבוד, ברויזט מיין הארץ צו דיין ליעבע).

אספרה כבודך ולא ראיתיך
אדמך אכנך ולא ידעתיך.

(איך דערצעהל דיין כבוד און איך האב דיר ניט געזעהן; איך
פערגלייך דיר, איך גען דיר און איך וויים דיר ניט).

המשילוך ברוב חזיונות,
הנך אחד בכל דמיונות.

(מען האט דיר פערגליכען מיט פיעלע פערגלייכונגען, דו
בלייבסט אבער אימער דער איינער).

ביין ענדע פון צוועלפטען יאהר־הונדערט האט זיך ר'
יהודה החסיד בעזעצט אין רעגענסבורג, וואו ער האט עטוואס
שפעטער געעפענט א ישיבה. פון זיינע בעריהמטעסטע
תלמידים זיינען ר' אלעזר פון וואָרמס, א תלמודיסט,
מיסטיק און מקובל, דער מחבר פון דעם „רוקח"; ר' יצחק בן
משה פון וויען, דער מחבר פון דעם „אור זרוע" און ר'
ברוך בן שמואל פון מאינץ, דער מחבר פון „ספר
החכמה". זיי אלע, יעדער אויף זיין דרך, האבען פארטגעזעצט
די ארבייט פון זייער רבי'ן און האבען אויסגעאיבט א געוואל־
דיגען איינפלוס אויף די דייטשע אידען פון די שפעטערע
יאהר־הונדערטע, און דורך דעם אויך אויף די אידען פון דיא

סלאווישע לענדער, ווי פּוילען, בעהמען און רוסלאנד. זייער איינפלוס איז אפשר ניט אימער און ניט אין אלע הינזיכטען געווען א ווינשענסווערטהער, אָבער ער קען ניט אָפּגעלייקענט אָדער פערשוויגען ווערען.

ר' יהודה החסיד איז דער מחבר פון פערשיעדענע ספרים, אָבער זיי זיינען על פי רוב פערלאָרען געגאנגען. מען ווייס פון זיי בלויז דורך די ציטאטען וואָס זיינע תלמידים און נאָכפאָלגער האָבען פון זיי געבראכט. איינער פון די דאָזיגע ספרים איז דער „ספר הכבוד", א מיסטיש־קאבאליסטישער ספר. פון די ווייניגע ציטאַטען וואָס ווערען פון דעם דאָזיגען ספר געבראכט קען מען זיך מאכען א פארשטעלונג פון ר' יהודה החסיד'ס בעגריעף פון גאָט. גאָט אליין איז אונבעגרייפליך, ניט די מלאכים און ניט די מענשען קענען איהם זעהן. ווען ער דאַרף זיך ענטפּלעקען פאר דער בעשאפענער וועלט, פאר דיא מלאכים פונקט אזוי וויא פאר דיא מענשען, ערשיינט דיא „געטליכע עהרע", וועלכע איז בלויז א מין אפּשטראהלונג פון גאָט אליין.

זיין בעקאנטעסטער און וויכטיגסטער ספר איז דער „ספר חסידים", אָבער אויך ער איז ניט אין גאנצען זיינער. עס זיינען אין איהם אריינגעקומען שטיקער פון שפּעטערע שרייבער.

* * *

„עס זיינען פאַראַן ביכער, וואָס זייער בעדייטונג און וויכטיגקייט ליעגט ניט אין זייער אינהאַלט, נור אין דער צייט ווען זיי זיינען געשריבען געוואָרען. אנדערע ספרים מיט דעם זעלבען אָדער עהנליכען אינהאַלט ליגען פערוואָרפען צווישען „שמות" און קיינער אינטערעסירט זיך מיט זיי ניט, וועהרענד דיא ערשטע פער'כשוף'ען אונז מיט זייער אינטערעסאנטקייט. מיר קענען זיך פון זיי ניט אָפּרייסען ביז מיר לייענען דורך אלץ וואָס דאַרטען געפינט זיך. זייערע חסרונות גופא זיינען מעלות, און זייערע פעהלערען זיינען ניט ווייניגער אינטערעסאנט. די דאָזיגע ביכער גיבען אונז מעהר וויפיעל זייערע מחברים האָבען אונז געוואָלט געבען. זיי זיינען ווי לע־

בעדיגע עדות אויף דעם גייסטיגען צושטאַנד פון פאָלק אין אַ בעשטימטער עפּאָכע; זיי שפּיעגלען אין זיך אָפּ דעם לעבען פון גאַנצע דורות. צו די ביכער פון דעם דאָזיגען מין בעלאַנגט דער „ספר חסידים". ווי די חורבות פון אַלטע טעמפּלען, וואָס זאָגען עדות אויף דעם אַמאָליגען גלאַנץ און דעם איצטיגען חורבן פון דעם בנין, אַזוי זאָגט דער „ספר חסידים" עדות אויף דעם חורבן פון דעם יודענטהום אין דעם דרייצעהנטען יאָהרהונדערט. ערהאַבענעס און נידריגעס, שעהנעס און מיאוס'עס, קלוגעס און נאַרישעס ליגען דאָרטען צוזאַמענגעוואָרפען און אויסגעמישט; בריליאַנטען צווישען שערבלאַך, גאָלד צווישען זאַמד, דופטענדע בלומען שפּראָצען אַרויס פון אַ פערשימעלטען געמייזעכץ" (דאָקטאָר גידעמאַן).

עס זיינען דאָ ווייניג ספרים אין דער גרויסער אידישער ליטעראַטור פון מיטעל־אַלטער, וואָס זאָלען האָבען אַזאַ גרויסען ווערטה פאַר דעם קולטור־היסטאָריקער וויא דער „ספר חסידים". אין איהם מעהר ווי אין אירגענד וועלכען אַנדערען ספר זעהט מען אַרויס שאַרף און בולט דעם דאַמאַלסדיגען אידישען לעבען אין צפון־פראַנקרייך, דייטשלאַנד און אין מאַנכע סלאַווישע לענדער. מען זעהט דעם דאָזיגען לעבען מיט אַלע זיינע מעלות און אַלע זיינע חסרונות, מיט גאָר זיין ליכט און מיט גאָר זיין שאָטען. מען זעהט דאָרטען דעם אידען פון זיין וויגעלע ביז'ן קבר, מיט אַלע זיינע מנהגים, גוטע און שלעכטע, מיט אַלע זיינע האָפנונגען, מיט אַלע זיינע גלויבענס און אַבערגלויבענס. איהר זעהט איהם, דעם אידען, אין זיינע בעציהונגען צו זיין גאָט. איהר זעהט איהם אין זיינע קינדערשע יאָהרען, אין זיין ערציהונג; איהר זעהט איהם אין זיין פאַמיליען לעבען; איהר זעהט איהם אין זיינע פּרנסות, אין זיינע דאגות וועגען חיונה, אין זיין וואַרטען, אין זיין האָפען און זיין דולדען. איהר זעהט אין איהם ענדליך דעם גרויסען און קלוגען דולדער, וועלכער האָט ניט אומזיסט געליטען יאָהרהונדערטע פון צרות און רדיפות. ער האָט עטוואָס געלערענט פון זיינע צרות, ער האָט געלערענט לעבענסווייזהייט און פאָרזיכטיגקייט. איהר געפינט אין „ספר

חסידים" קורצע משלי־מוסר, וועלכע איבערראשען אייך מיט זייער קלוגשאפט, מיט זייער פּראַקטישקייט און מיט זייער טיעפען אריינקוקען אין דער מענשליכער נאטור. איהר גע־פינט, אז דער מחבר פון דעם „ספר חסידים" איז געווען ניט בלויז אן אידעאַליסט און טרוימער, נאר אויך אַ מענש, וואס האט געלערענט פון דער לעבענס־ערפאהרונג — אז אמת'ער קינד פון זיין פאָלק.

און אין די אַלע לעהרען און עצות וואס דער „ספר חסידים" גיט, הערט זיך איין מאטיוו, וואס שטייגט אריבער די אַלע אנדערע: אן אונבעגרענעצטע ליעבע און רחמנות צו אַלע וואָס לעבט. ניט בלויז דארף מען ליעבען און רחמנות האָבען אויף דעם אייגענעם אידישען ברודער, נאר אויך אויפ'ן פרעמ־דען, אויפ'ן נים־אידען, און ניט בלויז אויף דעם מענשען, נור אויך אויף די בהמות און חיות, אויף די שטומע בעשעפעני־סען. און די דאָזיגע אַלע הויכע מאָראַלע לעהרען ווערען אַזוי ווי פערצווייגען מיט א שלייער פון אַלערליי אַבערגלויבענס.

ר' יהודה החסיד איז ניט קיין היסטאָריקער. ער בע־שרייבט ניט און דערצעהלט ניט פון די רדיפות און די פייני־גונגען, וואס דאָס אידישע פאָלק האט געהאט אויסצושטעהן אין זיין צייט אין יענע לענדער; ער איז אויך ניט קיין מקונן. ער בעקלאָגט ניט די אידישע ליידען. אָבער דאָ און דאָרטען זאגט ער א ווארט אדער דערצעהלט א מעשה'לע, וועלכע ענט־פלעקט פאַר אייערע אויגען דעם גאנצען שוידערליכען אפּ־גרונד אין וועלכען דאָס אידישע פאָלק האט זיך דאמאלס גע־פונען:

„וואָס זייערע מיילער ריידען פאַלש און זייערע שבועות זיינען ליגען. אמאָל האט מען גוזר געווען אויף די אידען, אז זיי זאָלען זיך אויס'שמד'ען, צו פערלייקענען דעם אידישען גאָט און אננעהמען די אמונה פון די פרעמדע. האָבען זיך די אידען געאיילט צו אנטלויפען פון זייערע פלעצער. האָבען זיך געפונען פריצים, וואָס האָבען זיך ארויסגעשטעלט פאַר גוטע פריינד און האבען די אידען איינגעלאַדען צו זיך. און ווען די אידען זיינען אהין געקומען, האָט מען זיי אויסגע־

הרג'עט". דאס איז אן איינפאכע מעשה'לע, וועלכע רעדט אבער מעהר ווי גאנצע בענדער. דאס וואונדערבארסטע דער־ביי איז, וואס ר' יהודה החסיד שילט ניט און פלוכט ניט. ער ווערט בלויז עמפערט פון דעם עטהישען פערברעכען, וואס די דאזיגע פריצים זיינען בעגאנגען און האבען ניט געהאלטען זייער ווארט און זייער שבועה.

„אויב די שונאים האבען געזאגט, גיט אונז איינעם פון אייך און מיר וועלען איהם טויטען, ווען ניט וועלען מיר אייך אלעמען טויטען, זאלען זיי זיך בעסער אלע לאזען טויטען און ניט איבערענטפערען קיין אידישען נפש".

„א אידישע פרוי וואס געהט אין וועג, וואו עס געפינען זיך פרעמדע און זי האט מורא, אז מען וועט איהר פערגוואל־טיגען, מעג זי זיך פערקליידען אין די קליידער פון א מאנע".

פון אזעלכע און עהנליכע שטעלען אין דעם „ספר חסידים" קען מען זיך מאכען א בעגריף וועגען דער שווידערליכער לאגע פון דיא אידען, וועלכע זיינען דאמאלס ניט געווען זיכער מיט זייער לעבען און ניט מיט זייער עהרע. מען וואלט געקענט ערווארטען, אז ביי דעם מחבר פון דעם „ספר חסידים" זאל זיך ערוועקען א געפיהל פון שנאה און נקמה. דאס וואלט געווען ניט מעהר ווי נאטירליך, אבער ר' יהודה החסיד איז אין גאנצען פריי פון דעם. זיינע לעהרען וועגען פרעמדע זיינען דורכגעזאפט מיט א געפיהל פון ליעבע און מענשען־פריינדליכקייט:

„ווען א מענש רעדט וועגען דעם שבח פון צדיקים, סאי אידישע און סאי ניט־אידישע, דארף ער זאגען „צום גוטען זאל ער דערמאהנט ווערען".

„א מענש זאל ניט טהאן קיין עולה צו א „גברי". אזעלכע זאכען מאכען דעם מענשען פאר אן ארימאן און ער האט ניט קיין הצלחה אין זיין רייכקייט".

„אזוי וויא דו מוזט זיך אויפפיהרען עהרליך מיט א אידען, אזוי זאלסטו זיך אויך אויפפיהרען עהרליך מיט א פרעמדען. און אויב דער פרעמדער האט א טעות געהאט, זאלסטו איהם צוריקקעהרען. אויב א מענש איז אן ארימאן,

זאָל ער בעסער אַנקומען צו לייטען און ניט פערבאַפּען קיין גויעשקע געלדער, וואָרים דאָס איז א חלול השם, מען וועט זאָגען, אז אידען זיינען גנבים און שווינדלער".

„גאָט נעהמט זיך אן דיא קריוודע פון דיא בערויבטע, סאי פון א אידען, סאי פון א ניט־אידען. דעריבער טאָהר מען ניט גנב'ענען אפילו פון א ניט־אידען".

„א איד און א „נכרי" וואָס זיינען צוזאַמען, און דער „נכרי" דערצעהלט איהם, אז ער וויל געהן דאָרטען און דאָר־טען, וואו עס געפינען זיך אידען און ער האָט מורא, אז זיי וועלען איהם בעשווינדלען, דאַרף איהם דער איד זאָגען, ווער עס איז ערליך און ווער ניט".

דער אסימילירטער איד שאול פון טארסוס, דער „הייליגער פּאָול", וויצעלט זיך איין זיינע עפּיסטלען וועגען דעם פּסוק „דו זאָלסט ניט פערשליסען דעם מויל פון אָקס, ווען ער דרעשט". ער פרעגט: צו רעדט דען דיא תורה וועגען אָקסען? עס ליגט זיך איהם ניט אויפ'ן שכל, אז דיא תורה זאָל לייגען רחמנות אויף אָקסען. ער זוכט דאָרטען אריינצוגעבען אן אנדער כונה אין דעם דאָזיגען פּסוק. וויא אונפערגלייכבאר העכער שטעהט איבער איהם דער מיטעל־אַלטערליכער אידישער חסיד פון רעגענסבורג:

„ווען איינער פערשאַפט א בהמה אומזיסטען צער דער־מיט וואָס ער בעלאָדעט איהר מיט א צו שווערער משא און זיא קען ניט געהן און ער שלאָגט איהר, וועט ער מוזען אָפּ־געבען אויף דעם דין וחשבון, וואָרים „צער בעלי חיים" איז פון דער תורה".

„א מענש דאַרף ניט זיין אונדאַנקבאר אפילו נעגען א חיה, אזוי ווי איז פּסוק שטעהט: די פערצוקטע איין פעלד זאָלסטו ניט עסען, צום הונד זאָלסטו איהר געבען. דער הונד האָט געהאָלפען פערטרייבען דעם וואָלף אין וואַלד און ער האָט פאַר דיר געראַטעט די חלב און די פעל. דעריבער קומט איהם דאָס פלייש."

„דער צדיק וויים די זעלע פון זיין בהמה. דאָס מיינט

ער זאָל מיט איהר ניט ארבייטען, ווען זי איז קראַנק אָדער ווען זי דאַרף געלעגען ווערען."

„אויב א הונד וואס בייסט ניט איז אריין אין הויז און דער איד וויל איהם ארויסטרייבען, זאָל ער איהם ארויסטריי־בען מיט א קליינע ריטעל. ער טאָר איהם ניט אפגיסען מיט הייסע וואסער, שלאָגען מיט א גראָבען שטעקען, פערקוועטשען איהם מיט דער טיהר, אָדער איהם בלינד מאַכען."

„גאָט וועט זיך אננעהמען דעם צער פון די פערד, וועלכע די רייטער שלאָגען מיט זייערע ספּאָרען."

„עס זיינען פאראַן זאַכען, וואס מען מיינט, אז עס איז ניט קיין זינד, אָבער דאָס איז יע א זינד, ווי, צום ביישפּיעל, צו מאַכען די חיות אנדערש ווי זיי זיינען בעשאַפען געוואָרען. דער „השם יתברך" האָט בעשאַפען אַלעמען ווי זיי דאַרפען זיין, ווי עס איז בעסער פאַר זיי.... ער האָט פאַר יעדע חיה בעשאַפען איהרע בעדירפניסע און איהר בעשיצונג. ער האָט בעשאַפען די בהמה מיט הערנער, כדי זי זאָל זיך קענען שי־צען פון די חיות און כדי זי זאָל זיך קענען קראַצען מיט זיי און פערטרייבען די פליגען מיט די ווערים וואס בייסען איהר. ער האָט בעשאַפען דעם אָקס א לאַנגען עק, כדי ער זאָל קענען פערטרייבען די פליגען, וואו די הערנער קענען ניט דערגרייכען. דער מענש, די אַפּע און דער בער האָבען הענד, דאַרפען זיי ניט קיין עקען. ווען א מענש שניידט אָפּ דעם עק פון א בהמה און ער מיינט, אז ער האָט איהר ניט פערשאַפט קיין צער, האָט ער איהר אין דער אמת'ען יע פערשאַפט צער, **ווייל זי וועט מעהר ניט קענען אוועקטרייבען די פליגען פון זיך.**"

עס פערשטעהט זיך, אז ר' יהודה החסיד לייגט פיעל גע־וויכט אויף די בעציהונגען צווישען מענש און גאָט:

„מען דאַרף ליעב האָבען גאָט מיט אזא שטאַרקער ליע־בע, אז מען זאָל אזוי ווי קראַנק זיין פון דער ליעבע. אזוי ווי א מענש, וואס ווערט קראַנק פון דער ליעבע צו א פרוי, ווענען וועלכע ער טראַכט שטענדיג ביי זיין זיצען, זיין שטעהן, זיין געהן, זיין קומען, אפילו ביי זיין עסען און טרינקען. ער קען

נים שלאָפען פון ליעבע צו איהר. פיעל מעהר און פיעל שטארקער דארף זיין די ליעבע צו גאָט... און ווי קען א מענש ליעב האבען גאָט, סיידען ווען ער וויים איהם? דערפאר דארף א מענש פערשטעהן און לערנען די חכמות און די וויסענשאפ־טען, וואס פיהרען צו א פערשטענדניס פון גאָט, יעדער נאך זיינע כוחות. און אז א מענש טראכט זיך אריין אין די גרויסע און אין די וואונדערבארע מעשים פון גאָט ברוך הוא, צו וועלכע עס איז ניטא קיין שיעור און קיין ענדע, ווערט ער אנגעפילט מיט א ליעבשאפט און מיט א גרוים געלוסט צו ווי־סען דעם גרויסען, געעהרטען און געפירכטעטען נאמען."

"דער עיקר פון דער תפלה איז, אז זי זאל זיין מיט שמחה, און דערפאר פלעגט דוד המלך שפיעלען אויף זיין פיעדעל ביי זיינע תפילות און מזמורים."

"א מענש דארף מתפלל זיין אין די שפראך וואס ער פער־שטעהט, ווארום דער עיקר אין זיין כונה און אויב ער פער־שטעהט ניט וואס ער זאגט ארוים פון זיין מויל, וואס פאר א כונה קען זיין?"

"מען טאר ניט שמועסען אדער לצ'עווען אין שוהל, ווען מיר שטעהען פאר אונזער מלך, דער הארר פון דער וועלט, זיין נאמען זאל געבענשט זיין. וועה איז צו די רשעים, וועלכע טרייבען דארטען קאטאוועס."

וויכטיג ווי עס זיינען די בעציהונגען צווישען מענש און גאָט, זיינען אבער די בעציהונגען צווישען מענש און מענש נאך וויכטיגער.

"תשובה און יום כפור פערגעבען בלויז די זינד צווישען מענשען און זיין שעפּפער, ווי צום ביישפּיעל, ווען איינער עסט טרפות אדער זינדיגט מיט א פרוי און דערגלייכען. די עברות צווישען מענשען און מענשען, ווי וועה טהאָן איינעם, שילטען אדער בערויבען, ווערען קיינמאָל ניט פערגעבען. אפילו אז ער האט אומגעקעהרט דאס געלד וואס עס קומט איהם, דארף ער איהם איבערבעטען. וויל ער איהם ניט מוחל זיין, דארף ער ברענגען מענשען און זיי זאלען פאר איהם בעט־טען מחילה. וויל ער אלץ ניט, איז דער וואס איז ניט מוחל

א זינדיגער ווארום א מענש דארף ניט זיין קיין אכזר און דארף זיין לייכט צו פערגעבען."

„אויב איינער וועט דיר פרעגען: איך האב געלד, זאל איך עס געבען צו א סופר צו שרייבען א ספר תורה אדער צו ארעמע לייט וואס האבען קיין בגד ניט, ענטפער איהם: ישעיה האט געזאגט, ווען דו זעהסט א נאקעטען, זאלסטו איהם בעקליידען."

„עס איז דא צדקה, וואס ווייזט ניט אויס ווי צדקה, און דאס איז די וואס איז אם מעהרסטען בעליעבט ביי גאט, ווי צום ביישפיעל, ווען אן ארעמאן האט צו פערקויפען א חפץ אדער א ספר, וועלכע קיינער דארף ניט, און איינער קויפט עס ביי איהם."

דער גאנצער „ספר חסידים" איז פול מיט אזעלכע און עהנליכע לעהרען. מען דארף זיין בעשיידען; מען טאר ניט ארויסווייזען די אייגענע חכמה און לומדות; מען טאר ניט פערשעהמען יענעם. מען דארף קיין זאך ניט טהאן יענעם, וואס מען וואלט זיך אליין ניט געטהאן. מען טאר ניט לייען אויף פראצענט, מען טאר ניט געבען קיין פאלשע וואג און מאס, מען טאר ניט ארומקראטצען די זילבערנע און גאלדענע מטבעות. בריינגען זיי אלע איז אונמעגליך, ווייל מען וואלט דאן געדארפט איבערזעצען דעם גאנצען בוך. דא וועלען בלויז געבראכט ווערען אייניגע פון זיינע שפריך־ווערטלער:

„דריי מענשען ווערען דערקענט אין דריי זאכען: דער בעשיידענער, ווען ער ווערט אין כעס; דער גבור אין צייט פון מלחמה, און דער פריינד אין צייט פון נויטה."

„ווען דו ווילסט זיך בעפריינדען מיט א מענשען, פרעג נאך ווער זיינען זיינע פריינד."

„היט דיין צונג מעהר ווי דיינע פיס, ווארום ווען דו ווערסט געשטרויכעלט מיט דיינע פיס, קריגסטו בלויז א וואונד וואס קען זיך אויסהיילען. אבער ווען דיין צונג שטרויכעלט דיך, קענסטו פערלירען דיין קאפ."

„אז איך רייד האב איך חרטה; ווען איך שווייג קען איך קיין חרטה ניט האבען. איידער איך האב גערעדט, בין איך

דער הערשער איבער מיין ווארט; איז דער ווארט ארויס פון מיין מויל, ווערט ער דער הערשער איבער מיר.“

„דערצעהל ניט דיין פריינד קיין שום סוד, וואס דו וואלסט נים דערצעהלען דיין שונא, ווארום טאמער וועט ער ווערען דיין שונא און וועט אויסזאגען דיין סוד.“

„ווילסטו וויסען וואס איינעם'ס בעשעפטיגונג איז, הער זיך איין ווענען וואס ער רעדט שטענדיג“.

„אויב דו האסט בעזיעגט דיין חבר פרעה זיך ניט. עס איז בעסער צו זיין א בעזיעגטער ווי א זיעגער“.

„ריהם ניט א מענשען פאר זיין שונא אין די אויגען, וויל יענער קען עס ניט פערטראגען און וועט אנפאנגען צו ריידען שלעכטס וועגען איהם“.

צוזאמען מיט די הויכע עטהישע לעהרען און די קלוגע שפריך־ווערטלעך געפינען זיך אין דעם „ספר חסידים“ זעהר פיעל ווילדע אבערגלויבענס און משונה'דיגע נארישקייטען. א גרויסער טהייל פון זיי זיינען איבערגענומען געווארען פון די קריסטליכע שכנים.

„א איד איז איינגעשלאפען אין שוהל און דער שמש האט איהם פערשלאסען. אין מיטען נאכט האט ער זיך אויפגע־כאפט און האט געזעהן די נשמות איינגעוויקעלט אין זייערע טליתים. צווישען זיי האט ער געזעהן צוויי מענשען וואס זיי־נען נאך ניט געווען טויטע. אין א קורצע צייט ארום זיינען זיי ביידע געשטארבען.“ אזעלכע מינים גלויבענס זיינען אויך געווען פערשפרייט צווישען די קריסטען וועגען זייערע קירכען.

„איינער האט אום הושענא רבה ניט געזעהן דעם שא־טען פון זיין קאפ. האבען ער און זיינע פריינד געפאסט און געגעבען פיעל צדקה. האט ער דערנאך געלעבט פיעל יאהרע, אזוי ווי אין פסוק שטעהט: צדקה רעטעט פון טוידט.*)

*) אויך ביי די קריסטען איז געווען אזא מין אבערגלויבען. ניעדער־מאן ציטירט פון ג ר י ם: „ווער עס זעהט ניט דעם שאטען פון זיין קאפ אום ווייהנאכט, דער שטארבט דעם זעלבען יאהר.“

„אויב א מענש געגעגנט אז א שד אדער א מת, וואס וויל איהם מזיק'ען, זאל ער בעהאלטען זיין גראבען פינגער אין פויסט."

די צואה פון ר' יהודה החסיד, וועלכע איז העכסט וואהר־שיינליך ניט זיינע, איז אנגעפיקעוועט מיט אלערליי דומהייטען און אבערגלויבענס: מען טאר ניט מקבר זיין צוויי מתים איינע לעבען די אנדערע, וואס זיינען זיך געווען שונאים, ווייל זיי קענען דארטען ניט איינ־רוהען. מען טאר ניט גראבען א קבר און איהם לאזען אפען איבער נאכט, ווייל איינער פון די שטאדט־לייט וועט שטארבען. אז מען טראגט ארויס דעם מת פון הויז, טאר קיינער ניט ארויסגעהן פריהער. א מענש טאר ניט חתונה האבען מיט א פרוי, וואס טראגט דעם זעלבען נאמען ווי זיין מוטער אדער זיין נאמען איז ווי איהר פאטער'ס. א הוהן וואס קרעהט ווי א האהן דארף מען קוילען."

פיעלע פון די אבערגלויבענס וואס געפינען זיך אין „ספר חסידים" ווערען נאך ביז היינטיגען טאג בעטראכט פאר „תורת משה" ביי די גרויסע מאסען פון דעם אידישען פאלק. די מאדערנע „פריידענקער" ניט אויסגעשלאסען. אזא מין „פריידענקער" וועט זיך ערלויבען צו טהאן אלערליי עברות, ער וועט זיך אפילו בעריהמען, אז ער גלויבט איבערהויפט ניט. אבער ווען א הוהן וועט קרעהען, וועט איהם דאס הארץ שרעקען און ער וועט זיך איילען איהר צו קוילענען.

## XIV

ר' אלעזר פון ווארמס — דער וויכטיגסטער תלמיד פון ר' יהודה החסיד. די מארטירער פסיכאָלאָגיע פון דעם אידישען פאָלק און די פילאָזאָפיע פון ענטזאגונג. די דייטשע און די שפּאנישע קבלה. דער „רוקח" און זיין מאָראל.

---

איינער פון די וויכטיגסטע און בעדייטענדסטע תלמידים פון ר' יהודה החסיד, וועלכער האָט פאָרטגעזעצט און ווייטער ענטוויקעלט די לעהרען פון זיין רבי'ן, איז געווען ר' אלעזר פון וואָרמס.

ר' אלעזר איז געבאָרען געוואָרען אין מאַינץ בערך אין יאָהר 1176 און איז געשטאָרבען אין וואָרמס אין יאָהר 1237. ער האָט אָפּגעשטאַמט פון דער בערי־הממטער איטאַליענישער פאמיליע קלונימוס, וועלכער קאַרל דער גרויסער האָט אריבערגעבראַכט פון לוקא, איטאַליען, קיין מאַינץ, דייטשלאַנד.

פון זיין פּערזענליכען לעבען איז אונז גאַנץ ווענינ בעקאַנט, א חוץ וואָס צוויי מערדער, וואהרשיינליך פון די קרייץ־פאָהרער באַנדען, האָבען זיך אריינגעריסען אין זיין הויז, ווען ער האָט געהאַלטען אין שרייבען א ווערק, האָבען ערמאָרדעט זיין פרוי, זיינע צוויי טעכטער און זיין זוהן. ער אַליין איז דערביי אויך פערוואונדעט געוואָרען. אזעלכע מאָרדען זיינען דאַמאָלס געווען געוואוינליכע, אלטעגליכע פּאסירונגען. דאָס אידישע לעבען נאָך מעהר ווי דאָס אידי־

שע האַב און גוטס איז געווען הפקר, און ר׳ אליעזר דער־צעהלט וועגען זיין איבערלעבונג אין א גאַנץ קאַלטען, געלאַ־סענעם טאָן, כמעט גלייכגילטיג, אָהן שום ביטערקייט און שנאה.

די דאָזיגע כמעט גלייכגילטיגע בעציהונג צו די אונענד־ליכע רדיפות און צרות איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר די אידען פון יענער צייט און יענע לענדער, און דאָס האָט זיי געגעבען כוחות פאַרטצוזעצען זייער לעבענס־קאַמפּף. אי־בערהויפּט איז עס געווען דער פאַל מיט די אידישע רעליגיע־זע פאַרשטעהער און זייערע מאָראַלע פּרעדיגער. זיי פלעגען מעהר ניט ווערען עמפּערט, זיי פלעגען מעהר ניט ווערען ענט־ריסטעט און פלעגען מעהר ניט פּראָטעסטירען. זיי האָבען זיך אזוי ווי איינגעוואוינט דערצו און האָבען קיין בעסערעס ניט ערוואַרטעט. דער מענש איז אזא מין בעשעפענים, וואָס קען זיך איינלעבען אין אלערליי אטמאָספערען און קען זיך צופּאַסען צו אלערליי אומשטענדען און צושטענדען. א מלחמה, צום ביישפּיעל, רופט ארויס א מלחמה־מאָראַל, א מלחמה־יושר און א מלחמה־פּסיכאָלאָגיע, וועלכע זיינען דורכ־אויס אנדערש און הימעל־וויוט פון דער מאָראַל, דעם יושר און דער פּסיכאָלאָגיע פון א געוואוינליכער פריעדליכער צייט. דער מענש פון מלחמה־צייט איז אנדערש אין זיין פּסיכאָ־לאָגיע, ווי דער זעלבער מענש אין פריעדענס־צייט. ער פּאַסט זיך צו און ער לעבט זיך איין אין דער גייער אטמאָספערע, גאָר ניט בעמערקענדיג ווי דאָס קומט פאָר. ער טראַכט און ער פיהלט אנדערש: זאכען וואָס וואָלטען אין איהם פריהער ארויסרופען עמפּערונג רופען אין איהם איצטער ארויס בלויז פערצווייפלונג און שפּעטער ווערט ער גאָר אין גאַנצען גלייכ־גילטיג. דער מענש קען ניט לעבען שטענדיג אין א געשפּאַנ־טען און אויפגערעגטען צושטאנד, ווייל דאָס לעבען פאָדערט פאַר זיך דאָס זייניגע.

דאָס אידישע פאָלק האָט דאמאָלס שטענדיג געלעבט ווי אין א מלחמה, איז שטענדיג געווען ארומגערינגעלט פון אלע זייטען מיט ביטערע בלוטיגע שונאים, „ווי א שעפעלע צווי־

שען זיבעציג וועלף." דאָס איז אָבער ניט געווען קיין מלחמה, וואָס האָט געדויערט אַ יאָהר, צי צוויי, צי אפילו פינף, — זי האָט געדויערט גאַנצע יאָהר־הונדערטע. דאָס איז ניט געווען קיין מלחמה, וואו ביידע צדדים האָבען מעהר אָדער ווייניגער די זעלביגע כוחות און זיי קענען ביידע האָפען אויף אַ זיעג. דאָס איז געווען אַזאַ מלחמה, וואו איין צד איז געווען אַזוי מעכטיג און שטאַרק, דער אַנדערער אַזוי קליין און שוואַך, אַז ער האָט גאָר ניט געקענט חלום'ען פון אַ זיעג. דאָס איז געווען אַן איינזייטיגע מלחמה, וואו איינער האָט בלויז געשאָכטען און דער אַנדערער האָט בלויז גע־שריען; וואו איין צד איז געווען דער מערדער און דער אַנ־דערער זיין קרבן. פון איין צד — ק י ן; פון דעם צווייטען — ה ב ל.

און פונקט ווי ביי די „קין"־פעלקער האָט זיך אויסגע־ארבייט זייער פּסיכאָלאָגיע וואָס האָט גערעכטפערטיגט רויב און מאָרד, ווענינגסטענס ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען די אידען, אַזוי האָט זיך אויך ביי דעם אידישען פאָלק אויס־געארבייט אַן אייגענאַרטיגע פּסיכאָלאָגיע, די פּסיכאָלאָגיע פון דעם שטענדיג־פערפאָלגטען און דעם שטענדיג־געפּלאָג־טען, וועלכער פּאַסט זיך צו און לעבט זיך איין אין די פער־פאָלגונגען און ער פאַנגט אָן צו גלויבען, אַז אַזוי דאַרף עס זיין, אַז די פערפאָלגונגען גופא האָבען אַ זינן, אַ תכלית און אַ ציעל. דאָס אידישע פאָלק האָט אָנגעפאַנגען צו גלויבען, אַז דורך זיינע צרות ווערט ער געלויטערט און גערייניגט, כדי ער זאָל זיין פּאַסענד פאַר די גרויסע און ליכטיגע צוקונפט וואָס איהם ערוואַרטעט. און קוים האָט ער געקראָגען דעם דאָזיגען גרויסען גלויבען, איז איהם שוין געווען לייכט ארי־בערצוטראָגען זיינע צרות, זאָגאַר קוקען אויף זיי גלייכגיל־טיג, אויב ניט מיט פעראכטונג. אַ פערברענטע ספר תורה האָט איהם געקענט פערשאַפען מעהר צער ווי אַ פערברענטע אידישע שטאָדט.

די דאָזיגע מארטירער־פּסיכאָלאָגיע האָבען די אידען ניט געקראָגען מיט אַ מאָל. אין די ערסטע צייטען פון זייער נאַ־

ציאָנאַלען אונגליק פלעגען די צרות און די רדיפות אויף ביי די אידען ארויסרופען פראָטעסט און עמפערונג, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין די מעהרערע און פערשיעדענע רעוואָלוציאָנערע אויפשטענדע. שפעטער, ווען זיי האָבען איינגעזעהן די פרוכטלאָזיגקייט פון די דאָזיגע רעוואָלוציאָנערע פראָטעסטען, זיינען זיי אריינגעפאלען אין א גייסטיגען צושטאַנד וואָס גרעניצט זיך מיט פערצווייפלונג. אָבער מענשען קענען ניט לעבען אין פערצווייפלונג, ווייל איינס שליסט אויס די אַנדערע. און אזוי ווי די תשוקה צום לעבען איז דאָס שטאַרקסטע אין לעבען, האָט דאָס לעבען גובר געווען. אַנשטאָט פערצווייפלונג האָט זיך אויסגעבילדעט א טעאָריע פון פעראַכטונג צום לעבען, וועלכע איז אָבער אין דער אמת'ען גאָר געווען א מיטעל ווייטער צו לעבען....

די וועלט האָט בעהאַנדעלט די אידען ווי א בייזע שטיף־מוטער בעהאַנדעלט א שטיף־קינד. האָבען זיך די אידען אַן עצה געגעבען: זיי האָבען מבטל געווען די וועלט מיט איהרע גליקען. וואָס האָבען זיי דען געקענט אַנדערש טהאָן? האָבען זיי דען געהאַט אַן אַנדער ברירה? „וואָס איז דען די גאַנצע וועלט? היינט ביזטו דאָ און מאָרגען ביזטו אין קבר; היינט געהסטו אין זיידענס און מאָרגען ביזטו צווישען ווערים; היינט עסטו שפייז און מאָרגען ווערסטו אַליין זיסע שפייז פאַר די ווערים“.

די וועלט איז אַלזאָ גאָר נישט און גאָר נישט, הבל הבלים. א ביסעל מעהר צרות, א ביסעל ווענינגער צרות, וואָס איז דער חלוק? דער עיקר איז דאָך סאַי ווי סאַי יענע וועלט. יסורים זיינען גאָר א מעלה. זיי פערפערטיגען דעם מענשען צו „דער וועלט וואָס איז דורכאויס גוט.“ מען דאַרף אַלזאָ שטרעבען צו „יענער וועלט“. אייך מעג ניט געפעהלען די דאָזיגע פּליאָזאָפיע. זי מעג זיך זיין א פערצווייפלונגס־פילאָזאָפיע, אָבער זי האָט געדיענט איהר ציעל; זי האָט געגעבען אַן אינהאַלט צום אידישען לעבען און האָט אויף אזא אופן ערהאַלטען זיין נאַציאָנאַלען קיום. ווען איז עס נויטיג געווען און צו וואָס דאַרף מען עס? קיינעם איז עס ניט

נויטיג און קיינער דארף עס ניט, אבער לעבעדיגע ווילען ניט שטארבען און זיי זוכען אונבעוואוסטערהייד פאר זיך גופא צו מאכען זייער לעבען ערטרעגליך אויף אזא אדער אן אנדער אופן.

ניט די „פינסטערנים" אין זייערע מוחות, נאר דער פינסטערער אידישער לעבען האט בעשאפען דעם אידישען אסקעטיזם צוזאמען מיט דעם אידישען מיסטיציזם אין מי־טעל־אלטער, צווישען די פרעדיגער פון וועלכע ר' אלעזר פון ווארמס פערנעהמט א וויכטיגען פלאץ.

ר' אלעזר פון ו ו א ר מ ס איז בשום אופן ניט געוועזן א „פינסטערלינג". פאר זיין צייט איז ער געוועזן א מענש פון גרויסער בילדונג און געלערענטקייט. ער איז געוועזן א גוטער מאטהעמאטיקער און אסטראנאם. ער האט אויך געהאט א ידיעה פון דער אידיש־אראבישער פילאזאפיע. ער איז געוועזן בעקאנט מיט דעם „האמונות והדעות" פון סעדיה גאון, וועמען ער ציטירט. ער ברייגנגט אויך אויסציגע פון דעם אידיש־איטאליענישען געלעהרטען שבתי דאנאלא'ס פירוש אויף דעם „ספר יצירה".

זיין בעגריעף פון גאט איז געוועזן ניט ווענינער ריין ווי די דאזיגע פון די אידישע פילאזאפען. אין זיין ספר „שערי חסוד והיחוד והאמונה" פרעדיגט ער אז איין־איינ־ציגען, אונקערפערליכען, אונענדליכען, דורכאוים־רוחניות'־דיגען גאט, „וועלכער האט בעשאפען די וועלט מיט זיין ו ו א ר ט, מיט זיין ווילען און מיט זיין געדאנק. ער האט ניט דעם געשטאלט און דעם אויסזעהן פון זיינע שעפפונגען, אדער אירגענד וועלכען געשטאלט און אויסזעהן". דאס וואס די נביאים געברויכען אויסדריקע, וועלכע ריידען פון גאט אלס קערפער מיט גליעדער זיינען נאר סימבאלען. ניט דיא נביאים און ניט אפילו די מלאכים האבען ווען עס איז גע־זעהן אדער קענען זעהן גאט. גאט איז אונבעגרייפליך ניט בלויז פאר די מענשען נאר אויך פאר די מלאכים. זיי קענען בלויז זעהן זיין „כבוד", וואס איז אייגענטליך ניט מעהר ווי א מין אפשפיעגלונג דורך וועלכע ער ענטפלעקט זיך צו זיי.

ר' אלעזר פון ווארמס צוזאמען מיט ר' יהודה החסיד קענען בעטראכט ווערען אלס די גרינדער פון דער דייטשער קבלה, וועלכע שיידעט זיך אונטער פון דער שפאנישער קבלה הויפטזעכליך דערמיט, וואס זי, די ערשטע, גיט זיך מעהר אפ מיט דער פראקטישער זייט פון דער קבלה, מיט דער „קבלה מעשית": מיט השבעות, סגולות, לחשים, קמיעות און אלערליי וואונדער־מאכעריי. אין דעם זיינען זיי שטארק בעאיינפלוסט געווארען פון די דייטשע קריסטליכע מיסטיקער.

די קבלה, ווי עס איז בעקאנט, בעשטעהט פון צוויי אבטהיילונגען: פון פראקטישע און טעארעטישע קבלה. די טעארעטישע קבלה האט זיך אם שטארקסטען ענטוויקעלט, טאקע בערך אין דער זעלבער צייט, אין שפאניען, וואו זי איז אויסגעוואקסען אייגענטליך אלס א מין פראטעסט געגען דעם אריסטאטעליאניזם פון דעם „ערשטען ראב"ד" און דעם רמב"ם. די שפאנישע קבלה, וועלכע איז אליין אזא מין פילאזאפיע, האט געוואלט פערטרייבען דעם אריסטאטעליא־ניזם און פערנעהמען זיין פלאץ. זי האט אריינגענומען אין זיך אזעלכע לעהרען, וואס זיינען שוין געווען בעקאנט צו די אידען און זיינען שוין מעהר ניט געווען אין ווידערשפרוך מיט די עלטערע אידישע לעהרען. זי איז בעשטאנען פון א געמישעכץ פון פילאזאפישע און טהעאסאפישע סיסטעמען: צוזאמען מיט די פיטהאגאראעישע, פלאטאנישע און נייע־פלאטאנישע לעהרען געפינט מען אויך אין דער קבלה גע־דאנקען פון די אריענטאלישע טהעאסאפיען. מען געפינט דארטען זאגאר שפורען פון די אלט־אינדישע און בראה־מישע לעהרען.

די פראקטישע קבלה איז דאגעגען אויסגעארבייט גע־ווארען ביי די אידישע מיסטיקער פון דייטשלאנד. ווי עס ווייזט אויס, האבען זיך שוין דאמאלסט די ביידערליי קבלות בעגעגענט און איינע פון די אנדערע בעאיינפלוסט געווארען. די דייטשע מקובלים האבען זיך בעקאנט מיט דער טעארע־טישער קבלה פון די שפאניער און די שפאנישע מקובלים מיט די פראקטישע קבלה פון די דייטשען. דער רמב"ן

צום ביישפיעל, דערמאָנט ר׳ אלעזר פון וואָרמס און זיין ספר „שערי הסוד והיחוד והאמונה“.

א חוץ אַ מקובל איז ר׳ אלעזר אויך געווען אַ בעדייטענדער רעליגיאָנס־פּאָעט. צ ו נ ץ רעכענט אויס פינף און פופציג פּיוטים, וואָס ר׳ אלעזר האָט פערפאַסט און וועלכע געפינען זיך אין דיא מחזורים, סליחות און קנות.

דער וויכטיגסטער פון אלע זיינע ספרים איז דער „רוקח“, וואו עס געפינט זיך אַן אבטהיילונג וועגען די דינים פון תשובה טאָהן. די דאָזיגע אבטהיילונג איז אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס אין איהר זעהט מען ארויס דעם גאַנצען אסקעטיזם, דעם גאַנצען ענטזאַגען זיך פון די פערגעניגענס פון דעם לעבען, פון דעם מחבר. דאָס איז אַ נאַטירליכער פּראָדוקט פון דער שרעקליכער צייט, וואָס די אידען האָבען דאַמאָלס דורכגעלעבט.

זיינע מאָראַלע לעהרען, וועלכע געפינען זיך אין דער הקדמה צום „רוקח“ טראָגען דעם זעלבען כאַראַקטער ווי די לעהרען פון דעם „ספר חסידים“. אין געוויסע הינזיכטען שטעהען זיי נאָך העכער:

„עס איז ניטאָ קיין שעהנערע קרוין ווי בעשיידענהייט; קיין שעהנערער אנדיינקען ווי אַ גוטער נאָמען; קיין בעסערער ריוח ווי צו טאָהן מצוות; קיין בעסערער קרבן ווי אַ צובראָכענע הארץ; קיין גרעסערע חכמה ווי די חכמה פון דער תורה; קיין בעסערע מדה ווי צו זיין שעהמעדיג. וואויל איז דעם וועמעס הארץ עס ציטערט פון לוסט צו זיין שעפּפער, וועלכער געדיינקט די ליעבע צו זיין גאָט, טראָגט דעם יאָך פון זיין מורא, פערמיאוסט די נאַרישקייטען פון די וועלטליכע פערגעניגענס, דריקט אונטער זיין „יצר־הרע“, האלט גאָט פאַר זיך שטענדיג, רעדט מיט יעדען בנעימות, פיהרט זיינע קינדער אין גלייכען וועג... ער פרייט זיך מיט׳ן צווייטענס גליק, האָט ליעב זיינע שכנים און פריינד, אנטלייט אן אָרעמאן אין זיין נויט, גיט צדקה עהאָלטענערהייט, און טהוט אלץ פון גאָט׳ס וועגען“.

„אויב גאָט האָט דיר געגעבען רייכקייט און כבוד, שטאָלציר ניט געגען דיין אָרימען ברודער, וואָרים דו ווייסט ניט וואָס דער טאָג וועט ברייגגען. ביידע זייט איהר ארויס גאַקעט פון בויך, און אַז דו וועסט ארויס פון דער וועלט וועסטו ווי ער ליגען אין דער ערד, צווישען ווערים".

בעשיידענהייט און אונטערטהעניגקייט, דאָס זיינען די יסודות פון זיין מאָראַל. בעשיידענהייט איז גרעסער ווי אפילו חסידות, ווייל דער פסוק זאָגט די „בעשיידענע" וועלען ערבען די וועלט און זאָגט ניט די חסידים וועלען ערבען די וועלט.

... „ער זאָל מוחל זיין דעם וואָס רעדט אויף איהם שלעכטס. זיינע רייד זאָלען זיין ווענינ און זיין שטימע ניעדריג. ווען מען בעליידיגט איהם און ער קען נעהמען נקמה, זאָל ער עס בעסער בעשיידען אריבערטראָגען און דולדען... זעהר און זעהר זיי בעשיידען און ניעדריג ביי זיך".

די לעהרען פון ר' יהודה החסיד און ר' אלעזר פון וואָרמס האָבען געהאַט אַ שטאַרקע און דויערנדע ווירקונג אויף דעם לעבען פון די אידען ניט בלויז אין דייטשלאַנד, נאָר אויך אין די אַנדערע לענדער, וואו די דייטשע אידען זיינען געצוואונגען געוואָרען אויסצואוואַנדערען צוליעב די רדיפות. דאָס זיינען געווען לעהרען, וועלכע האָבען זיך אַם בעסטען געפּאַסט פאַר דעם טרויעריגען צושטאַנד פון דעם אידישען פאָלק פון יענע לענדער.

וואָס פאַר אַ לעבען אַזאַ פילאָזאָפיע.

## XV

ר׳ מאיר פון ראטהענבערג אלס ראציאנאליסט. זיינע גרויסע תלמודישע קענטניסע און זיין שטעלונג צו דער מיסטישער ריכטונג פון ר׳ יהודה החסיד. זיין ארעסט און זיין טויט אין געפענגניס. ר׳ מאיר ראטהענבערג אלס פאעט.

---

אין דער געשיכטע פון די גייסטיגע אדער קולטורעלע בעוועגונגען איז שטענדיג אנצומערקען צוויי שטרעמונגען, וועלכע געהען כמעט פאראלעל און גלייכצייטיג איינע מיט דער אנדערער: פון איין זייט א ראציאנאליסטישע און פון דער אנדערער זייט א מיסטישע. די געשיכטע פון די גייסטיגע בעוועגונגען ביים אידישען פאלק איז ניט קיין אויסנאהמע, א חוץ אפשר וואס די דאזיגע טענדענץ איז מעהר בולט.

די ראציאנאליסטישע שטרעמונג אדער שוהלע בעטראכט דעם מענשליכען שכל אלס דעם אויבערסטען און דעם העכסטען ריכטער. זיל וויל ניט וויסען און זוכט אויסצומיידען אזעלכע פראגען, וואס שטעהען אויסערהאלב און איבער די גרענצען פון דעם מענשליכען שכל, כאטש זי איז מודה, אז אזעלכע פראגען עקזיסטירען. „במופלא ממך אל תדרש ובמכוסה ממך אל תחקור“. — פארש ניט וואס איז פון דיר פערבארגען און גריבעל זיך ניט אין וואס עס איז פון דיר פערדעקט, דאס איז אייגענטליך איהר מאטטא. עס זיינען פאראנען אזעלכע אייביגע סודות׳דיגע פראגען, וואס וועלען אימער בלייבען פערבארגען פון מענשליכען שכל, און דאס בעסטע איז זיי אויסצומיידען. פון די פיער וואס זיינען אריין

אין „פרדס" איז בלויז איינעם געלונגען ארויסצוגעהן אונ־בעשעדיגט. פון די איבעריגע איז איינער געשטארבען, דער צווייטער משוגע געווארען, און דער דריטער איז אראפ פון וועג, געווארען אן „אנדערער".

די מיסטישע ריכטונג דאגעגען פערווארפט לכתחילה דעם מענשליכען שכל אלס דעם העכסטען ריכטער. מיר זיינען ארום און ארום ארומגערינגעלט מיט די טיעפסטע סודות און די שווערסטע פראבלעמען, וועלכע דער שכל קען ניט דורכ־דרינגען און קען ניט פערענטפערען. דאס גופא איז דער בעסטער בעווייז, אז ער, דער שכל, קען ניט און דארף ניט פערנעהמען דעם דאזיגען הויכען פלאץ, וואס די ראציאנא־ליסטען האבען פאר איהם אפגעטיילט, אז ער קען ניט און דארף ניט בעטראכט ווערען אלס דער העכסטער ריכטער.

די פראגען און די סודות זיינען פאראנען. דער פערלאנג זיי צו פערענטפערען און זיי צו ענטדעקען איז אויך פאראנען. דער שכל איז אבער צו קליין און צו שוואך דאס צו טהאן. מאלגליך מוזען זיך געפינען ביים מענשען אנדערע פע־היגקייטען אדער אייגענשאפטען, וועלכע קענען עס טהאן בעסער ווי דער שכל. די לאגיק איז אפילו א שוואכליכע, ווארים דערפון וואס דער שכל קען ניט פערענטפערען די דאזיגע פראגען איז נאך ניט געדרונגען, אז דער מענש מוז בעזיצען אנדערע אייגענשאפטען וואס קענען עס יע טהאן. אבער די לאגיק איז דא ניט וויכטיג, ווייל זי גופא איז דאך ניט מעהר ווי א שכל'דיגער ענין. אנשטאדט די לאגיק האבען די מיסטיקער אויף זייער זייט די מענשליכע געפיהלען, וואס דריקען זיך אין דעם פאל אויס אין דעם מענשליכען ווילען צו וויסען דאס וואס ער קען ניט וויסען, אין זיין ווילען ניט צו ווילען וויסען, אז עס זיינען דא אזעלכע זאכען וואס ער קען ניט וויסען.

פערווארפען זיי, די מיסטיקער, דעם מענשליכען שכל און זוכען אריינצודרינגען אין די אייביגע טיעפע געהיימניסע דורך אנדערע וועגען. זיי בענוצען זיך מיט יענע נאך ניט־

אויפגעקלעהרטע און אונפערשטענדליכע כוחות פון אונזער נשמה, וועלכע ווערען בעצייכענט מיט אזעלכע כמעט גאר־נישט־ערקלעהרענדע ווערטער ווי „אינסטינקט", „רעפלעקסיווע טעטיגקייט", „הינטער־בעוואוסטזיין" און דער גלייכען. דורך פערשיעדענע מיטלען און מעטאדען ברענגען זיי זיך אריין אין אזא מין עקסטאטישען צושטאנד, אין אזא מין התלהבות, ווען דער שכל פערלירט אין גאנצען זיין צוריק־האלטענדען איינפלוס, און זיי גלויבען דאן זיך צו קענען פער־איינינגען מיט דעם אונבעוואוסטען. דאס איגערליכע אונקלאהרע און אונפערשטענדליכע פעראייניגט זיך, אזוי צו זאגען, מיט דעם אונקלאהרען און אונפערשטענדליכען פון דעם אויסערען. מאנכע פון די מיסטיקער זוכען צו דערגרייכען דעם דאזיגען צושטאנד דורך פייניגונג, דורך תעניתים און סיגופים; אנדערע דורך שמחה און פרעהליכ־קייט. די מעטאדען זיינען פערשיעדען, אבער דער ציעל איז דער זעלבער.

דער ראציאנאליזם, פונקט ווי דער מיסטיציזם איז ניט קיין בעשטימטע לעהרע, האט ניט קיין פארטיגען „שולחן ערוך" פון דינים און כללים. זיי ביידע, דער ראציאנאליזם און דער מיסטיציזם, זיינען גיכער א געמיטהס־צושטאנד, אן ארט און ווייזע ווי צו בעטראכטען זיך און די וועלט. יעדער דור האט זיך דארום זיין מיסטיציזם און זיין ראציאנאליזם. וואס ווענדעט זיך אן דעם סכום פון וויסען וואס יענער דור בעזיצט און פון נאך אנדערע אורזאכען, ווי פּאליטישע, סאָ־ציאלע און עקאנאמישע צושטענדע. מען קען זאגען, אז וואס פאר א ראציאנאליזם, אזא מיסטיציזם. איז דער ראציאנאליזם א ריין וויסענשאפטליכער, זוכט אויך דער מיסטיציזם זיך צו בעגרינדען אויף וויסענשאפטליכע יסודות; איז דער ראציא־נאליזם א ספּעקולאטיוו־פילאזאפישער, איז דער מיסטיציזם אויך אזא; פערקליידעט זיך דער ראציאנאליזם אין א רע־ליגיעזען מאנטעל, טהוט עס אויך דער מיסטיציזם. ווארים ביידע, סאי די ראציאנאליסטען און סאי די מיסטיקער, זיינען ניט מעהר ווי קינדער פון זייער צייט און זייער לאגד, און

ביידע קענען זיך בענוצען בלויז מיט דעם וויסען, וואס זייער צייט און לאנד פערמאגט.

דער מיסטיציזם פון ר' יהודה החסיד און זיינע תלמידים איז נים געווען דער פילאזאפישער מיסטיציזם פון א „בחיי" אדער אנדערע אידיש־שפאנישע פילאזאפען. פונקט אזוי איז דער ראציאנאליזם פון די אידען אין צפון־פראנקרייך. ר"ש י און די בעלי התוספות, און פון די אידען אין דייטש־לאנד נים געווען דער זעלבער ראציאנאליזם פון א ר"מ ב ם. דער אידיש ־ פראנצויזישער ראציאנאליזם האט זיך הויפטזעכליך אויסגעדריקט אין דעם. וואס ער האט זיך גע־האלטען שטרענג אן די לעהרען פון דער תורה און דעם תלמוד, אויסמיידענדיג אלע געהיימניסע און „סתרי־תורה".

דער גרויסער איינפלוס, וואס ר' יהודה החסיד און זיינע תלמידים האבען אויסגעאיבט אויף די אידען אין דייטשלאנד און דורך דעם אויך אויף די אידען פון די אנדערע לענדער, האט אבער בשום אופן נים בעזייטיגט דעם איינפלוס פון דער ראציאנאליסטישער ריכטונג, וועלכע האט זיך, ווי עס איז שוין בעמערקט געווארען, אויסגעדריקט אין דעם שטודיום פון'ם תלמוד און אין האלטען זיך שטרענג אן איהם. די ביידע שטרעמונגען זיינען געגאנגען זיים ביי זיים, און האבען גע־וויסערמאסען איינע די אנדערע ערגענצט.

דער וויכטיגסטער פארשטעהער פון דער דאזיגער ראציאנאליסטישער ריכטונג אין דרייצעהנטען יאהרהונדערט, וועמעס איינפלוס עס האט זיך געפיהלט אם שטארקסטען, איז געווען ר' מ א י ר פון ר א ט ה ע נ ב ע ר ג. דאסווארט „ראציאנאליסט" ווערט דא געברויכט אין געגענזאץ צום ווארט „מיסטיקער". דאס מיינט דארום נים צו זאגען, אז ר' מאיר פון ראטהענבערג איז געווען א פילאזאף און א פריי־דענקער. עס מיינט בלויז, אז ער איז נים געווען קיין מיסטי־קער, כאטש ער האט געמענט זיין פרימער אפילו ווי ר' יהודה החסיד. אין דעם זעלבען זינן, למשל, קען מען זאגען, אז דער ווילנער גאון איז א ראציאנאליסט און דער בעש"ט—א מיסטי־קער.

ר׳ מאיר פון ראטהענבערג איז געווען א שטרענגער תלמודיסט, איינער פון די וויכ־טיגסטע זיילען פון דער תלמודישער וועלט אין פראנקרייך און אין דייטשלאַנד. פון די אלע גרויסע תלמודיסטען אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד האָבען בלויז דריי מענשען געקראָגען דעם טיטול „די ליכט פון גלות“. איינער פון זיי איז געווען ר׳ מאיר פון ראטהענבערג; די איבריגע צוויי זיינען געווען רבינו גרשום און רש״י.

עס איז ניט בעקאַנט, אז ר׳ מאיר זאָל האָבען געפיהרט אַן אַקטיווען קאַמפף געגען די לעהרען פון ר׳ יהודה החסיד און זיינע תלמידים. אָבער אלס דער אנערקענטעסטער פאָר־שטעהער פון דעם תלמודישען יודענטום אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד איז זיין ביישפּיעל געווען גענוג. איהם צו פערדאַנקען האָט דער שטודיום פון תלמוד ווידער אויפגע־בליהט. ווי אַ שטרענגער תלמודיסט האָט ער ניט געוואָלט וויסען פון די אלע נייע אַבערגלויבענס, וואָס געפינען זיך ניט אין תלמוד. פאַר זיין צייט איז אפילו דאָס געווען זעהר פיעל, און זיינע צייט־גענאָסען און שפּעטערע נאָכפאָלגער האָבען געפונען פאַר נויטיג צו דערצעהלען פון זיינטוועגען, אַז ער האָט, למשל, „ערלויבט מענער צו קוקען אין אַ שפּיעגעל“; אז „ער פלעגט שניידען זיינע נעגעל כסדר“; אַז „ער האָט ער־לויבט צו געהן אָהן אַ היטעל“; אַז „ער פלעגט זיך ניט שאָקלען ביים דאַוונען“; אַז „מען האָט איהם געפרעגט וועגען „חבוט־הקבר“, האָט ער געענטפערט, איך ווייס ניט“. פאַר אונז היינט קען עס אויסקוקען לעכערליך, אָבער אין דריי־צעהנטען יאָהרהונדערט אין דייטשלאַנד האָט עס געשמעקט מיט פריידענקעריי...

ר׳ מאיר פון ראטהענבערג איז געבאָרען געוואָרען אין ווארמס בערך אין 1215 און איז געשטאָרבען אין געפענגניס אין דער פעסטונג ענסישהיים, עלזאס, אין דעם יאָהר 1293. ער האָט אַפּגעשטאַמט פון אַ פאַמיליע פון גרויסע תלמודיסטען. זיין פאָטער איז אויך געווען אַ בעריהמטער תלמודיסט. צווישען זיינע תלמודישע רביים זיי־

נען געוועז ר׳ י צ ח ק פון וויען, ר׳ י ח י א ל פון פאריז און ר׳ מ נ ח ם פון ווירצבורג.

ער איז געוועז רב אין פערשיעדענע דייטשע שטעדט ווי קאזניטץ, ווירצבורג, ראטהענבורג און מאינץ. ווי עס ווייזט אויס, איז ער פאר א געוויסע צייט זאגאר געוועז דער רב הכולל פון אלע דייטשע אידישע קהלות מיט דער צושטימונג פון דער רעגיערונג.

די לאגע פון די אידען אין דייטשלאנד איז דאמאלס געוועזען זעהר א טרויעריגע. מארד און רויב זיינען דארטען געוועזען געוועהנליכע, אלטעגליכע פאסירונגען. די אידען זיינען ניט געוועזען זיכער ניט מיט זייער לעבען און ניט מיט זייער פערמעגען. פאר די פערשיעדענע קעניגע און פירסטען זיינען די אידען בלויז געוועזען אלס מקור פון וואנען געלד צו שעפען. ווייסענדיג, אז ביי די אידען איז די מצוה פון „פדיון שבויים" זעהר גרויס, אז די אידען לאזען זיך בלוטען ביז׳ן לעצטען גראשען אבי אויסצולייזען א ברודער פון גוי׳אישע הענד און פון דער תפיסה, פלעגט די רעגיערונג גאנץ אפט לאזען ארעסטירען די אנגעזעהענסטע מענשען פון די קהלות, כדי אויף אזא אופן אויסצוצאפען אויסלייז־געלד.

ר׳ מאיר פון ראטהענבערג איז געוועזען איינער פון די דאזיגע קרבנות. די רעגיערונג פון דעם קאיזער רודאלף האט שוין לאנג צוריק געווארפען אן אויג אויף ר׳ מאיר׳ן. ווייסענדיג גאנץ גוט מיט וואס פאר א עהרפורכט און דרך ארץ די אידען פון דייטשלאנד און פראנקרייך קוקען אויף דעם גרויסען רב, האט די רעגיערונג ניט מיט אונרעכט געגלויבט, אז ארעסטירענדיג איהם וועט זי קריגען א גרויסע סומע פאר זיין אויסלייזונג. זי האט דארום בלויז געווארט אויף א געלעגענהייט, און די געלעגענהייט איז געקומען, ווען ר׳ מאיר און א טייל פון זיינע פריינד און תלמידים האבען בעשלאסען אויסצוּוואנדערען פון דייטשלאנד קיין ארץ ישראל.

וואס עס האט ר׳ מאיר׳ן בעוועגט, אז ער זאל פערלאזען דייטשלאנד איז ניט אין גאנצען קלאהר. איינער פון זיינע תלמידים דערצעהלט, אז ער האט זיך דערוואוסט דאס די רע־

גיערונג וויל איהם ארעסטירען. כדי צו קריגען אויסלייז־געלד. און אזוי ווי ר׳ מאיר האט ניט געוואלט, אז צוליעב איהם זאל מען ארויפלעגען אזא שווערע לאסט אויף די אידישע קהלות, האט ער בעשלאסען זיך אפצוטראגען בעצייטענס. עס איז אבער אויך מעגליך, אז ער האט פשוט געוואלט פערלאזען דייטשלאנד, ווייל ער האט זיך דארטען ניט געפיהלט זיכער, וועהרענד אין ארץ ישראל האבען די אידען דאמאלס געלעבט מעהר אדער ווייניגער רוהיג און אונגעשטערט. אנקומענדיג אין א שטאדט אין איטאליען, אויף׳ן וועג קיין ארץ ישראל, האט איהם א משומד, וועלכער האט איהם דערקענט, פער׳מוסר׳ט. און ר׳ מאיר איז איבערגעליפערט געווארען צו דעם קאיזער רודאלף פון דייטשלאנד.

דאס האט פאסירט אין יאהר 1286, ווען ר׳ מאיר איז געוועזען א זקן פון אריבער זיבעציג יאהר. די רעגיערונג האט איהם פערפאקט אין דער אויבענדערמאנטער פעסטונג און האט געהאפט צו קריגען א גרויסע „פותיקו“. דא האט זי אבער געהאט א טעות אין איהר חשבון. די אידען זיינען געווען פארטיג צו געבען די העכסט מעגליכע סומע פאר זייער גרויסען רב׳ס אויסלייזונג, אבער ר׳ מאיר האט זיי עס פערבאטען. ער וועט בעסער אפלעבען זיינע לעצטע יאהרען אין א געפענגניס איידער צו געבען א געלעגענהייט די רעגיערונג צו צאפען געלד פון די אידען; ער וועט בעסער שמאכטען ווי א פערברעכער איידער צוליעב איהם זאלען די אידישע קהלות פערארימט ווערען. אויב די אידען וועלען איצטער בעצאהלען די גרויסע סומע, וואס די רויבערישע רעגיערונג פאדערט, וועט עס איהר בלויז אריינגעבען מעהר חשק און מעהר מוטה ווייטער צו ארעסטירען די אידישע רבנים. דער גרייז־גרויער זקן האט אלזא פערבראכט זיינע לעצטע יאהרען, זיעבען יאהר, אין דער פעסטונג.

ר׳ מאיר פון ראטהענבערג ווערט בעטראכט אלס איינער פון די וויכטיגסטע בעלי התוספות אין דייטשלאנד. זיינע „תוספות׳ען“ געפינען זיך אויף מעהרערע מסכתות. א חוץ דעם האט ער אויך געשריבען „שאלות ותשובות“ איבער פער־

שיעדענע ענינים צו פערשיעדענע רבנים, און פערשיע־דענע „הלכות“.

אין זיינע דינים האלט ער זיך שטרענג אן דעם תלמוד, און זיין כלל איז, אז „אזוי ווי מען טאר ניט ערלויבען דאס פערבאטענע, אזוי טאר מען ניט פערבאטען דאס ערלויבטע“. אין מאנכע פון זיינע „תשובות“ געפינען זיך ענטפערס, וועל־כע זיינען עפיגראמאטיש: „פערפלוכט איז די פרוי וואס האט א מאן און פוצט זיך ניט, און פערפלוכט איז די פרוי וואס האט ניט קיין מאן און פוצט זיך יא“.

ר׳ מאיר פון ראטהענבערג איז אויך געווען איינער פון די בעסטע „פיטנים“, וואס די דייטשע אידען האבען פון זיך ארויסגעגעבען. זיינע „פיוטים“ געפינען זיך אין די מחזורים און אין די קינות פון ד י אשכנזים. די בעסט בעקאנטע צווישען זיי איז זיין קלאג־ליעד אויף דער פערברענונג פון דעם תלמוד און אנדערע אידישע ספרים, וואס איז פארגעקומען אין פ א ר י ז אין יאהר 1244. זי פאנגט זיך אן מיט די ווער־טער „שאלי שרופה באש“ און איז א מין נאכאהמונג פון ר׳ יהודה הלוי׳ס בעריהמטע ציון־ליעד: „ציון, הלא תשאלי“. זיין שפראך און זיין ריטהם איז ניט אזוי רייך און אזוי שעהן ווי ר׳ יהודה הלוי׳ס. אבער זיין פיהלען איז ניט פיעל שוואַ־כער פון זיין גרויסען פארגענגער. די פאלגענדע אויסציגע פון דער דאזיגער קנה זיינען איבערזעצט געווארען פון א ב ר ה ם ר י י ז ע ן:

א, ווענד זיך און פרעג, דו פערברענטע אין פייער
אויף דיינע אבלים, וואס דו ביזט זיי טייער.
פרעג נאך וואס עס מאכען, פרעג נאך וואס עס טהוען
די יעניגע וואס גלוסטען אין הויף דיינעם רוהען.
וואס ווארפען אין שטויב זיך מיט הערצער פול וואונדען
אויף דיינע עץ־חיים׳ס — אין פלאמען פערשוואונדע
וואס וואנדלען ארום ווי די שאטענס, און זיינען
מיט האפנונג פול, אז די זונן וועט נאך שיינען.
און פרעג אויך אויף יענעם, געבויגען אין דרייען
וואס הערט גאר ניט אויף — אויף דיין אונגליק צו שרייען.
וואס קלאגט ווי א סאווע ביי נאכט אין דער מיטען,

וואס קיינער פון זיי האט זיין שטראף ניט געליטען
ווען דו ביזט אין פייער געווארען געטריבען
און זיי זיינען גאנץ, אונבעשעדיגט געבליבען.

---

האט גאט דען מיט דיר זיך געדארפט צו אונז ווענדען
ער זאל דיך דערנאכדעם אין פייער פערלענדען?
בארג סיני, האט גאט דיך דערפאר אויסגעקליבען
ער זאל דיך דערהויבען און נאכדעם בעטריבען?

---

כ'וועל לאנג אזוי וויינען און גיסען די טרערען
ביז וואנען א טייך פון די טרעהרען וועט ווערען,
און וועלען דערגרייכען צו דיינע צוויי הארען,
וואס ליגען אין הור־ההר — משה ואהרון.
און איך וועל זיי פרעגען, די ליעבע, די טרייע,
צו האבען זיי גרייך דען א תורה, א נייע?
צו ביזטו אין גאנצען שוין איבריג געווארען
און גאט האט דערפאר דיך פערברענט מיט גרוים צארן?

---

ווי קען דאס עסען זיין זיס צו מיין גומען
ווען איך האב געזעהן ווי מען האט דיך פערנומען.
אין ערגעץ א געסעל, דורך פינסטערע וועגען
און האבען פערשעהמט דיך, פערברענט גאט'ס פערמעגען.

און ווי די אמאליגע אידישע נביאים ענדיגט ר' מאיר
פון ראטהענבערג זיין קלאג־ליעד מיט טרויסט־ווערטער:

עס וועט דיר נאך טרייסטען, דער שעפער פון אויבען,
די שבטים אויפקלויבען, געפאלענע — דערהויבען.
דו וועסט זיך פערציערען, אין זיידענס בעקליידען,
א פויק וועסטו נעהמען און טאנצען אין פריידען.
און שטאלץ וועל איך ווערען ווען גאט וועט אנצינדען
זיין ליכט אויף דאס ניי, און די נאכט וועט פערשווינדען..

# די אידען אין ענגלאַנד.

XVI

די אידען אין ענגלאנד. זייער פאליטישע און עקאנאמישע לאגע. די פאגראמען און די שחיטות, וועלכע האבען זיך געענדיגט מיט דעם ארויס־טרייבען פון די אידען פון ענגלאנד, ווארום די ענגלישע אידען אין מיטעל־אלטער זיינען געשטאנען קולטורעל נידריגער ווי די אידען פון די אנדערע לענדער. ר׳ ברכיה בר נטרונאי הנקדן. זיין „משלי שועלים" און זיינע אנדערע ספרים.

ווען אייגענטליך די אידען האבען זיך אנגעפאנגען צו בעזעצען אין ענגלאנד, איז ניט אין גאנצען קלאר. עס איז אבער בעוואוסט, אז אין יאהר 1070 האט וויליאם דער זיעגער אריבערגעבראכט אין לאנדאן א געוויסע צאהל אידען פון פראנקרייך. עס איז זעהר מעגליך, אז די דאזיגע אריבערגעבראכטע אידען האבען עס מיט זיך געבילדעט די ערשטע אידישע קאלאניע אין ענג־לאנד, פון וואנען זיי האבען זיך שפעטער אויך פערשפרייט איבער די אנדערע שטעדט פון לאנד. עס איז אבער אויך מעגליך, אז איינצעלנע אידישע משפחות האבען זיך שוין גע־האט פון פריהער בעזעצט אין ענגלאנד, וויל אידישע סוחרים פון פראנקרייך, הויפטזעכליך די שקלאפען־הענדלער, האבען שוין געהאט פערבינדונגען מיט ענגלאנד, וואו זיי פלעגען ברענגען זייערע סחורות.

וואס „וויליאם דער זיעגער" האט בעצוועקט מיט זיין ברענגען די אידען אין לאנדאן איז ניט בעשטימט. עס איז די מיינונג פון מאנכע היסטאריקער, אז ער איז ניט אזוי אוי־

סען געווען די אידען ווי זייער געלד. ער האט זיך געניטיגט אין א קלאסע מענשען, וואס בעזיצען „פליסענדען קאפיטאל" כדי ער זאל דורך זיי קענען קריגען די אבצאהלונגען און די צינזען, וואס ער פלעגט קריגען פון די באראנען ניט אין סחורה — ניט אין תבואות, וויינען, פיה, וואלל און אזוי כסדר, ווי עס איז פריהער געווען דער מנהג — נור אין בארען געלד. אין די אידען האט ער געפונען אזא קלאסע מענשען; זיי זיינען אויף אזא אופן געווארען ווי א מין צינזען־זאמלער פון'ם קעניג. דער קעניג האט די אידען געגעבען א פרייע האנד אין זייערע פינאנציעלע אונטערנעהמונגען. ער האט זיי ערלויבט צו נעהמען הויכע פראצענטען אויף זייער געלד, ווייל פריהער אדער שפעטער האט ער דאס געלד אויף אזא אדער אן אנדער אופן אריינגעקראגען צו זיך אין די אוצרות.

די אידען זיינען געווארען דעם „קעניג'ס מענשען". זיי זיינען געווארען זיין אייגענטהום. דאס איז אין תוך גענומען געווען ניט מעהר ווי א מין „פאנשציזנע", אויב ניט שקלא־פעריי, אבער די אידען זיינען ווייניגסטענס געווען זיכער מיט זייער לעבען. זייענדיג דעם „קעניג'ס מענשען" און דעם קע־ניג'ס אייגענטהום, זיינען זיי געשטאנען אונטער דער ספע־ציעלער השגחה פון קעניג, וועלכער האט זיי געהאט צו שיצען סאי פון דער בעפעלקערונג און סאי פון די באראנען. זייער עקאנאמישע און פאליטישע לאגע איז דורך דעם געווען א פיעל בעסערע ווי די לאגע פון די פעלד־ארבייטער ביי די באר־ראנען אדער אפילו ווי די לאגע פון די שטאדט־מענשען. אין געוויסע הינזיכטען איז זייער לאגע ניט געווען פיעל ערגער ווי די לאגע פון די באראנען גופא, וועלכע זיינען אויך בלויז געווען דעם קעניג'ס מענשען.

לאנג האט אבער די דאזיגע „גליקליכע" לאגע ניט גע־דויערט. די אידען אלס צינזען־זאמלער און פראצענטניקעס, בעשעפטיגונגען צו וועלכע מען האט זיי געצוואונגען זיך צו נעהמען, האבען געגען זיך ערוועקט דעם צארן סאי פון די באראנען און סאי פון דער שטעדטישער בעפעלקערונג. פטור־

ווערען פון די אידען האט פאר זיי געהייסען פטור ווערען פון די וועקסלען, פון די חובות וואס זיי האבען צו בעצאהלען. די גייסטליכע פון זייער זייט האבען אויך ניט געשווי־גען. זיי האבען זיך געהאט זייערע אלטע טענות: די אידען האבען געקרייציגט דעם „ערלייזער" און הערפאר זיינען זיי פעראורטהיילט צו אייביגען ליידען און צו אייביגער שקלא־פעריי. די קעניגע, וועלכע בעהאנדלען די אידען ווי מענשען, גאנץ גלייך וועלכע מאטיווען זיי האבען הערביי, בעגעהן הער־מיט א זינד געגען גאט.

דער שטורם האט זיך געקליבען פון אלע זייטען, און עס האט ניט לאנג גענומען ווי ער האט אויסגעבראכען מיט ווילדער מאכט. עס האבען זיך אנגעפאנגען א רייהע פון פא־גראמען און שחיטות, וועלכע קענען זיך פערגלייכען מיט זייער ברוטאליטעט און אכזריות מיט די ערגסטע אין דער אידישער געשיכטע. די ערשטע שחיטה, ווארום א שחיטה איז עס געווען, איז פארגעקומען אין סעפטעמבער 1189. אויף דער קאראנאציע פון ר י ט ש א ר ד דעם ערשטען האבען די ענגלישע אידען געשיקט א דעלעגאציע צו בעגריי־סען דעם קעניג ביי דער געלעגענהייט. די דעלעגאציע איז ניט עמפפאנגען געווארען, מסתמא דערפאר וואס די מערדער פון י ע ז ו ס ׳ע ן קענען ניט האבען די זכיה צו זיין אנ־וועזענד ביי אזא הייליגע צערעמאניע. באלד האט זיך פער־שפרייט א קלאנג, אז דער קעניג האט בעפוילען צו אויס־שלאכטען די אידען. מעהר האט מען ניט בעדארפט. די מאסע איז בעפאלען דעם אידישען קווארטאל, און ניט קענענדיג איינברעכען אין די שטיינערנע הייזער, וואס די אידען האבען אויסגעבויט אלס שוץ, האט די צוויושעטע באנדע אונטערגע־צונדען די הייזער, טויטענדיג אלעמען, ווער עס האט ניט געזוכט צו אנטלויפען.

דאס איז געווען ווי א סיגנאל. באלד האבען זיך אנ־געפאנגען פאגראמען אין אנדערע ענגלישע שטעדט. אין דעם יאהר 1190 איז פארגעקומען די שחיטה אין י א ר ק. בעלא־גערט פון אלע זייטען און ניט זעהענדיג קיין רעטונג פאר זיך,

האבען זיך די אידען איינע די אנדערע אויסגעקוילעט, אבי ניט אריינצופאלען אין די הענד פון זייערע פייניגער. דער רב האט מיט זיינע אייגענע הענד געקוילעט זיין ווייב און צוויי קינדער, דעם שעהנסטען בעל הבית פון שטאדט און דאן זיך אליין. די יעניגע וועלכע האבען ניט געהאט דעם מוטה זיך אליין דעם לעבען צו נעהמען, האפענדיג אז זיי וועלען זיך רעטען דערמיט, וואס זיי וועלען אננעהמען דעם קריסטענטהום, זיינען אלע ערמארדעט געווארען.

די פּאגראמען און די שחיטות זיינען געווארען א מין כראנישע קראנקהייט. אויף א געוויסע צייט, אויף א פּאר צעהנדליג יאהר, פלעגען זיי אפלאזען און דאן פלעגען זיי אויסברעכען מיט נייע כוחות און מיט מעהר פרישקייט. די קלענסטע קליינינקייט האט ארויסגערופען א שחיטה. אין אויגוסט, 1255, האט זיך פערשפרייט א קלאנג, אז די אידען האבען ערמארדעט א קריסטליכען קינד. קיינע בעווייזע זיינען ניט געווען, אבער איין און ניינציג אידען האט מען אריינגעזעצט אין „טהורם פון לאנדאן“, אכטצעהן האט מען הינגעריכטעט און די איבריגע האט מען געלאזען פוילען אין פערשיעדענע געפענגניסע.

די אלע פּאגראמען און שחיטות האבען זיך ענדליך אויסגעלאזען מיט אן אלגעמיינעם גירוש. אין יאהר 1290 איז ארויסגעגעבען געווארען א גזרה, אז אלע אידען מוזען פערלאזען ענגלאנד. די אידען איז ערלויבט געווארען צו נעהמען מיט זיך בלויז זייערע „בעוועגליכע רייכטהימער“. נאר וועניגע האבען געקראגען די ערלויבנים צו פערקויפען זייערע הייזער. די אונגליקליכע פערטריבענע זיינען אויפ'ן וועג בערויבט געווארען פון די שיפס־קאפּיטאנען און גאר פיעלע פון זיי, זיינען דערטרונקען געווארען אין ים אויף זייער וועג קיין פראנקרייך.

אט אזוי האט זיך געענדיגט דער אויפהאלט פון די אידען אין ענגלאנד אין מיטעל־אלטער. קורץ איז געווען זייער אויפהאלט אין ענגלאנד, פון 1070 ביז 1290, און דער לעצטער יאהרהונדערט פון זייער זיין דארטען, האט זיך אויסגע־

צייכענט מיט פאגראמען און שחיטות. ערשט אין די לעצטע העלפט פון דעם זיבעצעהנטען יאהרהונדערט האבען די אידען געקראגען ערלויבניס זיך פון דאס ניי צו בזעצען אין ענג־לאנד, צו פארדאנקען די אונערמידליכע ארבייט פון מנשה בן ישראל. אינטערעסאנט איז, אז איינער פון די ארגור־מענטען, וואס מנשה בן ישראל האט אנגעגעבען קראמ־וועלען צו .ונסטען דער צוריק־אריינלאזונג פון די אידען אין ענגלאנד איז בעשטאנען אין דעם, וואס אזוי ווי משיח דארף סאי ווי סאי באלד קומען (עס איז געווען די צייטען פון שבתי צבי און ביי די אידען ווי ביי די קריסטען איז געווען פערשפרייט דער גלויבען, אז משיח קומט), וועלען דאך די אידען ממילא גיהן קיין ארץ ישראל.

עס פערשטעהט זיך, אז אונטער אזעלכע שרעקליכע אומשטענדען האט זיך ביי די אידען אין ענגלאנד ניט גע־קענט אויסארבייטען קיין קולטורעלע טהעטיגקייט און קיין קולטורעלען לעבען. דאס ענגלישע יודענטהום אין מיטעל־אלטער איז געבליבען ווי א ניט־בעארבייטע פעלד, וואס האט פון זיך גאר ניט ארויסגעגעבען. אין דעם גאנצען מי־טעל־אלטער האבען די אידען פון ענגלאנד פון זיך ניט ארויסגעגעבען קיין איינציגען ווירקליך גרויסען מענשען, ניט אין דער פילאזאפיע, ניט אין דער וויסענשאפט און ניט אפילו אויף דעם תלמודישען געביעט. עס זיינען געווען רבנים, עס זיינען מסתמא אויך געווען געבילדעטע מענשען, אבער קיינער פון זיי האט ניט געלאזען זיין חתימה אויף זיין צייט.

סמנים פון א קולטורעלען לעבען האבען זיך אנגעפאנגען ארויסצוצייגען ביי די אידען אין ענגלאנד אין צוועלפטען יאהרהונדערט ווען זייער עקאנאמישע און פאליטישע לאגע איז געווען אם בעסטען. מיט דעם אנקומען פון די פאגרא־מען און די שחיטות איז דער דאזיגער לעבען צושטערט גע־ווארען. אין צוועלפטען יאהרהונדערט איז אין לאנדאן גע־קומען צו בעזוך דער וואנדערענדער פאעט אברהם אבן עזרא, וועלכער האט זיך דארטען אויפגעהאלטען בערך צוויי

יאהר און האט דארטען געשריבען מאנכע פון זיינע ווערק. דאָרטען האבען זיך אויך אויפגעהאַלטען אַ פּאָאר געלערנטע פּראָנצויזישע אידען ווי סער יהודה ליאָן, אבער דאָס זיינען אַלץ געווען גרים, פרעמדע געסט.

דער איין איינציגער איד פון בעדייטונג, וואָס האט געלעבט און געשאפען אין ענגלאַנד איז געווען ר׳ ברכיה בר נטרונאי הנקדן. ווען און וואו ער איז געבאָרען געווארען איז ניט בעוואוסט. מאנכע היסטאָריקער זיינען מיט דער מיינונג, אז ער איז געקומען קיין ענגלאַנד פון דרום־פראַנקרייך. ער איז אַלזאָ אויך ניט געווען קיין געבאָרענער פון ענגלאַנד. ווי די מעשה זאָל ניט זיין, איז עס אָבער איצטער פעסטגעשטעלט געוואָרען, אז ביין ענדע פון צוועלפטען יאהרהונדערט האט ער זיך אויפגעהאַלטען אין ענגלאַנד, וואו ער האט וואהרשיינליך פערפאסט זיין בעריהמטען „משלי־שועלים“ (די פאבלען פון די פוקסען).

דער אויסדרוק „משלי שועלים“, וואָס איז געלענט אויף פאבלען פון אַלע חיות, געפינט זיך שוין אין תלמוד. דער תלמוד ווייס צו דערצעהלען פון דריי הונדערט פוקס־פאבלען, כאָטש אין תלמוד גופא געפינען זיך ווענינ פון זיי. דער תנא רבי מאיר איז געווען אַ בעריהמטער פערפאסער פון פאַבלען. דער תלמוד זאגט וועגען איהם, אז „מיט זיין טוידט זיינען געשטאָרבען די פאבעלען־מאכער“. אַלערליי פאבעלען און משלים זיינען געווען זעהר פערשפּרייט צווישען די אידישע דרשנים, וועלכע פּלעגען זיי אָפט געברויכען אום קלעהרער צו מאכען אַ געדאנק און ארויסצודריגגען אַ מוסר השכל. אַ חוץ זייערע אייגענע משלים זיינען די אידישע דרשנים געווען בעקאַנט אויך מיט די משלים פון די אנדערע אָריענטאַלישע פעלקער און מיט די גריכישע פאבלען פון עזאָפּ.

אין דער העברעאישער ליטעראַטור פון מיטעל־אַלטער זיינען געווען מעהרערע פאבעלען־שרייבער, אבער דער וויכטיגסטער און דער אָריגינעלסטער צווישען זיי איז געווען ברכיה בר נטרונאי הנקדן. מען קען זאגען, אז ער איז נאָך

ביז היינטיגען טאג דער בעסטער פאבעלען־שרייבער אין העברעאיש.

די מעהרסטע פאבעלען וואס געפינען זיך אין „משלי־שועלים“, זיינען איבערזעצונגען. דער מחבר גיט ניט אן די נעמען פון די שרייבער, אבער ער לייקענט ניט, אז זיי זיינען איבערזעצונגען. ער זאגט אין זיין הקדמה: „דאס זיינען פא־בעלען וואס זיינען בעקאנט פאר דער גאנצער וועלט און זיי געפינען זיך שוין אין ספרים פון אלע שפראכען“. אין דעם איז ער שוין פיעל עהרליכער ווי דער רוסישער פאבעלען־שרייבער קרילאוו. ער בעהויפטעט אבער, אז ער האט זיי „פערגרעסערט און פערבעסערט“. אין דער אמת'ען זיי־נען זיינע פאבעלען פיעל מעהר ווי איבערזעצונגען, זיי זיינען בעארבייטונגען. דער מחבר נעהמט בלויז דעם תוכן, דעם ספור המעשה, אבער ער שרייבט זיי אן אויף זיין אייגענעם שטייגער און ציהט פון זיי זיין אייגענעם מוסר־השכל. דא און דארטען געפינען זיך ביי איהם אויך אריגינעלע פאבעלען אדער גענומען פון תלמוד, ווי צום ביישפיעל, די מעשה מיט דעם פוקס און די פיש, וואס ווערט אין תלמוד דערצעהלט אלס אן ענטפער פון ר' עקיבא צו פפוס בן יהודה. די פא־בעלען זיינען געשריבען אין גראמען, אין א לייכטע און רייכע שפראך.

ברכיה הנקדן'ס פאבעלען זיינען ניט בלויז פון גרויס בעדייטונג פאר דער העברעאישער ליטעראטור, נאר אויך פאר דער פאבלען־ליטעראטור פון די אייראפעאישע פעלקער. זיינע פאבעלען, הונדערט און זיעבען אין צאהל*, זיינען אי־בערזעצט געווארען אין לאטיין. דער העברעאישער טעקסט מיט א לאטיינישער איבערזעצונג געדרוקט אין יאהר 1661 געפינט זיך אין דער היגער שטאדטישער ביבליאטעק. „אין דייטש זיינען זיי איבערזעצט געווארען פון לעססינג“ (קארפעלעס). די אידען, וועלכע האבען געשפיעלט די ראלע

*) אין דער ווארשעווער אויסגאבע פון 1874 געפינען זיך בלויז דריי און ניינציג.

פון פּערמיטלער צווישען דער אַלטער און דער נייער וועלט בנוגע דער פילאזאפיע און די וויסענשאפטען. האבען אויך געשפּיעלט די זעלבע ראָלע בנוגע דער פאבעלען־ליטעראטור. זיי האבען איבערזעצט די אראבישע און די משלים פון די אנדערע אָריענטאַלע פעלקער אין העברעאיש, און פון דאר־טען זיינען זיי איבערזעצט געווארען אין לאטייניש און שפּע־טער אויך אין די לעבעדיגע אייראָפּעאישע שפּראכען.

דאָ וועלען געבראכט ווערען אייניגע פון זיינע קירצערע פאבעלען אין א פרייער איבערזעצונג.

## דער הונט מיט דעם קעז.

א הונד האָט ערגעץ געכאפּט א שטיקעל קעז. האלטענדיג דעם קעז צווישען די ציינער איז ער ארומגעלאָפען איבער די גאַסען. און אָט איז ער ארויף אויף א בריק, האט א קוק געטהאן אין וואַ־סער און דערזעהן א צווייטע שטיקעל קעז. „גוט", האט ער געטראכט. „צוויי איז בעסער ווי איינס." ער האָט א שפּרונג געטהאן אין וואסער און גע־וואלט איינשלינגען דעם צווייטען קעז. אָבער עפּנענדיג דעם מויל איז די שטיקעל קעז, וואס ער האט געהאלטען, אויך ארויסגעפאלען.

דער מוסר־השכל: ווער עס פערלאנגט צו־פיעל, פערליערט אויך דאס וואס ער האָט.

און אָט איז א צווייטע פאבעל, וועלכער איז אויך אזוי־צוט בעקאנט ווי דער ערשטער:

## דער וואָלף און דער שעפּס.

א דורשטיגער וואלף איז ארוים ביין טייך טרינקען. פון ווייטען האט ער דערזעהן א יונגען שעפּסיל. „גזלן, רוצח!" האט דער וואלף גע־שטורעמט. „דער טייך בעלאנגט צו מיר. ווי האסטו עס געהאט די חוצפה מיין טייך צו בעשמו־צען?" צושראקען האט דער שעפּסיל געענטפערט: „איך... איך האב ניט געוואוסט. וועל עס מעהר

ניט מהנו. וועל זיין דיין בריוער שקלאף פון אייד־מער אז. „חצוף, דו רעדסט נאר. געגען מיר רעדסט וואלף, רעדסטו? איך קען נאר דיין מאמע. אויך געווען א חצוף, האט זיך פערזינדיגט געגען מיר נאר מיט פיער יאהר צוריק". „וואס בין איך שולדיג, בין נאר דאמאלס ניט געבארען געווען. בין קוים א יאהר אלט". האט זיך דער שפיל געענדיגט. מעהר האט דער וואלף ניט געוואלט הערען, און פערצוקט האט ער דעם שעפסיל.

דער מוסר־השכל: יעדער געהט נאך זיין רויב, דער שטארקער פערשלינגט דעם שוואכען.

## די צוויי הירשען.

צוויי הירשען זיינען געשטאנען נאהענט איינע נעבען די אנדערע, איינעמ'ס אויערען נעבען דעם צווייטענ'ס. אין פערבייגעגאנגען א מענש און האט זיי געפרעגט: „וואס שושקעט איהר זיך אזוי אין דער שטיל. וואס פאר א סודות האט איהר עס צווישען זיך? פאר וועמען האט איהר דען מורא, עס איז דאך מאי ווי סאי קיינער ניטא דערביי?" „סודות". האבען געענטפערט די הירשען. „וועלכע סודות האבען מיר דען? מיר האבען זיך אנגעשפארט איינע אן די אנדערע פשוט פון פוילקייט."

דער מוסר־השכל: א נאר וואס טראגט זיך ארום געהיימניספול ווערט מאנכעס מאל בעטראכט פאר א חכם. פאנגט איהר אבער אן מיט איהם צו ריידען, זעהט איהר באלד ארוים זיין נארישקייט.

## דער אקס, דער לייב און דער באק.

אן אקס האט א ברומענדען לייב געטראפען, און איז נאטירליך באלד אנטלאפען. ער האט זיך פערשטעקט ערגעץ צווישען די קוסטעס אין וואלד,

וואו ער האט פּלוצלינג פאר זיך א באַק דערזעהן.
„וואס ציטערסטו אזוי, מיין פריינד?" האָט דער
באַק איהם געפרעגט. „שטאַמען מיר דען ניט פון
איין שטאָל?" „זינט איך האב דעם לייב געזעהן
און זיין ברום געהערט", האט דער אַקס געענט־
פערט, „ווייזען מיר אוים אַלע בהמות ווי לייבען".
מוסר־השכל: ביין שרעק זיינען די אויגען
גרוים

* * *

א חוץ זיינע משלים האט ברכיה אויך געשריבען און
איבערזעצט פערשיעדענע ספרים. אין יאהר 1902 האט דר.
הערמאן גאָלאַנץ צום ערשטען מאָל אָפּגעדרוקט פון
אַן אַלטען מאַנוסקריפּט זיין ווערק: „ספר החבור וספר
המצרף" מיט אַן ענגלישער איבערזעצונג. דאָרטען בעהאַנ־
דעלט ער פערשיעדענע פילאָזאָפישע און עטהישע פראַגען,
ווי אונשטערבליכקייט, די נשמה, האָפנונג, עהרע, אָרעמ־
קייט, גערעכטיגקייט און אזוי ווייטער. ער ציטירט דאָרטען
דעם אידיש־שפּאַנישען פילאָזאָף אברהם אבן־דאוד.
וואָס דאס בעווייזט, אַז ער איז געווען בעקאַנט מיט דער אי־
דיש־שפּאַנישער פילאָזאָפיע און ליטעראַטור.

# די פאָלעמישע ליטעראַטור.

XVII

שפורען פון פאָלעמישער ליטעראטור אין דער ביבעל. פאָלעמישע ליטעראטור אין דער גריכישער עפאכע. אריסטאבולוס, פילא דער איד און יאזעפוס פלאוויאוס. דאס געבורט פון קריסטענטום און די נייע ווענדונג פון דער פאָלעמישער ליטעראטור. די ויכוחים מיט די „מינים" אין תלמוד און אין די מדרשים. די פאָלעמיק מיט די משומדים. „ספר מלחמות ל"ה, פון יעקב בן ראובן. „וכוח" פון רמב"ן.

די פאָלעמישע ליטעראטור ביי די אידען איז זעהר אַלט, כמעט אזוי אלט ווי דאס אידישע פאָלק גופא. אזוי שנעל ווי די אידישע רעליגיאָן און די אידישע קולטור האבען געקראָגען זייערע כאראקטעריסטישע אייגענטהימליכקייטען, מיט וואס זיי האבען זיך אונטערשיידעט פון די רעליגיאָנען און די קולטורען פון די ארומיגע פעלקער, האבען די אידען זיך געפונען געצוואונגען, פון איין זייט צו פערטיידי־גען מינדליך און שריפטליך זייערע אייגענע לעהרען און פון דער אנדערער זייט צו אטאקירען די רעליגיאָנען פון די פרעמדע פעלקער.

שפורען פון דער דאזיגער פאָלעמישער ליטעראטור קען מען נאך געפינען אפילו אין יענע טהיילען פון דער ביבעל, וואס זיינען נאך געשריבען געווארען איידער דער ערשטער גלות, איידער דער גלות פון בבל. אלס ביישפיעל קען דיע־נען דער צעהנטער קאפיטעל פון ירמיה, וועלבער איז א

שארפע אטאקע געגען די רעליגיאנען און די געטער פון די היידנישע פעלקער. אין א שפראך פון א מייסטער, מיט אן איראָניע וואס האט צו זיך קיין גלייכען ניט, שילדערט דער נביא, ווי אזוי די געטער פון די פעלקער ווערען געמאכט: א בוים פון וואלד ווערט אויסגעהאקט, און א סטאָליאר נעהמט זיך צו איהם מיט א הובעל. מיט גאָלד און זילבער ווערט ער בעפוצט, מיט צוועקעס און מיט האמערען ווערט ער שטארק געמאכט. מען טראָגט איהם, ווייל ער קען ניט געהן. ניטאָ פאר זיי וואס זיך צו שרעקען, — זיי קענען קיין שלעכטס ניט טהאָן, פונקט ווי זיי קענען ניט טהאָן קיין גוטס! דעם פאָלעמישען כאראקטער פון דעם דאזיגען קאפיטעל קען מען זעהן דערפון, וואס אין דעם העבראישען טעקסט געפינט זיך פלוצלונג א פסוק געשריבען אין כאלדעאיש, וועלבער פאנגט זיך אן „כדנא תאמרון להום" — אזוי זאלט איהר זיי זאגען.

מיט דער זעלבער איראָניע און כמעט אין די זעלביגע ווערטער האט מיט עטליכע צעהנדליג יאהר שפעטער געשילדערט דער צווייטער ישעיה די געטער פון די ארומיגע פעלקער. דאמאָלס זיינען שוין די אידען געווען אין גלות. זייענדיג אין דער פרעמדער, קומענדיג אין נאָהענטער בעריהרונג און אין צוזאמענשטויס מיט פרעמדע פעלקער, האט זיך שוין דאמאָלס געפיהלט א שטאַרקערע בעדירפנים אין אזא מין פאָלעמישער ליטעראטור. עס איז שוין געווען א געפאהר, אז דאס אידישע פאָלק זאָל זיך אויסמישען מיט די אנדערע פעלקער און פערשווינדען צווישען זיי. מען האט געדארפט מונטערען דעם עולם, געבען איהם האפנונג, טרייסטען איהם מיט א באלדיגער ערלייזונג און אין דער זעלבער צייט אויך איבערצייגען איהם, אז זיין רעליגיאָן און זיין קולטור איז אונפערגלייכבאר העכער. ישעיה לאָכט: „דעם בילד האט דער מעטאל-גיסער אויסגעגאָסען, און דער גאָלדשמיעד האט איהם מיט גאָלד איבערגעצויגען און מיט זילבערנע קייטעלעך. און דער וואס איז ארעם קלייבט זיך אויס א האלץ וואס פוילט ניט, ברענגט איהם צו א גוטען בעל מלאכה און לאזט

איהם אין א שטארקען גאט מאכען" (ישעיה, מ"). נאך מעהר סארקאסטיש איז ער אין אן אנדער פלאץ: „א העלפט פון איהם (פון דעם בוים) האט ער אין א פייער פערברענט; אויף א העלפט פון איהם עסט ער פלייש, בראט א בראטען און זעטיגט זיך; ער ווארעמט זיך דערביי און רופט מיט ענט־ציקען אויס: עס איז מיר ווארעם, עס איז מיר ליכטיג. און דעם רעשט מאכט ער זיך צום גאט, קניעט זיך צו איהם, בוקט זיך און בעט צו איהם: רעטע מיך, דען דו ביסט מיין גאט. (ישעיה, מ"ד).

דער גלות פון בבל האט ניט לאנג געדויערט. די אידען האבען זיך באלד צוריק בעזעצט אין זייער לאנד און האבען אנגעפאנגען צו פיהרען א מעהר אדער וועניגער זעלבסט־שטענדיגען נאציאנאלען לעבען. דער געפאהר פון נאציאנא־לער אונטערגאנג האט מעהר ניט געשוועבט פאר די אויגען. צוזאמען דערמיט איז אויך פערשוואונדען די נויטווענדיגקייט פון א פאלעמישער ליטעראטור. די אידישע פיהרער האבען געזוכט פון דאס נייע אויפצובויען דעם חרוב'ען לאנד, צו בעפעסטיגען דעם נאציאנאלען לעבען אויף די יסודות פון דער נאציאנאלער רעליגיאן און קולטור. זיי האבען פערטריבען די פרעמדע ווייבער, איינגעפיהרט די נאציאנאלע שפראך (העברעאיש), געעפענט שוהלען און אזוי ווייטער. מיט ויכוחים און פאלעמיקס האבען זיי זיך ניט אפגעגעבען. זיי האבען געהאט צו טהאן פיעל וויכטיגערע ארבייט, וואס איז מעהר נויטיג געווען.

מיט א פאר הונדערט יאהר שפעטער, ווען די אידען זיי־נען געקומען אין בעריהרונג מיט די גריכען און מיט דער גריכישער קולטור, האט זיך וויעדער אנגעפאנגען צו ענט־וויקלען א פאלעמישע ליטעראטור. די גריכען האט מען ניט געקענט אזוי לייכט ארונטערמאכען מיט דער האנד. די גריכען האבען אליין געהאט א גרויסארטיגע און רייכע קול־טור. א חוץ זייער קונסט, וואס מען האט נאך געקענט ווי־עס־איז איגנאר־רען אלס געצען־מאכעריי, האבען זיי אבער

אויך געהאט א גרויסע פליאָזאָפיע און וויסענשאַפט. עס איז אויפגעשטאַנען א ווירקליכע געפאהר, אז די גריכישע קולטור זאל אין גאנצען ניט פערשלינגען די אידישע.

די אידישע אריסטאָקראטיע, די רייכע און די מעכטיגע קלאַסען, האט גלייך אהן שום שהיות פערראטהען דעם איי־גענעם פאָלק און זיין אייגענע קולטור. די אידישע אריסטאָ־קראטיע איז אין דעם ניט געווען בעסער ווי אלע אנדערע אריסטאָקראטיען, וועלכע זיינען די ערשטע איבערצונעהמען די קולטור פון דעם הערשענדען פאָלק. און ווי אלע אנדערע אריסטאָקראטיען, האט אויך די אידישע בלויז איבערגענומען די אויסערליכע זייט, דעם שאָלעכץ, ניט דעם תוך, ניט די יאָדרע פון דער גריכישער קולטור. זי האט איבערגענומען די גריכישע שפּראך, די גריכישע מאַניערען און מנהגים, די גריכישע שפּיעלען און די גריכישע קליידער, אָבער ניט די גריכישע פילאָזאָפיע און וויסענשאַפט. דער פערראטה פון דער אידישער אריסטאָקראטיע האט געפיהרט דערצו, וואָס די גריכען האבען געזוכט מיט געוואלד ארויפצוצווינגען זייער קולטור אויף דעם אידישען פאָלק, וואס עס איז ווידער גע־ווען די אורזאכע פון דער בעפרייאונגס־מלחמה פון די מאַ־קאבייער.

די געפאהר פון א געוואלדזאמער ארויפצווינגונג פון דער גריכישער קולטור אויף דעם אידישען פאָלק איז פערשוואונ־דען, אָבער די געפאהר פון דער גריכישער פילאָזאָפיע און די גריכישע וויסענשאפט, וועלכע קען אונטערגראָבען די יסודות פון דער אידישער אמונה, איז נאך געבליבען. די פרומע האָ־בען זיך געהאט זייער עצה: צו פערבאָטען „חכמת יונית“. עס האבען זיך אָבער אויך געפונען אנדערע, וואס האָבען גע־האט א בעסערען מיטעל: זיי האָבען געזוכט צו פעראידישען די גריכישע קולטור. זיי האבען געזוכט צו מאכען שלום צווישען די דאָזיגעביידע קולטורען. אַפּלאַכענדיג פון דער גריכישער רעליגיאָן, פון זייער פיעל־געטעריי, האָבען זיי אין דער זעלבער צייט צוגעגעבען, אז די גריכישע פילאָזאָפען מיט זייער בעגריעף פון גאָט זיינען אויף דעם אמת'ען וועג.

מאנכע פון זיי האבען זאגאר בעהויפטעט, אז די גריכישע פי־לאזאפען האבען געקראגען זייערע לעהרען פון אידישע קוועלען. זיי האבען געזוכט צו בעווייזען, אז די אידישע רעליגיאן און די גריכישע פילאזאפיען זיינען ניט אנטאגאניסטיש איינע צו די אנדערע. זייער ארבייט איז גיכער געווען אן אפאלעגעטישע ווי א פאלעמישע. זיי האבען ניט אטאקירט די גריכישע פילאזאפיע, נאר זיי האבען פערענטפערט די אידישע תורה, הויפטזעכליך יענע אויסדריקע וועגען גאט, וואס זיינען ניט אין איינקלאנג מיט דעם גאטעס־בעגריף פון דער גריכישער פילאזאפיע.

איינער פון די עלטסטע פון די דאזיגע פערטהיידיגער איז געווען אריסטאבולוס, וועלכער האט געלעבט אין צווייטען, צי אין דריטען יאהרהונדערט פאר קריסטוס. פראגמענטען פון זיינע שריפטען ווערען ציטירט פון אלטע קריסטליכע שרייבער. אריסטאבולוס זוכט אויסצוטייטשען מאנכע אויסדריקע פון דער ביבעל, וואס קענען פארשטאנען ווערען, אז גאט איז א קערפער. אזוי, צום ביישפיעל, טייטשט ער אויס, אז „גאט'ס האנד“ מיינט „גאט'ס מאכט“ און אזוי ווייטער. ער איז דער ערשטער צווישען די אידישע פילאזאפען, וואס האט געמאכט די בעהויפטונג, אז די גריכישע פי־לאזאפען האבען געקראגען זייערע לעהרען פון אידישע קוועלען.

פיעל מעהר ווי אריסטאבולוס האט אויף דעם דאזיגען געביעט אויפגעטהאן דער בעריהמטער אידיש־גריכישער פי־לאזאף „פילא דער איד“ פון אלעקסאנדריען, וועלכער איז געווען אן עטוואס עלטערער צייט־גענאסע פון קריסטוס. ער קען מיט רעכט בעטראכט ווערען אלס דער פאטער פון די אלע אידישע אללעגאריסטען. ער איז איינער פון די גלענצענדסטע פערטהיידיגער פון די אידען און פון יו־דענטהום. ער איז מיט דער מיינונג, אז די תורה איז בשום אופן ניט געגען דער גריכישער פילאזאפיע, ווי ער האט איהר פערשטאנען.

צווישען די בעדייטענדע פּאָלעמישע ווערק מוז אויך דערמאַנט ווערען דער בוך „געגען אפּיאָן“ פון דעם בעריהמ־טען אידישען היסטאָריקער יאָזעפוס פלאוויאוס.

* * *

די פּאָלעמישע ליטעראַטור האָט געקראָגען א נייע ווענדונג מיט דעם געבורט פון קריסטענטהום. די פּאָלעמיק, גאַנץ אָפט א פערביטערטע, איז געפיהרט געוואָרען פון ביידע צדדים, פון די אידען און די קריסטען. זייענדיג פון אַנפאַנג בלויז א מין אידישע סעקטע, וואָס זוכט זיך צו בעגרינדען אויף די אלטע „הייליגע שריפטען“, האָט דאָס קריסטענטהום געזוכט אויסצוטייטשען געוויסע שטעלען פון דער ביבעל אין איינקלאַנג מיט די קריסטליכע לעהרען און דאָגמען. די אידישע בעקעמפפער פון קריסטענטהום האָבען דארום געהאָט א דאָפּעלטע אויפגאַבע: פון איין זייט צו בעשטרייטען די קריסטליכע לעהרען און דאָגמען גופא און פון דער אנדער׳ער זייט צו בעווייזען, אז די קריסטליכע אויסטייטשונגען פון די ביבלישע שטעלען זיינען פאַלשע. עס זיינען געפאַלען בעשולדיגונגען פון ביידע זייטען איינע אויף די אנדערע, אז זיי האָבען געפעלשט די ביבעל. נאָך א וויכטיגער פונקט, וועגען וועלכער די פּאָלעמיקס זיינען געפיהרט געוואָרען, איז געווען די פראַגע וועגען דעם, צו איז שוין משיח געקומען אָדער ער דאַרף נאָך ערשט קומען. די קריסטען האָבען גע׳טענה׳עט, אז יעזוס איז דער פערשפּראָכענער משיח און אלע נביאות פון די נביאים וועגען משיח׳ס צייטען זיינען שוין מקוים געוואָרען. די אידען האָבען עס, נאַטירליך, אפּגע־לייקענט.

פון דער קריסטליכער זייט זיינען געבליבען מאַנכע פּאָ־לעמישע ווערק פון יענער צייט, די וויכטיגסטע פון וועלכע איז דער ויכוח צווישען יוסטין מארטיר און דער איד טריפאָן (וואהרשיינליך דער תנא טרפון). פון דער אידישער זייט זיינען ניט געבליבען קיינע ספרים וועגען דעם פון יענער צייט. דאָ און דאָרטען געפינען זיך אין

תלמוד און אין די מדרשים פראגמענטען פון ויכוחים, וואס די אידישע געלעהרטע האבען געהאט מיט די „מינים“ אדער „פילוספים“, אבער זיי זיינען פערהעלטניסמעסיג זעהר ווע־ניג. דאס קען ערקלערט ווערען דערמיט, וואס דער תלמוד איז פריהער פאר אלץ א בוך פון פראקטישער געזעצגעבונג. עס איז אבער אויך אנצונעהמען, אז די צענזארען האבען פון תלמוד ארויסגעווארפען די דאזיגע אלע ויכוחים און טענות געגען דעם קריסטענטהום. דאס ביסעלע וואס איז געבליבען איז אויך פערבישען און געענדערט געווארען. דער נאמען „נוצרי“ איז אפט פערביטען געווארען אויף דעםווארט „מין“ אדער „פילוסוף“ (שטיינשניידער).

צווישען די תנאים וואס האבען פאלעמיזירט מיט די קריסטען געפינען זיך ר׳ יוחנן בן זכאי, ר׳ יהושע בן חנניא און רבי עקיבא.

די בעקאנטסטע פאלעמיקער צווישען די אמוראים זיי־נען ר׳ שמלאי און ר׳ אבהו. ר׳ שמלאי בע־קעמפפט הויפטזעכליך די קריסטליכע לעהרע פון דריי־איי־ניגקייט. ר׳ אבהו בעקעמפפט אויך די אנדערע קריסטליכע דאגמען, ווי דער „הימעל־ארויפגאנג“, „גאט׳ס פערקערפע־רונג“ און אזוי ווייטער. די פאלעמיק ווערט געפיהרט, ווי עס איז דאמאלס געווען די מאדע, אויף א מגידישען שטיי־גער מיט דרשות און ראיות פון פסוקים. אט איז א ביישפיעל: „איך בין גאט דיין גאט, זאגט רבי אבהו, א קעניג א בשר ודם הערשט און קען האבען א פאטער, אדער א ברודער, אדער א זוהן. גאט זאגט: איך בין ניט אזוי. איך בין דער ערש־טער, — איך האב ניט קיין פאטער; איך בין דער לעצטער — איך האב ניט קיין ברודער; און א חוץ מיר איז ניטא קיין גאט, — איך האב ניט קיין זוהן.“

א מעהר וויסענשאפטליכען כאראקטער האבען אנגע־פאנגען צו קריגען די פאלעמיקס פון די שפעטערע שרייבער, צווישען וועלכע עס קען אויך אריינגערעכענט ווערען רב סעדיה גאון. אין דער זעלבער צייט האט אויך געלעבט א קאראאימישער שרייבער, וועלכער האט ארויסגעזאגט דעם

גערדאנק, אז „די קריסטליכע רעליגיאָן, ווי זי ווערט איצטער פּראַקטיצירט, האָט קיין שייכות ניט מיט די לעהרען פון יעזוס'ען. זי איז די ארבייט פון פּאָול'ען."

ספרים וואָס זאָלען זיך אָבגעבען ספּעציעל און בלויז מיט פּאָלעמיק האָבען זיך אין דער אידישער ליטעראַטור אָנ־געפאַנגען צו בעווייזען אין צוועלפטען יאהרהונדערט, כאָטש פערשיעדענע עפענטליכע דעבאַטען און ויכוחים צווישען אי־דישע און קריסטליכע פאַרשטעהער זיינען שוין פריהער פאַר־געקומען. די דאָזיגע ספרים זיינען געווען אַ ענטפער אויף די אנפאַלען און די אטאַקען, וואָס מאַנכע משומדים האָבען געמאַכט געגען זייערע פריהערדיגע גלויבענס־גענאָסען.

* * *

יעקב בן ראובן'ס ספר „מלחמות ל'ה" איז אייגענטליך געווען אַן ענטפער אויף אַן אטאַקע אויף דער אידישער אמונה, וואָס איז געמאַכט געוואָרען פון דעם משומד מ ש ה ה ס פ ר ד י, אַ אידישער געלעהרטער און דאָקטאָר, וועלכער האָט זיך געטויפט אין יאָהר 1106 און האָט אָנגענומען דעם נאָמען פּ ע ט ר ו ס א ל פ א נ ז י. אַזעלכע אַטאַקעס פון משומדים זיינען ניט געווען קיין זעלטענע ערשיינונג, אַזוי אַז דיא אידישע געלעהרטע האָבען זיך געפונען געצוואונגען צו שרייבען פּאָלעמישע טעקסט־ביכלאך געגען קריסטענטהום, כדי דער אידישער עולם זאָל האָבען וואָס צו ענטפערען אויף דיא קריסטליכע טענות און ארגומענטען.

דער ספר „מלחמות ל'ה" איז איינגעטהיילט אין צוועלף קאַפּיטלען און דאָרטען ווערען ניט בלויז פערוואָרפען דיא קריסטליכע ארגומענטען און אָנגעוויזען זייערע פעלשונגען אין דער ביבעל, נאָר עס געפינט זיך דאָרטען אויך אַ קריטיק איבער געוויסע שטעלען פון די „עוואַנגעליאומס" און די „אַפּאָסטאָלען".

פיעל אינטערעסאַנטער און קלעהרער איז דער „וכוח" פון ר מ ב "ן, וואו ער אליין דערצעהלט און גיט איבער דעם וכוח וואָס ער האָט געהאַט אין ב אַ ר צ ע ל אָ נ אַ,

אין דער אנוועזענהייט פון דעם קעניג, די הויף-לייטע און בי-שאפען, מיט דעם משומד פ ר א פ א ו ל א („פראי פול“) אדער פ א ב ל א ק ר י ס ט י א נ י.

רבי מ ש ה ב ן נ ח מ ן (דער רמב"ן) אויך בע-קאנט מיט דעם נאמען נ א כ מ א נ י ד ו ס און ב א-נ א ס ט ר ו ק ד א פ א ר ט א איז געווען איינער פון די בעדייטענדסטע און גרעסטע מענשען, וואס דאס שפאנישע יודענטהום האט פון זיך ארויסגעגעבען אין דער עפאכע וואס פאנגט זיך אן פון ר מ ב ם"ס טוידט ביז וואנען דיא אי-דען זיינען אין גאנצען פערטריעבען געווארען פון שפאניען.

ער איז געווען א גרויסער תלמודיסט, איינער פון דיא גרעסטע פון זיין צייט, א גרויסער ביבעל-קאמענטאטאר און איינער פון דיא ערשטע מקובלים אין דער נייער שפאנישער קבלה. דערצו איז ער אויך גאנץ גוט געווען בעקאנט מיט דיא וויסענשאפטען און דיא פילאזאפיע פון זיין צייט, און האט זיך בעשעפטיגט מיט מעדיצין אלס זיין פראפעסיע. ער איז געבארען געווארען אין ג ע ר א נ א אין יאהר 1194 און איז געשטארבען אין ארץ ישראל אין יאהר 1270.

ער האט אנגעשריעבען פיעל ספרים איבער תלמודישע ענינים און אויך קאמענטארען אויף דעם חומש. מען שרייבט איהם צו געוויסע ספרים איבער קבלה, אבער זייער עכטקייט קען ניט בעוויזען ווערען. מאנכע פון די פארשער זיינען מיט דער מיינונג, אז זיי שטאמען פון שפעטערע שרייבער, וועלכע האבען זיך בענוצט מיט זיין נאמען. פון זיינע קאמענטארען אויפ'ן חומש איז אבער ארויסצוזעהן, אז ער איז געווען בע-קאנט מיט דער קבלה און איהרער זאן אנהייינגער.

אין דעם ערשטען קריעג וואס האט אויסגעבראכען וועגען רמב"ם און זיינע ספרים גלייך נאך זיין טוידט, האבען זיך ביידע צדדים געווענדעט צום רמב"ן. ער האט אויסגעדריקט דעם גרעסטען רעספעקט צום רמב"ם פאר זייגע גרויסע תלמודישע קענטניססע, אבער ער איז געווען זעהר שטארק געגען איהם פאר זיין פילאזאפיע. דער רמב"ן איז געווען א שטארקער געגנער פון דעם אריסטאטע-

ליאניזם. ער האָט געזוכט צו מאַכען אַ פּשרה צווישען דיא קריעג־פיהרענדע צדדים כדי אויסצומיידען מחלוקות און חלול השם, אָבער דאָס איז איהם ניט געלונגען. ביידע צדדים זיינען געבליעבען אונצופריעדען מיט איהם. פאר דעם רמב"ם'ס חסידים איז ער געווען צו קאָנסערוואטיוו און פאר זיינע, דעם רמב"ם'ס, געגנער צו ראדיקאל.

אין דעם יאָהר 1263, ווען דער רמב"ן איז געווען קרוב פון זיעבעציג יאָהר אַלט, איז ער געצוואונגען געוואָרען צו פיהרען אן עפענטליכען וכוח מיט דעם אויבענדערמאָנטען משומד און מוסר.

פּאבלא קריסטיאני איז געווען איינער פון די שווארצעסטע און שעדליכסטע מוסרים־משומדים, איינער פון דיא ערגסטע און ניעדערטרעכטיגסטע פעררעטהער, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט פון זיך ארויסגעגעבען. אַ געבאָרענער אין מאָנפּעליע, פראנקרייך, איז ער אריבערגעגאַנגען צום קריסטענטהום און איז געוואָרען אַ מאָנאך אין דעם דאמיניקאנער ארדען. וואָס דיא אורזאכע פון זיין שמד'ען זיך איז געווען, אז ניט בעוואוסט, אָבער ער איז געוואָרען אַ פערביטערטער שונא פון זיינע פריהערדיגע גלויבענס־גענאָסען, זוכענדיג זיי צו שעדיגען אין אַלערליי מעגליכע וועגען. אויף זיין מסירה האָט דער פּאבסט קלעמענט דער פיערטער צוזאמענגערופען אַ קאָמיטעט פון דאָמיניקאנער און פראנציסקאנער, צווישען וועלכע פּאבלא איז אויך געווען, צו רעווידירען און איבערצוקוקען דעם תלמוד. אַלץ וואָס האָט געקענט אויסגעלייגט ווערען געגען דעם קריסטענטהום איז פון תלמוד ארויסגעוואָרפען געוואָרען.

ער איז אָנגעקומען קיין בארצעלאנא און דורך די גרויסע רעקאָמענדאציאָנען וואָס ער האָט געקראָגען האָט ער געפּועלט ביים קעניג פון אראגאָן, אז ער זאָל צווינגען דעם רמב"ן צו האָבען מיט איהם אַ וכוח. פּאבלא איז געווען זיכער מיט זיין זיעג איבער רמב"ן, ווייל ער האָט געוואוסט, אז דער לעצטער וועט ניט קענען זאָגען אַלץ וואָס ער וויל און ווי ער וויל. ער האָט געוואוסט אז דער רמב"ן וועט מוזען זיין צוריקגעהאַלטען,

וועהרענד ער פאבלא, וועט קענען ריידען פריי און אונגע־שטערט. ער האט געהאפט, אז דורך א זיעג איבער דעם רמב"ן, דעם גרויסען און בעריהמטען אידישען געלעהרטען, וועט זיין אייגענע דעפוטאציע שטייגען, און דורך דעם וועט איהם אויך געלינגען צו זיין מעהר ערפאלגרייך אין זיין מיס־סיאנערסקער ארבייט.

דער רמב"ן איז אויפגעפאדערט געווארען פון קעניג צו האבען דיא דעבאטע מיט פ א ב ל א ' ן. דער רמב"ן האט זיך ניט געקענט העלפען, און האט אנגענומען די אויפ־פאדערונג. ער האט אבער געשטעלט א בעדינגונג, אז מען זאל איהם לאזען ריידען פריי, ווי ער וויל *).

„די ערלויבניס וועט דיר געגעבען, אבער דו זאלסט זיך ניט אויסדריקען גראב", האט איהם דער בישאף געזאגט.

„איך וויל ניט זיין פערפליכטעט צו אייך. איך וויל קע־נען זאגען וועגען דעם ויכוח אליץ וואס איך וויל פונקט וויא איהר זאגט אליץ וואס איהר ווילט. איך האב גענוג שכל און אנשטענדיגקייט צו ריידען מיט דרך ארץ, אבער דאס וועל איך טהאן פון מיין אייגענעם ווילען **), האט דער רמב"ן גע־ענטפערט.

פאבלא האט געוואלט ריידען וועגען קליינינקייטען, וועגען געוויסע נארישע מנהגים און דינים וואס געפינען זיך ביי אי־דען, מיינענדיג אז דערמיט וועט ער צווינגען דעם רמב"ן זיך צו שטעלען אין דער פאזיציע פון א פערטהיידיגער, וואס דאס גופא וואלט שוין געווען א געווינס פאר פאבלאן. דער רמב"ן האט עס פערשטאנען און האט געזאגט: וועגען קליינינקייטען וויל איך ניט ריידען. אין יעדער אמונה קען מען געפינען פיע־

---

*) צוה אותי אדוננו המלך להתוכח עם פ ר א י פ ו ל בהיכלו בפניו ובפני יועציו בברצלונה, ואען ואומר, אעשה כמצות אדוני המלך א ם ת ת נ ו ל י ר ש ו ת ל ד ב ר כ ר צ ו נ י.

**) אמרתי להם אינני רוצה להיות בדינכם על זה. אבל שאומר כל רצוני בענין הויכוח כאשר אתם אומרים כל רצונכם. ואני יש לי דעת לדבר בדרך המוסר (בענין הויכוח כאשר אתם אומרים), אבל ברצון נפשי יהיה.

לע אזעלכע זאכען, וואָס עס קענען ניט געפעהלען ווערען. איך וויל ריידען פון די סאמע וויכטיגסטע ענינים, אן וואָס אלץ הייננט אָפּ (אלא בדברים שכל הדין תלוי בהם). אנשטאָדט זיך צו פערטהיידיגען האָט דערמיט דער רמב״ן איבערגענומען דיא אטטאַקע.

עס איז געבליעבען אז מען זאָל דעבאַטירען וועגען דריי פונקטען: 1) צו איז שוין משיח געקומען וויא דיא קריסטען גלויבען אָדער ער דארף נאָך קומען וויא דיא אידען גלויבען; 2) צו משיח איז עס גאָט אליין אָדער א מענש געבוירען פון עלטערען; 3) צו דיא אידען אָדער די קריסטען האלטען זיך אן דער אמת׳ער תורה*). פיער טעג האָט זיך דער ויכוח געצויגען, און געענדיגט האָט ער זיך מיט א זיעג פאר דעם רמב״ן, ווען דער קעניג האָט בעדאנקט און נאָך געגעבען א מתנה דריי הונדערט „דינרים“.

דאָ איז ניט דער פּלאַטץ איבערצוגעבען דיא גאנצע דעבאטע. דאָ וועלען בלויז איבערגעגעבען ווערען אייניגע פונקטען. דער משומד פּאבלא האָט זיך אונטערגענומען צו בעווייזען פון דעם תלמוד און די מדרשים גופא, אז משיח איז שוין געקומען. ער האָט געבראכט א געוויסען „מדרש איכה“, וואו עס ווערט דערצעהלט, אז אין דעם טאָג פון חורבן איז משיח געבאָרען געוואָרען און ער געפינט זיך אין רוים. דער רמב״ן האָט געענטפערט: אויב דאָס איז אזוי, דאן בעווייזט דאָך עס, אז יעזוס איז ניט משיח, ווייל ער איז געבאָרען געוואָרען פריהער. א חוץ דעם האָט דער רמב״ן ווייטער געזאָגט, מיר אידען גלויבען פריהער פאר אלץ אין דער תורה, דאן קומט דער תלמוד אויף וויפיעל ער ערקלעהרט די דינים. די „אגדות“ פון תלמוד זיינען ניט מעהר ווי דרשות, און **קיינער איז אין זיי ניט מחויב צו גלויבען.**

*) ובכן הסכמנו לדבר תחילה בענין המשיח אם בא כפי אמונת הנוצרים או אם הוא עתיד לבוא כאמונת היהודים. אם המשיח הוא האלוה ממש או אם הוא איש גמור נולד מאיש ואשה. ואח״כ נדבר אם היהודים מחזיקים בתורה האמתית או הנוצרים עושים אותה.

אויף דער קריסטליכער בעהויפטונג, אז מיט יעזוס'עס טוידט איז אפגעשאפט געווארען די זינד פון אדם הראשון און עס איז אראפגענומען געווארען פון איהם די קללה, אזוי אז ער האט געקענט ארויס פון גהינום, בעמערקט דעם רמב"ן סארקאסטיש: וואס אין גהינום איז פארגעקומען איז שווער צו וויסען (הרוצה לשקר ירחיק עדותו), אבער צוליעב אדם'ס זינד איז פערשאלטען געווארען די ערד, אז זי זאל שפראצען דערנער און אז דער מענש זאל עסען ברויט מיט מאטערנים. אויך די פרוי איז פערשאלטען געווארען צו ליידען פון וועהע־ניסען ביים געבוירען קינדער, — פאר וואס זיינען די דאזיגע קללות ניט אפגעשאפט געווארען ?

וועגען דעם, צי איז שוין משיח געקומען, זאגט דער רמב"ן : אויף משיח איז געזאגט געווארען, אז ער וועט גע־וועלטיגען איבער דער גאנצער וועלט. י ע ז ו ס האט קיין מלוכה ניט געהאט, ער האט זיך געמוזט בעהאלטען פון זיינע שונאים... אויך נאך זיין טוידט האט ער ניט געהאט קיין מלוכה, דיא מלוכה פון די רוימער איז ניט געווען פאר איהם. און אפילו איצטער האבען דיא מאהאמעדאנער א גרעסערע מלוכה.

ווייטער טענה'ט דער רמב"ן: „דער נביא זאגט, אז אין משיח'ס צייטען וועט איינער דעם אנדערען ניט לערנען קיין מלחמה, ווייל די גאנצע וועלט וועט פול ווערען מיט וויסען ווי דער ים איז מיט וואסער פערדעקט, און זיי וועלען צוקלא־פען זייערע שווערדען אין אקער־אייזענס. זינט יעזוס איז גע־בארען געווארען ביז היינטיגען טאג איז די גאנצע וועלט פול מיט אונרעכט און רויב, א ו ן  ד י  ק ר י ס ט ע ן  פ ע ר־ ג י ס ע ן  מ ע ה ר  ב ל ו ט  ו ו י  ד י  א נ ד ע ר ע  א ו מ ו ת **).

**) הנביא אומר שבזמן המשיח לא ילמדו איש את רעהו מלחמה, כי מלאה הארץ דעה כמים לים מכסים, וכתתו חרבותם לאתים.... ומימי י ש ו ועד הנה כל העולם מלא חמס ושוד, ו ה נ ו צ ר י ם  ש ו פ כ י ם  ד מ י ם  י ו ת ר  מ ש א ר  ה א ו מ ו ת.

ער לאָזט זיך דאַרטען אויך אריין אין א דיסקוסיע וועגען דעם קריסטליכען גלויבען אין א דריי־אייניגקייט. ער טענה'ט, אויב מען זאָל אפילו אָננעהמען די ערקלעהרונג פון די קריסטליכע טעאָלאָגען, אז זיי מיינען דערמיט בלויז די דריי זייטען פון דער געטליכער נאַטור: חכמה, ווילען און קענען, בלייבט אלץ די פראַגע וואָס זיי מיינען דערמיט. אויב זיי מיינען, אז דאָס זיינען בלויז געטליכע אייגענשאַפטען, טאָ וואָס האָבען זיי פאַר א שייכות מיט יעזוס'ען? אויב זיי בעטראַכטען זיי ווידער אלס דריי בעזונדערע פּערזענליכקייטען, דאַן איז עס ניט אַנדערש ווי פיעל־געטעריי.

די דאָמיניקאַנער האָבען פערשפּרייט דעם קלאַנג, אז פּ א ב ל א איז אַרויס דער זיגער. דער רמב"ן האָט געפונען פאַר נויטהיג אָנצושרייבען דעם ויכוח און איהם צו פערשפּרייטען צווישען דעם אידישען עולם. ווען די דאָמיניקאַנער האָבען זיך דערפון דערוואוסט, האָט מען איהם געבראַכט צום געריכט אויף דער בעשולדיגונג, אז ער האָט בעליידיגט די קריסטליכע רעליגיאָן.

דער רמב"ן האָט עס ניט אָפּגעלייקענט. ער האָט אָבער געטענה'ט, אז ער האָט אין זיין „ויכוח" ניט אָנגעשריעבען קיין נייע זאַך, וואָס ער האָט ניט געזאָגט דער עפענטליכער דעבאַטע. און אזוי ווי ער האָט דאַמאָלסט געקראָגען דיא ערלויבניס צו ריידען וואָס ער וויל, זעהט ער ניט איין פאַר וואָס מען זאָל איהם בעשטראָפען.

די טענה איז געווען א שטאַרקע, אָבער זיינע ריכטער האָבען איהם בעשטראָפט, אז ער מוז פערלאָזען דאָס לאַנד אויף צוויי יאָהר. דיא דאָמיניקאַנער האָבען געפונען, אז די שטראָף איז א צו לייכטע און זיי האָבען געפּועלט, אז ער זאָל מעהר קיינמאָל ניט טאָרען קומען צוריק אין אַ ר אַ ג אָ ן. א יאָהר דריי האָט זיך דער רמב"ן אויפגעהאַלטען אין דרום פראַנקרייך. אין יאָהר 1267 האָט ער אויסגעוואַנדערט אין ארץ ישראל און האָט ער זיך בעזעצט אין ע כ ו. דאָרטען האָט ער באַלד געקראָגען תלמידים און אָנהייננגער, פאַר וועד

מען ער האט געזאגט א „שיעור“. אין ארץ ישראל האט ער אויך אנגעשריבען זיין פירוש אויף חומש.

זייענדיג אין ארץ ישראל האט ער געבייגקט נאך שפא־ניען, וואו ער האט איבערגעלאזען זיינע קינדער, זיהן און טעכטער. „איך האב דארטען געלאזען מיין נשמה. מיין הארץ און מיינע אויגען וועלען אייביג זיין מיט זיי“.

אין יאהר 1270 איז ער געשטארבען אין ארץ ישראל, וואו ער איז געבראכט געווארען צו דער קבורה.



## XVIII.

די אידען־פערפאלגונגען אין שפאניען און פיערצעהנטען יאהרהונדערט. די „אנוסים“. פּ א ו ל ד ע ס א נ ט א מ א ר י א. זיין שנאה צו אידען און יודענטהום. ר' יהושע בן יוסף א ל ־ ל ו ר ק י און זיין בריעף צו פאול'ען. פּ ר א פ י א ט ד ו ר א ן און זיין בעריהמטער „אל תהי כאבותיך“. זיין „כלמת הגויים“ און זיינע אנדערע ספרים.

---

גרויסע פּאסירונגען, זאגט מען, ווארפען זייערע שאָטענס פאראויס. דאָס איז אויך אמת בנוגע דעם שרעקליכען גירוש פון די שפּאנישע אידען אין יאהר 1492. ער איז געקומען ניט אונערוואַרטעט. די לאגע פון די אידען אין שפאניען איז געוואָרען ערגער און אונערטרעגליכער כמעט מיט יעדען יאָהר זינט די קריסטען האָבען דאָרטען געקראָגען די אויבערהאנד איבער די מאהאמעדאנישע מורינען. אַם שלימסטען און ערגסטען האָט אָנגעפאנגען זייער לאגע צו ווערען ביים ענדע פון פיערצעהנטען יאהרהונדערט. עס איז געווען דער אָנפאנג פון דער ענדע, צו די פערפאלגונגען, צו די הריגות און צו די שחיטות איז גאָר ניט געווען קיין גרענעץ.

פיעלע אידען זיינען אומגעקומען אויף קידוש השם. זיי האָבען זיך בעסער געלאָזט טויטען מיט אלערליי מיתות משונות, אבי ניט צו פערראַטהען זייער גאָט, זייער רעליגיאָן און זייער פאָלק. עס האָבען זיך אָבער אויך געפונען פיעלע, וואָס האָבען ניט געקענט ביישטעהן דעם שווערען נסיון און זיינען אריבער צום קריסטענטהום. ניט אויס ליעבע, נאָר ווענינער אויס איבערציייגונג, נאָר אויס מורא האָבען זיי אָנגע־

גומען דעם גלויבען פון זייערע פייניגער. מיט א געבראכענעם געמיטה און מיט א שווערער הארץ האבען זיי פערלאזען זייערע גלויבענס געגאסען און זייערע ליידענס־ברידער און זייגען אריבער אין דעם לאגער פון שונא. דער שונא, זייערע נייע קריסטליכע ברידער, האט זיי קיין צוטרויען ניט געשאנקען. די קריסטען האבען גאנץ גוט געוואוסט און פערשטאנען, אז ניט אויס איבערצייגונג זיינען זיי באקעהרט געווארען צום נייעם גלויבען, און זיי זיינען פערהאסט און פעראכטעט געווארען נאך מעהר ווי די אידען. זייערע נייע קריסטליכע ברידער האבען זיי בעטיטעלט מיט דעם נאמען מאראנאס (פערפלוכטע). די אידען האבען זיך די ערשטע צייט געהאלטען פון ווייטען פון די דאזיגע משומדים אבער ביסלעכווייז זיינען זיי געווארען פריינדליכער צו זיי, בעטראכטענדיג זיי אלס „אנוסים“ (געצוואונגענע).

די מעהרסטע פון די דאזיגע אנוסים האבען זיך געהאלטען ביי זייער נייעם גלויבען נאר אזוי לאנג, ווי זיי האבען געמוזט. ביי דער ערשטער בעקוועמער געלעגענהייט וואס האט זיך זיי געמאכט, האבען זיי פערלאזען זייער געבורטס־לאנד און אויסגעוואנדערט אין פרייערע לענדער. וואו זיי האבען אפען און אונגעשטערט געקענט לעבען אלס אידען. צווישען די אנוסים האבען זיך אבער אויך געפונען א רעכט ביסעל, וואס האבען זיך מיט דער צייט איינגעוואהנט מיט דער נייער אמונה און מיט דעם נייעם ארט לעבען. זיי זיינען געווארען עכטע שפאניער און האבען אנגעפאנגען שפיעלען ניט קיין קליינע ראלע אין דעם פאלימישען, קולטורעלען און ליטעראַרישען לעבען פון לאנד. זיי זיינען פערלארען געגאנגען פאר דעם אידישען פאלק אין גאנצען. אבער קיין משומדים־להכעים, קיין יודישע שונאים, זיינען זיי ניט געווארען.

א חוץ די „אנוסים“ האבען זיך אבער אויך געפונען פרייוויליגע משומדים, וואס זיינען אריבער אין פיינד'ס לאגער צוליעב פערזענליכע נוצען און צוועקען. זיי זיינען געווארען פערביטערטע שונאים פון זייער פאלק און האבען אנ־

געווענדעט זייער גאנצע ענערגיע, זייערע גאנצע פעהיגקייטען. זייער גאנצען קענען און וויסען צו בעקעמפפען זייער פאלק און זייער פריהערדיגע רעליגיאן. זיי האבען נימו געקליבען קיין מיטלען. אלץ איז רעכט געווען. מסירות, בלבולים, בעשמו־צונגען און פערלוימדונגען דאס זיינען געווען זייערע וואפען. זיי פלעגען פער׳ מוסר׳ען דאס אידישע פאלק און די אידישע אמונה. זיי זיינען געווארען הייסערע קריסטען, ווי די קריס־טען גופא. ווי אלע רענעגאטען, צי דאס איז א פאסיפיסט, וואס ווערט א מיליטאריסט, צי דאס איז א סאציאליסט וואס ווערט א קאפיטאליסט, זיינען זיי געווארען ווילדערע פערפאל־גער פון זייערע פריהעריגע גלויבענס־גענאסען ווי די קריסטען גופא. טהיילווייז איז עס געווען, ווייל זיי האבען דערמיט געוואלט ארויסווייזען זייער טרייהייט און איבערגעבענהייט צו דער נייער רעליגיאן און טהיילווייז צוליעב דעם, וואס זיי האבען געוואלט פערשטיקען און פערשרייען זייער אייגענעם געוויסען. זיך אליין איינריידען אז זיי מיינען ערנסט.

איינער פון די וויכטיגסטע פון די דאזיגע להכעיס־משומדים איז געווען פ א ו ל ד ע ס א נ ט א מ א ר י א, אדער פ א ו ל ד ע ב ו ר ג א ס. זיין פאטער ר׳ יצחק הלוי איז געווען א גרויסער למדן, א גרויסער יחסן און א רייכער מאן. ער אליין, מיט זיין אידישען נאמען ר׳ של מ ה ה ל ו י, איז געווען א געלעהרטער און איינער פון די בעדיי־טענדסטע תלמודיסטען פון זיין צייט. ער איז אויך געווען רייך און פאר א לאנגע צייט רב אדער דיין אין בורגאס. דער בעריהמטער תלמודיסט ר י ב " ש האט זיך מיט איהם אי־בערגעשריבען וועגען תלמודישע פראגען. ער איז דערצו גע־ווען זעהר פרום. זיין טויפען זיך איז יאהר 1390 איז דארום געקומען ווי א דונער אין א מיטען העלען טאג. קיינער האט עס ניט געקענט ערווארטען.

נאך זיין טויפען זיך איז פאול דע סאנטא מאריא גע־פאהרען קיין פאריז, וואו ער האט געשטודירט און איז פער־לויף פון א פאר יאהר געקראגען דעם טיטעל דאקטאר פון טעאלאגיע. ער איז שפעטער געווארען אן ערץ־בישאף און

האט זיך ארומגעטראגען מיט אמביציעזע געדאנקען צו ווע־
רען קארדינאל און זאגאר פאבסט.

די אורזאכע פון זיין שמד׳ען זיך איז ניט אין גאנצען
קלאהר. ער האט בעהויפטעט, אז ער איז בעקהערט געווארען
צום קריסטענטהום דורך די שריפטען פון דעם בעקאנטען
קריסטליכען פילאזאף טהאמאס אקווינא. די אי־
דען, איבערהויפט די וואס האבען איהם געקענט נעהענטער,
האבען עס ערקלעהרט צוליעב זיין עהרגייציגקייט און יאגענים
נאך הערשאפט. אין דער קריסטליכער קירכע האט ער גע־
קענט געפינען מעהר געלעגענהייטען זיך ארויפצוארבייטען
און צו געווינען מאכט און אנזעהן. ווי די מעשה זאל ניט זיין,
דער אמאליגער רב שלמה הלוי איז געווארען איינער פון די
פערביטערטסטע געגנער פון די אידען און פון יודענטהום.
זייענדיג אן איינגעהער אין פאבסטליכען פאלאסט, האט ער
אנגעווענדעט אלע זיינע מעגליכקייטען צו פארערגערען די
לאגע פון די אידען דורך אלערליי מסירות. געגען דער אידי־
שער אמונה איז ער ארויסגעטראטען אפען מיט מעהרערע
פאמפלעטען.

ער איז געווען דער וויכטיגסטער פון די דאזיגע משומדים־
להכעים, אבער בשום אופן ניט דער איינציגער. עס האבען
זיך אויך געפונען אנדערע משומדים, וואס האבען זיך גענומען
צו שרייבען ביטערע אטאקעס געגען דעם יודענטהום. די
אידען פון זייער זייט האבען אויך ניט געשוויגען און זיינען
ארויס מיט אטאקעס און פערטהיידיגונגען, אזוי אז דער
פיערצעהנטער און א טהייל פון דעם פופצעהנטען יאהר־הונ־
דערט זיינען געווען די רייכסטע אין דער פאלעמישער
ליטעראטור.

ר׳ יהושע בן יוסף אל־לורקי, א נאהענ־
טער בעקאנטער און בעוואונדערער פון פאול דע סאנטא
מאריא, ווען ער, דער לעצטער, איז נאך געווען א איד, האט
זיך צו איהם געווענדעט מיט א לאנגען בריעף, אין וועלכען
ער האט דעם משומד אויפגעפאדערט, אז ער זאל איהם ער־
קלעהרען זיין טהאט.

דער בריעף לויטעט בקצור אזוי: „איך גלויב ניט, אז דו ביזט בעקעהרט געווארען צוליעב וועלטליכער גדולה און עשירות, ווייל איך געדענק נאך, ווי דו ביזט געווען אונצופריעדען מיט דיין רייכקייט, ווי דו האסט געביינקט נאך אן ארימען לעבען, כדי דו זאלסט זיך בעסער קענען אפגעבען מיט׳ן לערנען און מיט שטודירען. איך גלויב אויך ניט, אז דו האסט אנגעפאנגען צווייפלען אין דער אידישער אמונה צוליעב דער פילאזאפיע, וואס האט אונטערגעגראבען איהרע יסודות, ווייל איך וויים, אז די אמת׳ען פון דער פילאזאפיע זיינען ביי דיר ניט געווען אין ווידערשפרוך מיט די אמת׳ן פון דער רעליגיאן. ביזט געווען פרום ביז דעם לעצטען טאג פון דיין טויפען זיך. צי איז עס מעגליך, אז די פערפאלגונגען פון די אידען האבען דיר געבראכט צום געדאנק, אז דאס אידישע פאלק מוז אונטערגעהן און האט מעהר קיין האפנונג ניט? האסטו דאך געמעגט וויסען, אז דער גרעסטער טהייל פון דעם אידישען פאלק לעבט ניט אונטער דער קריסטליכער הערשאפט, און ווען אפילו עס איז גאט׳ס גזרה, אז די אידען פון אלע קריסטליכע לענדער זאלען פערניכטעט ווערען, וועט נאך אלץ דאס אידישע פאלק בלייבען.

„מען מוז דארום אננעהמען“, שרייבט אל־לורקי סארקאסטיש ווייטער, „אז דו ביזט בעקעהרט געווארען צום קריסטענטהום אוים ריינער איבערציינונג, ווייל דו האסט איינגעזעהען, אז די קריסטליכע דאגמען זיינען אמת. איך וואלט דיר דארום בעטען, אז דו זאלסט א.וי פריינדליך זיין און מיר אויפקלעהרען איינינע פונקטען:

1) די אויפגאבע פון משיח׳ן, לויט ווי די נביאים האבען פאראויסגעזאגט, איז צו בעפרייען דעם אידישען פאלק. האט עס י ע ז ו ס געטהאן?

2) דער קומענדער משיח דארף צוזאמענקלייבען די אידען פון גלות, ווי אזוי קען עס זיין י ע ז ו ס, ווען די אידען זיינען נאך דאמאלס ניט געווען אין גלות?

3) מיט דעם אנקומען פון משיח, שטעהט געשריבען, וועט ארץ ישראל פון דאס ניי אויפגעבויט ווערען און די אי־

דען וועלען זיך דארטען אויפהאלטען. די דאזיגע נבואה איז נאך ניט מקוים געווארען, ווייל די אידען זיינען צוזעעט און צושפרייט איבער דער גאנצער וועלט און די היילינע לאנד איז נאך קיינמאל ניט געוועזן אזוי חרוב ווי זי איז איצט.

4) נאך משיח'ס קומען, האבען דיא נביאים געזאגט, וועט גאט אנערקענט ווערען פון אללע פעלקער. איז דאס שוין מקוים געווארען?

5) וואו איז דער אייביגער שלום, וואס איז פערשפראכען געווארען פאר דער משיח'ס־צייט?

„דאס זיינען בלויז אייניגע פון מיינע צווייפלען בנוגע דער קריסטליכער אמונה", ענדיגט אל־לורקי זיין בריעף „איך וויל דא ניט שרייבען וועגען מיינע צווייפלען בנוגע יעזוס'עס געבורט, זיין טויט, זיין תחית־המתים, זיינע גע־שפרעכען מיט דיא תלמידים און אנדערע פערזאנען, זיינע ניסים און דער גלייכען. דאס וועלען מיר בעשפרעכען מינדליך".

איינער פון די גייסטרייכסטע פערטהיידיגער פון יודענ־טהום און אטאקירער פון קריסטענטהום איז געוועזן פראפיאט דוראן (דער אפודי). ער איז געבארען געווארען אין לעצטען העלפט פון פערצעהנטען יאהר־הונדערט אין דרום־פראנקרייך. אין זיינע יונגע יאהרען האט ער געלעהרענט תלמוד אין איינע פון דיא דייטשע ישיבות. אחוץ תלמוד האט ער שפעטער אויך שטודירט דיא אנדערע וויססענשאפ־טען. און איז בעריהמט אלס גרויסער העברייאישער גראמא־טיקער און בעדייטענדער פילאזאף. צווישען זיינע מעהרערע ספרים איז זיין העברייאישע גראמאטיק „מעשה אפוד" און זיין פירוש אויף דעם „מורה נבוכים" אם בעסטען בעקאנט.

אין יאהר 1391 איז ער צוליעב דיא שרעקליכע פערפאל־גונגען געצוואונגען געווארען אנצונעהמען דעם קריסטענטהום. ער האט שפעטער זיין גאנצען לעבען זיך ניט געקענט פער־געבען דיא דאזיגע זינד, ווארום ער איז בעסער ניט אומגעקור־מען אויף קדוש השם. דיא „טבילה־וואסער" האט ער אנגע־רופען די „מיים הזדונים". לאנג האט ער זיך מיט דער

ניער אמונה ניט געהאַלטען. ער האָט אָפּגעמאַכט מיט זיינעם אַ פריינד, אַז זיי זאָלען פערלאָזען איירָאָפּאַ און זיך בעזעטצען אין ארץ ישראל. ער האָט זיך בעדאַרפט טרעפען מיט זיין פריינד אויף אַ בעשטימטען פּלאַטץ. אָבער צו זיין איבעררַאשונג האָט ער דאָרטען זיין פריינד ניט געטראָפען. אנשטאָט דעם האָט ער געקראָגען פון איהם אַ בריעף, וואו דער פריינד זיינער ערקלעהרט איהם, אַז ער האָט בעשלאָסען צו בלייבען ביי דער קריסטליכער אמונה. ער דערצעהלט איהם, אַז ער האָט זיך געטראָפען מיט פּאול־דע סאנטאַמאַריע, וועלכע האָט איהם געעפענט זיינע אויגען און איהם איבערצייגט אין דער אמת'קייט פון קריסטענטהום. אין דעם דאָזיגען בריעף דערצעהלט ער אויך פון דיא גרויסע אמביציעס פון פּאול דע־סאַנטע מאַריע, וועלכער וועט מסתמא ווערען אַ קאַרדינאַל אָדער דער פּאַבסט אליין.

פּרפיאט דוראן האָט בעשלאָסען צו ענטפערען זיין פריינד אין אַ לאַנגען בריעף, אין וועלכען יעדער פּאַראַגראַף פאַנגט זיך אָן מיט די ווערטער: „אל תהי כאבותיך“ (דוא זאָלסט ניט זיין וויא דיינע עלטערען). אין דעם בריעף אַטאַקירט דוראן אַללע קריסטליכע דאָגמאָן, אָבער ער טהוט עס מיט אַזאַ עדעלער און פיינער איראָניע, אַז פאַר אַ היבשע צייט האָבען דיא קריסטליכע פּריסטער דאָס אָנגענומען פאַר אַ פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר דעם קריסטענטהום. זיי האָבען דאָרום דעם דאָזיגען בריעף פערשפּרייט אַלס פּראָפּאַגאַנדאַ ליטעראַטור אונטער דעם נאָמען: „אַלטעקאַ־באַטעקאַ“. ערשט שפּעטער האָבען זיי זיך געכאַפּט, אַז ער איז פול מיט לצנות און חוזק פון דיא קריסטליכע דאָגמען און האָבען איהם, דעם דאָזיגען בריעף, פעראורטהיילט צום פערברענען. דיא אידען דאַגעגען האָבען געטאָהן זייער בעסטענס צו פערברייטען דעם „אל תהי כאבותיך“. יוסף בן שם־טוב, אַ געלעהרטער און פילאָזאָף, האָט זאָגאַר אָנגעשריעבען אַ פירוש אויף איהם.

דאָ וועט בלויז געגעבען ווערען איינינע אויסציגע פון דעם דאָזיגען בריעף:

**אל תהי כאבותיך.** וואס האבען געגלויבט אין אן איין־איינציגען גאט און האבען פון איהם בערויבט איר־גענד וועלכע מערהייט. זיי זיינען פערפיהרט געווען, ווען זיי האבען געזאגט: הער ישראל, גאט אונזער גאט איז איינער, זיי האבען געמיינט, אז איינער מיינט איינער, ניט קיין צו־זאמענגעשטעלטער אדער מעהרער וויא איינער. דוא ביזט ניט אזוי: גלויבסט אין איינס און דריי, אין איינעם וואס איז דריי און אין דריי וואס איז איינס. ניט דריי איינע נאך דיא אנדרע, נאר דריי צוזאמענגעשטעלטע און פעראייניגט גוף צו גוף. דאס מויל קען פון דעם ניט ריידען און דער אויער קען עס ניט בעגרייפען.

**אל תהי כאבותיך.** וואס האבען געגלויבט אין א גאט וואס קען ניט געענדערט ווערען אין קיין שום אופן. זיי זיינען פערפיהרט געווען, ווען זיי האבען געזאגט: איך גאט קען ניט געענדערט ווערען. זיי האבען איהם בערויבט פון אירגענד וועלכער קערפערליכקייט און האבען איהם גע־מאכט צום פשוטען, ריינעם שכל. זיי האבען אויסגעטייטשט דיא פסוקים פון דער תורה, אז זיי זאלען שטימען מיט'ן שכל. ניין, דוא ביסט ניט אזוי. דוא בערויבסט איהם ניט פון קערפערליכקייט, חס ושלום. דוא גלויבסט, אז ער האט זיך אין איינע פון זיינע געשטאלטען פערקליידט אין פלייש, ניט אין גאנצען ער, נאר בלויז א דריטעל פון איהם. ער האט געלאזען פערגיסען זיין בלוט ווי וואסער, כדי זיין פאלק פון זינד אויסצולייזען. דאנק איהם און לויב איהם פאר דעם חסד, וואס ער האט דיר געטאהן דיר צו העלפען און דיר צו רעטען. ער האט נעביך אלץ געליטען פון דיינטוועגען, קיין אנדער וועג האט זיין חכמה ניט געפונען, וויא אזוי דיר צו רעטען. גלויב, אז דיא ריינע יונגפרוי איז געבליבען יונגפרוי אויך נאכדעם וויא זיא האט פערשוויינגערט, אויך נאכדעם וויא זיא האט געבוירען אהן יסורים און אהן וועהעניסען. פרעג ניט קיין קשיות, וויא אזוי קען א קערפער ארויס און אריין און אלץ זאל בלייבען וויא געוועזן.

**אל תהי כאבותיך.** וואס האבען זיך פערטיעפט

אין דיא ספורים פון דער וועלט־שעפּפונג און האָבען דאָר־טען געזוכט אויסצוגעפינען דיא סודות, וועלכע זאָלען זיין אין איינפערשטענדנים מיט דער פילאָזאָפיע; וואָס האָבען דערקלעהרט דעם גן־עדן און דעם גהינום, דיא טייכען, דעם בוים פון וויסען, וועגען אדם און חוה, וועגען דעם שלאַנג און דיא פעלענע העמדער. ניין, דוא דאַרפסט עס ניט. דוא דאַרפסט זיך ניט גריבלען און זוכען, פאַר דיר איז אַלץ קלאָהר און פשוט. דוא נעהמסט אלץ וויא עס שטעהט געשריבען. נאָר דוא לייגסט צו עטוואָס וואָס שטעהט ניט געשריבען. דוא לייגסט צו, אז פאַר זיין זינד איז אדם הראשון איבער־געגעבען געווארען אין דיא הענד פון שטן, ביז וואַנען דער ערלייזער האָט איהם מיט זיין טויט אויסגעלייזט... ער האָט איהם אויסגעלייזט פון א שטראַף, וואָס איז אין פסוק ניט דערמאַנט און האָט איהם ניט אויסגעלייזט פון דיא קללות וואָס ווערען אין פסוק יע דערמאַנט...

אל תהי כאבותיך, וואָס האָבען זיך פערלאָזען אויפן שכל און האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט וויססענשאַפטען און פילאָזאָפיע; זיי האָבען אויסגעבויט גאַנצע פּאַלאַסטען אויף דיא נארישקייטען פון שכל. זיי זיינען פערפיהרט און פערנארישט געווען, ברודער. געה ניט אין זייערע וועגען. דוא דאַרפסט עס ניט. גלויב אין א טאַטען. וואָס איז זיך א זוהן און אין א זוהן, וואָס איז זיך א טאַטען...

אל תהי כאבותיך וואָס האַלטען זיך אן משה'ס תורה, זיי היטען אָפּ דיא פערבאָטען און דיא פערזאָגען... דוא דאַרפסט עס ניט. דאָס קען דיר נאָך בריינגען צו שאַנדע. זיי ניטן מל דיינע קינדער. עס טרפות, טהו וואָס דיין האַרץ געלוסט און לעב א טאָג.

אל תהי כאבותיך. וואָס האָבען געזאָגט, אז דיא ביינער פון א! עזעל זיינען ריין און דיא ביינער פון כהן־גדול זיינען אונריין. ניין, דוא ביסט ניט אזוי. געה אויפן „מאַר־הילניק“ און נעהם זיך מענשליכע ביינער און מאַך דיר דערפון היילינגטהימער... זוך דיא טויטע און וואָס בלייבט פון זיי

נעהם דיר א ביינדיל וויא א גערשט דיא גרוים און שעטץ עס וויא אז אבן־טוב, פערהייליג עס און קוש עס.

* * *

א חוץ דעם „אל תהי כאבותיך“ האט פראפיאט דוראן אויך אנגעשריבען דעם ספר „כלמת הגויים“, וואו די קריסט־ליכע דאגמען ווערען בעקעמפפט און בעהאנדעלט אין א מעהר ערנסטען טאן.

## XIX.

ר' חסדאי קרשקש. זיין קאמפּף געגען דעם אריסטאטעליאניזם, הויפּט־זעכליך געגען די אידישע אריסטאָטעליאנער ווי דער רמב"ם און דער רלב"ג. זיין קאמפּף געגען די דאגמען פון קריסטענטהום און זיין „בטול עקרי הנוצרים". זיין איינפלוס אויף שפּינאָזא'ן.

---

ר' חסדאי בר' אברהם קרשקש (קרעשקאש) איז געבאָרען געוואָרן אין באַרצעלאנא, שפּאַניען, אין יאָהר 1340 און איז געשטאָרבען אין 1410. ער האָט אפּגעשטאַמט פון א פאמיליע פון גרויסע תלמודיסטען און רייכע מענשען. ער אליין איז אויך געווען א גרויסער תלמודיסט און רייכער מאַן. זיין רבי אין תלמוד איז געווען דער בעריהמטער תלמודיסט און אויך פילאָזאָף ר' נסים פון גיראנדי (דער ר"ן). צווישען זיינע נאָהענטע פריינד און חברים זיינען געווען דער עלטערער ריב"ש און דער אינגערער "אפודי". אין דער וויענער אויסגאבע פון זיין ווערק „אור ה'" געפינען זיך אויף'ן שער די ווערטער „שחיה רב בסרגוסא בשעת השמד" (וועלכער איז געווען דער רב אין סאראגאסא אין דער צייט פון דעם שמד), אָבער עס איז א צווייפעל צי ער איז איבערהויפּט ווען עס איז געווען דער אפּיציעלער רב פון סאראגאסא. די דאָזיגע שטעלע איז דאמאלס פערנומען געוואָרען פון דעם ריב"ש.

אזוי צי אזוי, זיין נאָמען און בעדייטונג אלס תלמודיסט איז געווען זעהר שטארק פערשפּרייט און צו איהם ווי צו דעם

ריב"ש פלעגען זיך די רבנים פון די נעהענטערע און ווייטערע אידישע קהלות ווענדען מיט אלערליי שאלות ותשובות.

זיין רייכקייט און זיין אנזעהן אלס געלעהרטער אפילו צווישען נים־אידען האט איהם נים געראטעוועט פון די פער־פאלגונגען און די ערנידרונגען, וואס די שפאנישע אידען האבען געהאט אויסצושטעהן. צוליעב א בלבול האט מען איהם אין יאהר 1378 אריינגעזעצט אין תפיסה. אין 1391 איז זיין איינציגער זוהן אומגעקומען אויף קדוש השם, ווייל ער האט זיך ענטזאגט אנצונעהמען דעם קריסטענטהום.

די אלע צרות און ליידען האבען אבער נים אפגעשוואכט זיין איבערגעבענהייט צו דער אמונה פון זיינע עלטערן, וועלכע ער האט געזוכט צו פערטהיידיגען מיט אלע זיינע אויסערגע־וועהנליכע פעהיגקייטען. די געפאהר פאר דעם יודענטהום איז געווען א דאפעלטע. פון איין זייט זיינען די יסודות פון דער אידישער אמונה אונטערגעגראבען געווארען פון דער ארי־סטאטעלישער פילאזאפיע, פון די עקסטרעמע תלמידים פון דעם רמב"ם און דעם רלב"ג; פון דעם צווייטען זייט איז זי געשטעלט געווארען אין געפאהר דורך די משומדים און די מוסרים, וואס האבען זיך דאן פארמעהרט. ר' חסדאי קרשקש האט זיך אריינגעווארפען אין קאמפף געגען די ביידע געפאה־רען. פון איין זייט פיהרענדיג א פאלעמיק געגען דעם רמב"ם, רלב"ג און דעם גאנצען אריסטאטעליאניזם און פון דעם אנ־דערען זייט געגען דער מכה פון די משומדים. געגען דעם אריסטאטעליאניזם איז ער ארויסגעטראטען מיט זיין ספר „אור ה'" (גאט'ס ליכט), וועלכען ער האט אנגעשריבען אין א קורצען, קלאהרען העברעאיש. געגען דער משומדים־מכה און די טענות פון די משומדים איז ער ארוים מיט זיין ספר „בטול עקרי הנוצרים" (די צושטערונג פון די קריסטליכע דאגמען), וועלכען ער האט אנגעשריבען אין שפאניש און וועלכער איז איבערזעצט געווארען פון ר' **יוסף בן שם־טוב**.

ר' חסדאי קרשקש בעקעמפפט דעם אריסטאָטעליאניזם ווי אַ גלויביגער, פרומער איד, אָבער ער בענוצט זיך דערביי מיט די וואפען פון די פילאָזאָפען גופא. ניט דערפאר טויג ניט דער אריסטאָטעליאניזם, ווייל ער שטימט ניט איין מיט אידישקייט; ניט דערפאר טויג ער ניט, ווייל ער קען אראָפּ־פיהרען די אידישע יונגע לייט פון דעם רעכטען וועג, ווי דאס איז געוועזען די טענה פון דעם רשב"א און די אנדערע געגנער פון דער פילאָזאָפיע. לויט קרשקש טויג דער אריסטאָ־טעליאניזם ניט דערפאר, ווייל ער איז אין עצם ניט דער אמת, ווייל זיינע בעווייזע זיינען קיינע בעווייזע ניט, ווייל זיינע הנחות זיינען ניט בעגרינדעט. דער מאָטיוו פון קרשקש'עס קאמפף געגען דעם אריסטאָטעליאניזם איז אהן ספק געוועזען זיין גרויסע איבערגעבענהייט און זיין טיעפער גלויבען אין דעם יודענטהום, אָבער די מעטהאָדען און די מיטלען וועלכע ער געברויכט זיינען פון אַ פילאָזאָף. ער בעקעמפפט דעם אריסטאָטעליאניזם מיט זיין אייגענער וואפע, מיט דער לאָגיק. ער בעווייזט מיט דער הילף פון לאָ־גיק, אַז די מענשליכע לאָגיק איז גאר ניט ווערטה, ווען עס קומט צו אַזעלכע פראגען. ער זוכט צו בעווייזען, אַז די אַלע לאָגישע בעווייזע וואָס די אריסטאָטעליאנער ברענגען צו בע־גרינדען די עקזיסטענץ פון גאָט, זיין איינהייט און אזוי ווייטער, זיינען גאר ניט ווערטה: זיי בעווייזען קיין זאך ניט.

דער רמב"ם אין זיין „מורה נבוכים" ברענגט זעקס און צוואנציג „הקדמות" אָדער הנחות „פון די פילאָזאָפען". צו די דאָזיגע זעקס און דרייסיג „הקדמות" ברענגט דער רמב"ם נאָך זעקס אייגענע „מופתים" אָדער בעווייזע. אויף דעם גרונד פון די דאָזיגע צוויי און דרייסיג „הקדמות", אקסיאָמען און טהעאָרעמען, בויט דער רמב"ם אויף זיין גאנצען בנין. איינ־ציגווייז צוגלידערט קרשקש די דאָזיגע הקדמות, און מיט אַ אָהן־רחמנות'דיגער און שארפער קריטיק בעווייזט ער ווי גרונדלאָז און אונבעגרינדעט דעם רמב"ם'ס יסודות זיינען. „דער רמב"ם און אפילו זיינע שיחות חולין זיינען אונז טייער

און ליעב, אבער דער אמת איז אונז ליעבער". זאגט קרשקש וועגען דעם רמב"ם.*)

דעם רמב"ם'ס בעוויז, דער אריסטאטעליאנישער בעוויז, פון גאטס עקזיסטענץ ווערט בעגרינדעט אויף דער אונמעגליכקייט פון אן אונענדליכקייט. יעדע זאך וואס איז אין בעוועגונג מוז האבען א בעוועגער. דער בעוועגער א צווייטען,ד ער צווייטער א דריטען ביז דער אונענדליכקייט. אבער אזוי ווי קיין אונענדליכקייט עקזיסטירט ניט אין דער ווירקליכקייט, מוזען מיר סוף כל סוף קומען צו אן ערסטען בעוועגער, וואס איז אליין בעוועגלאז. דער דאזיגער בעוועגלאזער בעוועגער איז גאט. קרשקש טענה'ט, אז אן אונענדליכקייט קען יא עקזיסטירען, און אז ממילא איז דער גאנצער בעוויז צוזאמען מיט די שליסע פון איהם גאר ניט ווערטה. אויף דעם זעלבען וועג צושטערט קרשקש דעם רמב"ם'ס בעוויז וועגען גאט'ס איינהייט. אונענדליכקייט אין חלל (רוים) קען עקזיסטירען און עקזיסטירט. גם איז דארום מעגליך די עקזיסטענץ פון אן אונענדליכע צאהל וועלטען, וועלכע מוזען ניט על פי לאגיק דוקא זיין בעשאפען פון איין איינציגען גאט.

דער מענשליכער שכל און די מענשליכע לאגיק איז ניט אונפעהלבאר. דער מענשליכער שכל איז ניט אימשטאנד צו פארענטפערען די דאזיגע פראגען, אבער דאס וואס דער מענשליכער שכל קען אונז ניט געבען, גיט אונז די אמונה. זי, די אמונה, לערנט אונז ניט אזעלכע זאכען, וואס זיינען געגען דעם שכל. מען קען ניט און מען דארף ניט גלויבען אין זאכען, וואס זיינען געגען שכל, אבער דאס מיינט נאך ניט, אז מען קען ניט גלויבען אין זאכען, וואס דער שכל איז ניט ביכולת צו בעווייזען.

קרשקש בעקעמפפט אין אלגעמיין דעם אינטעלעקטואליזם פון די אריסטאטעליאנער, לויט וועלכען גאט אליין איז דורכאויס ריינער שכל, און אז דאס העכסטע אין מענשען

*) דברי הרב רבינו ושיחות חולין שלו חביבים עלינו ואהובים אצלנו, הנה האמת אהוב יותר (הקדמה, אור ה').

איז זיין שכל, וועלכער קען זיך ערווערבען אונשטערבליכקייט בלויז דורך דעם, וואס זיין שכל פעראייניגט זיך מיט דעם אלגעמיינעם וועלט־שכל. בעגרינדענדיג זיך אויף דעם איז דער רמב"ם מיט אלע אנדערע אריסטאטעליאנער געקומען צום שלוס, אז בלויז דער דאזיגער מענש איז זוכה צו אונשטערבליכקייט, וועלכער האט ענטוויקעלט זיין שכל. וואס מעהר איינעמס שכל איז ענטוויקעלט און פערפאלקאמט, אלץ מעהר ווערט ער פעראייניגט מיט דעם וועלט־שכל, אלץ א העכערע מדרגה פון „השארת הנפש" דערגרייכט ער. לויט דעם קומט אויס, אז דער מענש, וואס גיט זיך אפ מיט מאטהעמאטיק, למשל, איז גיכער זוכה צו אונשטערבליכקייט ווי דער פרומער און דער גוטער. קרשקש איז ניט צופריעדען מיט דער דאזיגער לעהרע, וואס די פילאזאפען האבען זיך אויסגעטראכט. גאט אליין, מיינט קרשקש, איז ניט בלויז ריינער שכל אין זיין נאטור. ער איז דערצו אויך גוטסקייט און ליעבע, וואס עס פיהרט דערצו, אז ער זאל וועלען טהאן גוטס צו די ברואים. גאט'ס גרעסטע הנאה בעשטעהט ניט אין דעם, ווי די אריסטאטעליאנער ווילען האבען, וואס ער איז זיך בעוואוסט אין זיין אונבעגרעניצטען אלל־וויסען, נאר אויך אין זיין אונענדליכער ליעבע און גוטסקייט. ליעבע און ניט וויסען איז דער בונד צווישען גאט און מענשען.

קרשקש בעקעמפפט דעם רמב"ם אין אלע וויכטיגע פונקטען. ער באקעמפפט דעם רמב"ם'ס לעהרע וועגען גאט'ס אטריבוטען. דער רמב"ם בעהויפטעט, אז מען קען וועגען גאט ניט זאגען קיין זאך פאזיטיוועס, נור בלויז נעגאטיוועס. מען קען ניט, למשל, זאגען, אז גאט איז עקזיסטירענד, נאר מען דארף זאגען, אז ער איז ניט ניט־עקזיסטירענד. קרשקש רופט עס אן א שפיעל אין ווערטער, ווארים אז מען זאגט, אז גאט איז ניט ניט־עקזיסטירענד מיינט דאך עס סאי ווי סאי, אז ער עקזיסטירט. טא פאר וואס זאל מען ניט זאגען, אז גאט עקזיסטירט? וואו איז דער חילוק? אויך איז קרשקש ניט איינפערשטאנען מיט'ן רמב"ם, אז גאט'ס אטריבוטען זיינען

ניט בלויז אנדערש אין דער מדרגה, נאר אויך אנדערש אין מין. גאט'ס קענען, גאט'ס וויסען און אזוי ווייטער זיינען אין גאנצען אנדערש ווי אונזער קענען און וויסען. קרשקש האלט דא מיט'ן רלב"ג, אז זיי זיינען בלויז אנדערש אין מדרגה, אבער ניט אנדערש אין מין. גאט'ס וויסען איז אונענדליך העכער און קלערער ווי אונזערער אבער ניט קיין אנדערער, ווארים אז ניט קען דאך זיין, אז גאט'ס וויסען איז גאר דאס וואס מיר רופען אונוויסען.

דא איז ניט דער פלאץ מאריך צו זיין וועגען קרשקש'ס פילאזאפיע אין אלע איהרע איינצעלהייטען. זיין גרעסטע בע־דייטונג בעשטעהט אין דעם, וואס ער איז געווען דער ער־שטער צווישען אידען, וועלכער האט זיך ערלויבט ארונטער־צורייסען דעם גאנצען אריסטאטעליאניזם, וואס האט פאר גאנצע יאהר־הונדערטע פערשקלאפט די מוחות פון אלע דענ־קער, סאי פון די אידישע און סאי פון די נימ־אידישע. ער איז דער אידישער ג י א ר ד א נ א ב ר ו נ א.

זיין איינפלוס אויף דער אלגעמיינער פילאזאפיע איז פיעל וועניגער ווי מען האט געקענט ערווארטען. פיעלע פון די אידישע פילאזאפען נאך איהם האבען בעטראכט זיין ארויסטרעטען געגען אריסטאטעלם און געגען די אריסטא־טעליאנער אלס א חוצפה. מאנכע פון דעם רמב"ם'ס חסידים האבען איהם אנגערופען נאר און פאנטאזיאר. עס איז אבער איצטער פעסטגעשטעלט געווארען פון י א ע ל'ען, אז ש פ י־נ א ז א איז זעהר שטארק בעאיינפלוסט געווארען פון קרשקש און זיינע לעהרען וועגען די אטריבוטען און וועגען פרייען ווי־לען. שפינאזא ווי קרשקש זיינען מעהר נוטה צום געדאנק, אז דער מענש בעזיצט ניט קיין פאלשטענדיגען פרייען ווילען. אז דעם מענשען'ס מהאטען זיינען אונטערווארפען דעם געזעץ פון אורזאכען און פאלגען. און שפינאזא ווי קרשקש זוכען אויף דעם זעלבען וועג צו פערענטפערען די סתירה צווישען גאט'ס וויסען און דעם מענשליכען פרייען ווילען.

קרשקש טרעט אויך ארויס געגען דעם רמב"ם'ס דריי־

צעהן „עיקרים". ווענען מאנכע פון די דאָזיגע עיקרים זאָגט קרשקש, אז כאָטש זיי זיינען אזעלכע זאכען. וואָס יעדער איד דאַרף אין זיי גלויבען, אָבער דער וואָס גלויבט אין זיי ניט קען ניט אנגערופען ווערען קיין אפיקורס.

* * *

מיט דעם זעלבען טאָן פון געלעהרטען און פילאָזאָף ווי קרשקש בעקעמפפט דעם אריסטאָטעליאניזם בעקעמפפט ער אויך די דאָגמען פון קריסטענטהום. ער לאכט ניט און חוזק'ט ניט. ער בעהאנדעלט די פראגען ערנסט. זיין אָפּ־האנדלונג איז מעהר א פערטהיידיגונג פון יודענטהום ווי אַן אטאַקע אויף דעם קריסטענטהום. זיין „בטול עקרי הנוצרים" איז איינגעטהיילט אין צעהן שערים אדער קאפּיטלען און יע־דער קאפּיטל בעהאנדעלט א בעזונדערע דאָגמע.

דער ערשטער קאפּיטעל רעדט וועגען דער זינד פון אדם הראשון און זיין בעשטראפונג. אין צווייטען קאפּיטעל ווערט גערעדט וועגען יעזוס'עס טוידט אלס ערלייזונג פון דער זינד. דער דריטער קאפּיטעל רעדט וועגען דער דריי־איינינג־קייט. דער פיערטער וועגען יעזוס'עס פערקערפּערונג. דאן וועגען מאריע. וואָס איז געבליבען א בתולה; וועגען דער בע־דייטונג פון דער טבילה־וואסער; וועגען משיח'ן און וועגען דער נייער תורה וואָס איז געגעבען געוואָרען.

## XX.

**די פאלעמישע ליטעראטור אין די דייטשע און די סלאווישע לענדער. ליפמאן מילהויזען און זיין „ספר הנצחון“. דער קאראאים יצחק בן אברהם טראקי. זיין קלאסישע ווערק „חזוק אמונה“. זיין קריטיק פון דעם „ברית חדשה“ און זיין איינפלוס אויף די קריסטליכע פריידענקער ווי וואלטער און דייוויד פרידריך שטרויס.**

---

די פאלעמישע ליטעראטור ביי די אידען אין די דייטשע און די סלאווישע לענדער האט זיך אנגעפאנגען צו ענטוויקלען פיעל שפעטער ווי צווישען די אידען פון שפאניען און דרום־פראנקרייך. דאס איז צו ערקלעהרען דערמיט וואס זייער פאליטישע און עקאנאמישע לאגע איז געווען אזוי שלעכט, אז זיי האבען ניט געהאט דעם מוטה און דעם נויטיגען געדולד ארויסצוטרעטען געגען די אלע פערלוימדער און די בעשמורצער פון יודענטהום, וועלכע האבען זיך דארטען. איבערהויפט אין דייטשלאנד, שטארק פארמעהרט. דערצו איז זייער קולטורעלער צושטאנד בכלל געווען אויף א ניעדריגערע מדרגה. זיי זיינען ווייניג געווען בעקאנט מיט דער פילאזאפיע פון יענער צייט און בלויז יחידי סגולה זיינען געווען בעקאנט מיט דער דאמאלסדיגער וויסענשאפטליכער שפראך, מיט לאטייניש. זיי האבען פשוט ניט בעזעסען די נויטהיגע וואפען צו אזא קאמפף. עס האט זיי געפעהלט דער נויטהיגער וויסען.

דער ערשטער פאלעמישער שרייבער פון דייטשלאנד, וועמעס שריפטען עס זיינען געבליבען, איז געווען ל י פ מ א ן

מילהויזען. ער איז געוועזן אַן עסטרייכער. ער האָט געלעבט אין ענדע פערצעהנטען און אין אנפאנג פופצעהנטען יאהרהונדערט אין קראקא און אין פּראג. אין יאָהר 1399 איז ער מיט פיעלע אנדערע אידען אריינגעוואָרפען געוואָרען אין תפיסה צוליעב א מסירה פון א געוויסען משומד פּעטער, אַז זיי האָבען בעליידיגט דעם קריסטענטהום. עטליכע און זיעבציג אידען זיינען צוליעב דער דאָזיגער מסירה ערמארדעט געווארען דורך פערברענען. מילהויזען איז געוועזן דער איינציגער, וואס האָט זיך גערעטעט פון טויט.

ליפּמאַן מילהויזען איז דער פערפאסער פון „ספר הנצחון“ (דער בוך פון זיעג). אין דעם דאָזיגען ספר פּאָלעמיזירט מילהויזען ניט בלויז געגען דעם קריסטענטהום און די קריסטליכע דאגמען, נאָר אויך געגען די קאראאימען און די אטהעאיסטען. זיין אַרט שרייבען און די גאנצע צוזאַמענשטעלונג פון דעם „ספר הנצחון“ שמעקט גאנץ שטארק מיט מגידות און א היבש ביסעל בטלנות. דאס איז א מין דרוש אויף יעדען טאָג, און יעדער דרוש פאנגט זיך אַן מיט א פּסוק.

ווי עס ווייזט אויס איז ער אָבער געוועזן גוט בעקאנט ניט בלויז מיט דעם „ברית חדשה“, וואס דאָס איז געוועזן א זעלטענהייט צווישען די דייטשע תלמודיסטען, נאָר אויך מיט דער אידיש־שפּאנישער פילאָזאָפיע. און ער ציטירט אָפט דעם רמב"ם, אבן עזרא, סעדיה גאון און אנדערע.

זיינע אַרגומענטען געגען קריסטענטהום זיינען גאנץ שטארקע, אָבער זיי זיינען צו־וואָרפען אָהן א סדר און אָ סיסטעם. זיין ארגומענט געגען יעזוס'עס געטליכקייט לויטעט: „אויב גאָט וואלט ווירקליך וועלען אראפּלאָזען זיך אויף דער ערד אין דעם געשטאַלט פון א מענשען, וואלט ער אין זיין אָל־קענען געקענט געפינען אַן אנדער וועג און ניט דארפען געבוירען ווערען דורך א פרוי“. וועגען דער קריסטליכער בעהויפּטונג, אַז יעזוס האָט מיט זיין טויט אויסגעלייזט פון אייביגער פערדאמונג די צדיקים פון די דורות וואס האָבען געלעבט פאַר איהם, פרעגט מילהויזען: „פאַר

וואס האט גאט אין זיין גוטסקייט ניט געמאכט, אז יעזוס זאל געבארען ווערען פריהער און פערשפארען די ליידען פון די פרומע פון יענע פיעלע דורות פאר א זינד, וואס זיי זיינען ניט בעגאנגען?"

דער „ספר הנצחון" איז איבערזעצט געווארען אין לאטיין און ער האט ארויסגערופען געגען זיך א גאנצע ליטעראטור. קריסטליכע בישאפען און קריסטליכע געלעהרטע האבען געפונען פאר נויטיג צו פערענטפערען זיינע קשיות און ווידערלעגען זיינע ארגומענטען.

דער וויכטיגסטער און דער בעדייטענדסטער פאלעמישער ספר געגען קריסטענטהום אין דער גאנצער העברעאישער ליטעראטור איז פערפאסט געווארען פון א קאראאים, יצחק בן אברהם טראקי.

יצחק בן אברהם איז געבארען געווארען אין טראקי, ווילנער גובערניע, אין יאהר 1533, און איז דארטען געשטארבען אין יאהר 1594. זיין רבי אין תנ"ך און אין דער העברעאישער ליטעראטור איז געווען דער געלעהרטער קאראאים צפניה בן מרדכי. די לאטיינישע און די פוילישע שפראכען מיט זייערע ליטעראטורען האט ער געלערענט פון קריסטליכע לעהרער. ער האט אויך געהאט א היבשע ידיעה אין דער פילאזאפיע און איז געווען גוט בעקאנט ניט בלויז מיט דעם „ברית חדשה", נאר אויך מיט דער קריסטליכער טעאלאגיע און מיט די לעהרען פון די אלע פערשיעדענע קריסטליכע סעקטען.

קומענדיג אין נאהענטער בעריהרונג מיט דער קריסטליכער אריסטאקראטיע, מיט זייערע געלעהרטע און גייסטליכע, דערצעהלט ער אין זיין הקדמה, איז איהם אפט אויסגעקומען צו הערען, ווי זיי פלעגען מאכען חוזק פון דער אידישער אמונה. איהם פלעגט אויסקומען צו הערען זייערע טענות געגען דעם יודענטהום און ווי זיי פלעגען זיך דערביי נאך שטיצען אויף פסוקים פון דער אידישער תורה און פון די אידישע נביאים גופא. דאס האט איהם בעוואויגען צו שרייבען זיין

ספר, וועלכען ער האט א נאָמען געגעבען „חזוק אמונה" (די פערשטאַרקונג פון גלויבען).

דער „חזוק אמונה" בעשטעהט פון הונדערט קאפּיטלען און איז איינגעטהיילט אין צוויי טהייל. אין די ערשטע דריי און פערציג קאפּיטלען זוכט דער מחבר צו פאַרענטפערן די אלע טענות, וואס די קריסטען האבען געגען דעם יודענטהום. פון דעם פיער און פערציגסטען ביז דעם פופציגסטען קאפּי־טעל שטעלט ער ארויס זיינע טענות געגען דעם קריסטענטהום. די לעצטע ניין און פערציג קאפּיטלען זיינען א קריטיק איבער דעם ברית החדשה, וואו דער מחבר פון דעם „חזוק אמונה" זוכט צו בעווייזען, אז די צוזאמענשטעלער פון דעם „ברית חדשה" זיינען געווען גרויסע פראסטאקעס און האבען פאַלש ציטירט די פסוקים פון דער תורה און פון די נביאים. א חוץ דעם זוכט ער צו בעווייזען, אז זיי זיינען זיך איינע די אנדערע סותר און ווייסען אליין נים וואס זיי ווילען.

דער „חזוק אמונה" איז א מייסטער־ווערק. די שפּראַך איז קורץ און לייכט. זיין קריטיק פון דעם ברית חדשה איז כמעט מאָדערנע וויסענשאפטליך. דער איינציגער פעהלער זיינער איז, וואס ער ווידערהאָלט זיך צו אָפט.

דער „חזוק אמונה" איז איבערזעצט געוואָרען אין לאטייניש, דייטש, ענגליש און אין אנדערע שפּראַכען און איז געוואָרען אן אונערשעפּליכער קוואַל פאַר די קריסטליכע פריידענקער. וואָלטער איז זיינע אטאַקען געגען דעם קריסטענטהום האט זיך בענוצט מיט די ארגומענטען און די קריטיק פון דעם מחבר פון „חזוק אמונה", וועמען ער ציטירט. דער קריסטליכער געלעהרטער און פאָרשער דייוויד פריעדריך שטרויס האָט זיך מיט איהם בענוצט אין זיין ווערק „דאָס לעבען פון יעזוס". דער „חזוק אמונה" האָט דורך דעם געקראָגען אן אלגעמיינע וועלט־בעדייטונג.

די תלמודישע אידען האבען גאר פאַרגעסען, אז דער מחבר איז א קאַראַאים, און האבען זיך אויף איהם ארויפ־געוואָרפען ווי אויף אן אבן טוב. דער „חזוק אמונה" איז גע־

ווארען א מין טעקסט־בוך פון פאלעמיקס געגען קריסטענ־טהום. אין מאנכע אויסגאבען איז אויסגעלאזען געווארען דער פאקט, אז דער מחבר איז געווען א קאראאים. אין דער לייפציגער אויסגאבע פון 1857 שטעהט אויפ'ן שער מ ר ב י י צ ח ק ב ן א ב ר ה ם, און אנשטאט „איש טראקי" האט מען אוועקגעשטעלט „איש קראקא". א תלמודישער שרייבער האט זאגאר אריינגעשמוגעלט אין טעקסט אויסציגע פון די תלמודישע שרייבער.

די ארגומענטען, וואס דער מחבר פון „חזוק אמונה" גע־ברויכט געגען די משיחות פון יעזוס'ען זיינען ניט קיין נייע. זיי זיינען אונז שוין בעקאנט פון די פריהערדיגע פאלעמישע שרייבער. די הויפט טענה בעשטעהט אין דעם, וואס מיט דעם אנקומען פון משיח'ן דארפען, לויט די הבטחות פון די נביאים, אלע מלחמות פערשווינדען. מיט דעם אנקומען פון יעזוס'ען זיינען די מלחמות און די בלוט־פערגיסונגען ניט נאך מעהר, נאך אפטער און נאך ברוטאלער. אויב מען זאל גלויבען אין די נביאים, און די קריסטען בעהויפטען דאך אז פערשוואונדען געווארען, נאר, אדרבא, זיי זיינען געווארען זיי גלויבען, דאן קען י ע ז ו ס ניט זיין דער ערווארטעטער משיח. נאך מעהר, יעזוס זאגט אויף זיך: „מיינט ניט, אז איך בין געקומען ברייגען פריעדען אויף דער וועלט. איך ברייגג דעם שווערד, וואס וועט פערנאנדערטהיילען א זוהן פון א פאטער, א טאכטער פון איהר פאטער און א שנור פון איהר שוויגער."

ווייטער פרעגט דער מחבר, „וואס פאר א שייכות האט יעזוס מיט דער פאמיליע פון דוד? שוין אפגערעדט דערפון, וואס זיין יחוס־צעטעל ווי עס ווערט אנגעגעבען פון מ א ט־ה ע א ו ס, שטימט ניט מיט דעם יחוס־צעטעל, וואס ל ו ק ו ס גיט אן, שוין אפגעזעהן דערפון, איז דאך דער דאזיגער יחוס־צעטעל דער יחוס פון י ו ס ף'ען, וועלכער איז אבער ניט דער פאטער פון יעזוס'ען. יעזוס איז דאך געבארען געווארען פון היילגען גייסט, ווען מרים איז נאך געווען א בתולה, טא וואס פאר א שייכות האט דער יחוס פון יוסף'ען, וועלכער איז ניט

דער פאטער פון יעזוס'ן, מיט יעזוס'ן ? (לפי זה אין יחוס יוסף מועיל ל י ש ו כלום). אויב מען זאל גלויבען אין די נביאים, און די קריסטען בעהויפטען דאך, אז זיי גלויבען, דאן קען יעזוס ניט זיין דער משיח, ווייל ער שטאמט ניט פון דער פאמיליע דוד.

די אידען ווערען בעשולדיגט, אז זיי האבען געפייניגט און געקרייציגט יעזוס'ען. פרעגט זיך: האבען זיי עס געטהאן מיט יעזוס'עס ווילען אדער געגען זיין ווילען ? אויב זיי האבען עס געטהאן מיט זיין ווילען, הייסט דאס עס, אז זיי האבען געטהאן דעם ווילען פון גאט, ווארום איהר קריסטען בעהויפטעט דאך, אַז יעזוס איז גאט. דערפאר קומט דאך זיי ניט צו בעשטראפען, נאר פארקעהרט, צו בעלוינען. אגב, אויב זיי האבען עס געטהאן מיט זיין ווילען, טא פאר וואס איז ער געוועזען אזוי טרויעריג און האט געבעטען, אז דעם דאזיגען כוס זאל מען איהם ניט געבען ? פאר וואס האט ער אויסגעשריען „גאט, מיין גאט, ווארום האסטו מיר פערלאזען ?" ווי קען גאט פערלאזען גאט ? אויב וויעדער די פייניגונגען און די קרייטציגונג איז געטהאן געווארען געגען זיין ווילען, און ער האט די אלע יסורים געליטען איבער געוואלט, טא וואס איז ער פאר א גאט, וואס קען זיך אליין ניט העלפען ? (חזוק אמונה, פרק מ"ז).

מען קען פרעגען די קריסטען: איהר גלויבט זעהר שטארק אין יעזוסען. אבער איהר גלויבט ניט אין די ווערטער פון איהם און פון זיינע שלוחים און איהר פאלגט ניט, וואס ער און זיי האבען אייך געלערענט. ערסטענס, ער רופט זיך אין ערגעץ ניט גאט. ער רופט זיך „מענשען־קינד", און איהר רופט איהם גאט, וואס ער האט אייך אין ערגעץ ניט בעפוילען. צווייטענס, יעזוס זאגט: מיינט ניט, אז איך בין געקומען צושטערען די תורה און די נביאים. איך בין געקומען זיי ערהאלטען. הימעל און ערד וועלען בטל ווערען און אפילו איין אות פון דער תורה וועט ניט בטל ווערן", און איהר גלויבט, אז משה'ס תורה איז בטל געווארען. דריטענס, ווען דער רייכער מאן האט געפרעגט יעזוס'ען, וואס דארף איך

טהאן כדי איך זאל זוכה זיין צום אייביגען לעבען, האט ער געענטפערט: היט די מצוות: מארד ניט, זיי ניט מזנה, זאג ניט קיין פאלשע עדות, גיב כבוד דיין פאטער און מוטער און ליעב דיין חבר ווי זיך זעלבסט. דערפון איז צו זעהן, אז יעזוס האט געפאדערט צו טהאן די מצוות אום זוכה צו זיין צום אייביגען לעבען, וועהרענד איהר גלויבט, אז נאר דורך גלויבען אין יעזוס'ען קען מען דאס ערררייכען. יעזוס האט געלערענט, אז מען גיט דיר א פאטש אין איין באק, זאלסטו איהם דערלאנגען די צווייטע באק, אז מען נעהמט ביי דיר דעם אויבער־ראק, גיב איהם אויך די העמד. איך האב נאך ניט געטראפען קיין קריסט, וואס זאל עס טהאן. (חזוק אמונה, פרק מ"ט).

אין דעם פופציגסטען קאפיטעל פערברייטעט זיך דער מחבר פון „חזוק אמונה" וועגען די דאזיגע פונקטען און זוכט צו בעווייזען, אז דער קריסטענטהום פון היינט איז אין גאנצען ניט דער קריסטענטהום פון יעזוס'ען. יעזוס האט קיינמאל ניט געהייסען גלויבען אין א דריי־אייניגקייט. יעזוס האט זיך אין ערגעץ ניט גערופען גאט. יעזוס האט אויסדריקליך פערבאטען צו מאכען געטצען. יעזוס האט קיינמאל ניט געזאגט, אז מען זאל פיינט האבען און נעהמען נקמה אן די אידען. פערקעהרט, ער האט פאר זיי תפלה געטהאן און האט געזאגט: פארגיב זיי, פאטער, זיי ווייסען ניט וואס זיי טהוען. יעזוס האט געהייסען זיינע נאכפאלגער צו פערקויפען זייערע נחלות און צוטהיילען צווישען ארעמע לייט. יעזוס האט געהייסען ליעב האבען די שונאים, בענשען די, וואס שילטען אייך. איך האב נאך ניט געטראפען א קריסט, וואס זאל עס טהאן."

פיעל אינטערעסאנטער איז זיין קריטיק פון דעם „ברית־חדשה", וועלכע האט נאך ביז היינטיגען טאג ניט פערלארען איהר ווערטה.

„דער „ברית חדשה" איז געשריבען געווארען בערך דריי הונדערט יאהר נאך יעזוס'עס טוידט. מ א ר ק ו ס און ל ו ־ ק ו ס האבען געשריבען זאכען, וואס זיי האבען געהערט פון

אַנדערע און ניט וואָס זיי האָבען אַליין געזעהן אָדער גע־הערט. ווי קען מען זיך דען אויף זיי פערלאָזען? אין פיעלע פּלעטצער זיינען זיך די שרייבער סותר איינע די אַנדערע, וואָס דאָס בעווייזט אויך, אַז זיי האָבען זייערע ידיעות ניט געקראָגען פון דעם זעלבען קוואַל. גאַנץ אָפט ברייגען זיי פּסוקים פון דער תורה און די נביאים אַנדערש ווי זיי זיינען געשריבען אין דער אמת'ען, וואָס דאָס בעווייזט, אַז דער ברית־חדשה איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען פון פּראַס־טאָקעס."

נאָך דער דאָזיגער הקדמה אָדער ווי ער רופט עס „הצעה", גיט דער מחבר אַ טיעפע און אויספיהרליכע קריטיק פון די פיער עוואַנגעליאומס, פון „די ווערק פון די שליחים", פון פּאול'ס עפּיסטלען און פון „יוחנן'ס זעהונג". ווי עס איז שוין בעמערקט געוואָרען, האָבען זיך מאַנכע פון די נייעסטע פאָר־שער בענוצט מיט פיעלע פּונקטען פון זיין קריטיק.